מרדכי באַומאַן

# אומקום און אויפקום

פובליציסטישע און
ליטעראַרישע עסייען

מרדכי באומאן

# אומקום און אויפקום

פובליציסטישע און
ליטעראַרישע עסייען

# אינהאַלט

# אַ וואָרט פאַר...

דאָס בוך וואָס מיר לייגן אייך פאָר "אויף וועגן פון אומקום און אויפקום", איז, ווי דער נאָמען זאָגט אייך אויס, אַ זאַמלונג פון אַרטיקלען און עסייען וועגן צוויי קעגנזעצלעכע שטראָמען וואָס האָבן פולסירט סך הכל אין איין לעבנס־שפּאַן פון אונזער דור.

וועגן חורבן און אומקום איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן. הונדערטער ביכער, ספרים און פנקסים, טויזנטער שריפטן און אַרטיקלען אין יידיש, טיילוויז אויך אין אַנדערע שפּראַכן האָבן זיך באַמיט צו געבן אַ בילד פון דעם פלאַנעט אוישוויץ (אַ געבאָרגטן אימאַזש פון דעם גרויסן כראָניקער ק. צעטניק) און זיינע סאַטעליטן טרעבלינקע, מיידאַנעק און אַנדערע, וואָס זיינען אויפגעגאַנגען און פאַרשוואונדן צוזאַמען מיט אונזערע נאָענטע און טייערע אין דעם פייער און רויך וואָס די דייטשן ימ"ש האָבן אָנגעצונדן.

אָפּטמאָל קען זיך דוכטן: צי קענען מיר נאָך וואָס צוגעבן צו דעם גרויסן שטראָם פון ווערטער און טרערן וואָס זיינען שוין אַרויסגעזאָגט און אַרויסגעוויינט געוואָרן וועגן אָט דער תקופה? צי דאַרפן מיר שוין נישט אַמאָל זאָגן, תם ונשלם! אָפּגעשלאָסן די תקופה!

עס וואָלט אָבער געווען אַ גרויסע עוולה, נישט אַזוי ווייט קעגן די נישט לעבעדיקע, ווי קעגן די נאָך לעבעדיקע, די ליידער שוין לעצטע רעשטלעך פון די שארית־הפליטה יידן, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי האָבן אויסגעהאַלטן און געבליבן לעבן אפשר דערפאַר ווייל זיי האָבן אפשר דורך אינטואיציע און איבערנאַטירלעכע טעלעפּאַטישע סיגנאַלן אויפגעכאַפּט דעם רוף פון דעם גרויסן קדוש שמעון דובנאָוו ע"ה ביים שוועל פון דער קרעמאַטאָריע, יידן פאַרשרייבט!

דער געדאַנק פון וועלן איבערגעבן דעם ווי אַזוי? מיט אַלע זיינע האַרץ רייסנדע קאָנוואולסיווע ניואַנסן און פּרטים, איז ווייט נישט לייכט. עס מאַטערט יעדן איינעם פון די וואָס זיינען "דאָרטן יאָ געווען"... צו דעשיפרירן דעם גרויסן פאַרוואָס? ווי אַזוי איז מעגליך געווען פאַר די אויגן פון דער גאַנצער א.ג. ציוויליזירטער וועלט אויסצומאָרדן מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן אָן איין פּראָטעסט געשריי פון דער אַרומיקער וועלט?

נישט קענענדיק זיך דערוואַרטן אויף דעם גרויסן ענטפער "פאַרוואָס"? און אַפילו זיך מייאש געווען צו קריגן אַזאַ ענטפער, האָבן די יידן, באַפרייטע און צעוואָרפענע איבער אַלע וועלט טיילן, אָנגעהויבן צו געשטאַלטיקן און בויען אַ ניי לעבן, מיט אַמעריקע אַלס דער גרעסטער יידישער צענטער. און מיט ישראל, אַלס דער גייסטיקער חשובער צענטער.

מיטמאַכנדיק פון מיין פריסטער יוגנט די סאָציאַלע און פּאָליטישע דיפערענצירונגען אין יידישן לעבן, זיינען מיר די פּראָבלעמען נאָך מיין באַפרייאונג פון די לאַגערן, שוין דאָ אין אַמעריקע, נישט געבליבן פרעמד.

אין מיין פּובליציסטישע טעטיקייט האָב איך זיך באַמיט, אויף וויפיל ס'איז מיר געלונגען, אַרויסצוברענגען מיין נאָענטע פאַרבינדונג מיט די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אידייען און פּרינציפּן וועלכע ווילן זען אַ שענערע און בעסערע וועלט אומעטום און אין אונזער אייגענעם יידישן לעבן בפרט.

נאָכן גרויסן נס פון דער אויפקום פון דער יידישער מדינה, האָב איך אין אַלע מיינע מאמרים, אַרטיקלען און אַרויסזאָגונגען, צעוואָרפן אין פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאַלן, פאַרטיידיקט דעם פּרינציפּ פון אָפּוואַרפן יעדן עקסטרעמיזם פון דעכטס און לינקס, אַפילו פאַר דעם הייליקן צוועק פון בויען דאָס לאַנד ישראל. דאָס זעלבע גילט אויך פאַר די פּראָבלעמען און פּרינציפּן מיט וועלכע די יידן לעבן אין די לענדער מחוץ ישראל.

טאַקע דערפאַר פיל איך פאַר נויטיק אויסצודריקן מיין אָנערקענונג און דאַנק דער פּאָפּולערער וועכנטליכער פּובליקאַציע "דער אַלגעמיינער זשורנאַל" אין ניו־יאָרק און זיין רעדאַקטאָר גרשון יעקבסאָן, וואָס אָפּהיטנדיק דעם פּרינציפּ פון פרייען זשורנאַליזם, האָב איך אויף די עמודים פון דער צייטונג כמעט זינט איר ענטשטייאונג מיט איבער 20 יאָר, געהאַט די מעגליכקייט צו נעמען שטעלונג און פאַרטיידיקן פּרינציפּן און אָנשויאונגען איבער קאַרדינאַלע פּראָבלעמען פון היגן און ישראל לעבן, וואָס זיינען נישט געווען אַלע מאָל אין הסכם מיט די אידייאישע און פּרינציפּעלע מיינונגען פון רעדאַקטאָר און דעם רוב פון די רעדאַקציע מיטגלידער. זיי האָבן אָבער דערמיט אַרויסגעהויבן די צייטונג פאַר אַ ווירדיקן אָרגאַן וואָס היט אָפּ דעם אידייאישן פּלוראַליזם אין דער יידישער געזעלשאַפט און דינט טאַקע דערמיט די בעסטע אינטערעסן פון כלל ישראל.

אַ גרויסער טייל פון די אַרטיקלען און עסייען זיינען איינגעשלאָסן אין דעם בוך. און אויב אַפילו דער קרייז לייענער פון אַ יידיש בוך איז ליידער נישט קיין גאָר גרויסער און קומט אָן אין ווייניקער יידישע היימען ווי לייענער פון דער יידישער פּרעסע (וואָס אויך דאָ, וואָלט נישט געשאַט צו האָבן אַ ביסל מער נחת...), וועלן מיר אָבער פאַרגיטיקט דערמיט, וואָס ביים קויפן און לייענען אַ יידיש בוך, ציען מיר ווייטער דעם פאָדעם פון זיין אין דער בכבוד'יקער ראָלע פון דעם עם הספר, פאַר וועלכן נישט איין אומה ולשון איז אונז מקנא. לאָמיר זיך נישט לאָזן דעגראַדירן צו פאַרלירן אָט די שטאָלצע עם־הספר קרוין.

און צום סוף, אַ האַרציקן דאַנק מיין ליבע פרוי שפרה און מיינע טייערע פריינד, וואָס האָבן מיך דערמוטיקט איינצוזאַמלען די מאמרים און אַרטיקלען דערשינען אין פאַרשידענע צייטשריפטן און צייטונגען אין אַ בוך, אונטער איין דאַך.

גלויבנדיק, אַז אויב אַפילו אַ טייל פון די מאמרים און אַרטיקלען קענען אויסהאַלטן דעם שטויב פון דער צייט, איז שוין כדאי געווען די מי. דאָס איבעריקע לאָזן מיר איבער צו דער אָפּשאַצונג פון לייענער פון דעם בוך.

**מרדכי באַומאַן**

**אין הייליקן אָנדענק פון אונזער שטעטל זשיראַרדאָוו**
**וואָס איז, צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע שטעטלעך**
**פאַרניכטעט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים ימ״ש.**

# אַ פּאָרוואָרט פון דר. העשיל קלעפּפיש

מיט מרדכי באַומאַן בין איך אויפגעוואַקסן צוזאַמען אין אונזער געבוירן־שטעטל זשיראַרדאָוו. דעמאָלט האָבן מיר אים געקענט ווי מרדכי בוימערדער. מיר זענען געגאַנגען אין חדר צוזאַמען. מיר האָבן געלערנט ביים זעלביקן גמרא־מלמד. צוזאַמען האָבן מיר געשטעלט אונזערע ערשטע טריט אין דער יידישער גייסטיקייט. ביי ביידע צוגלייך האָט זיך אויפגעוועקט דער אינטעלעקטועלער נייגער; און אין זעלבן טאָג, דאַכט זיך, האָבן מיר אָנגעהויבן צו פרעגן די קשיות, וואָס האָבן אונז געמאַטערט און געעקבערט. אין שטעטל האָט די קינדהייט נישט געדויערט לאַנג. אין די גאָר פריע יאָרן זענען מיר אויפגעוואַקסן.

מרדכי איז אַ זון פון אַ מיוחס׳דיקער חסידישער משפחה. זיין זיידע, ר׳ בונים שוחט, איז געווען דער האַרציקער בעל־תפילה אין שטעטל. הגם ס׳איז שוין אַזוי פיל צייט פאַרגאַנגען, רופט זיך נאָך אַלץ אָפּ אין מיר דער ווידערקול פון ר׳ בונים שוחטס תפילות אין די סליחות־פאַרטאָגן און אין די ימים נוראים. דאָס געפיל, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין זיין דאַווענען, דער זיפץ, וואָס ער האָט אויסגעזיפצט, דער ניגון וואָס ער האָט אַרויסגעברענגט, זענען אַריינגעדרונגען טיף אין דער נשמה. דער, וואָס האָט זיך צו זיי צוגעהערט, טראָגט זיי אינעווייניק אין זיך זיין גאַנץ לעבן; צוזאַמען מיטן דורכנעמענדיקן טיף־יידישן בת־קול, וואָס האָט זיך געטראָגן פון שטעטל.

אין אונזער פריער יוגנט, זענען אונזערע וועגן, מרדכי׳ס און מיינע, זיך פונאַנדערגעגאַנגען. מיינע עלטערן האָבן זיך געצויגן קיין וואַרשע, און איך בין מיט זיי אַוועק אין דער גרויסער שטאָט. מרדכי איז פאַרבליבן אין שטעטל. ער האָט מיטגעלעבט אַלע ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין זשיראַרדאָוו און אין דער יידישער קהילה. די סאָציאַלע, די ווירטשאַפטלעכע, די קולטורעלע, די אידעאישע. ער האָט זיך געפונען אין שטעטל, ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן. מיט זיין פרוי שפרה ־ מיינע אַ קרובה, די טאָכטער פון דער האָלצשטיין־משפחה, וואָס איז געווען פאַררעכנט צו די עלטסטע פאַרדינסטפולע יידישע פאַמיליעס אין זשיראַרדאָוו ־ האָט ער אַדורכגעמאַכט דעם שוידער און פיין פון נאַצי־חורבן אין שטעטל. מיט אַ נס זענען זיי פאַרבליבן לעבן.

מרדכי באַומאַן האָט וואָס צו דערציילן פון זיינע איבערלעבונגען. ער ווייסט אויך ווי אַזוי צו דערציילן. מרדכי באַומאַן איז מיטן לויף פון די יאָרן אויסגעוואַקסן ווי אַ גוט־באַקאַנטער זשורנאַליסט. ער אַרבעט מיט אַ ריי יידישע צייטונגען און זשורנאַלן. און ער האָט זיך דערוואָרבן פּאָפּולערקייט צווישן יידיש־לייענער. זיינע שילדערונגען צייכענען זיך אויס מיט דעם באַגאַזש דערפאַרונגען, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט.

גענוי ווי אַלע אַנדערע יידישע שטעטלעך פון דער וועלט פון נעכטן, איז אויך זשיראַרדאָוו אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער יידישער מאַפּע. דאָס שטעטל, וואָס האָט געררישט און געקאָכט מיט יידיש לעבן, וואו יידישע ענערגיע און שעפערישקייט האָבן געברויזט דורך אַ לאַנגער תקופה, געהערט שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט. דערפאַר איז אַזוי וויכטיק צו לייענען, וואָס מרדכי באַומאַן האָט פאַרצייכנט פון זיינע איבערלעבונגען. ס׳איז,ליידער, פון די צענדליקער און צענדליקער יאָרן יידישער געשיכטע, נישט פאַרבליבן מער ווי די כראָניק. אָבער טאַקע דערפאַר איז פאַר אונז די כראָניק אַזוי טייער און ווערטפול.

**העשיל קלעפּפיש**

# נישט פאַרגעבן, נישט פאַרגעסן

## (פון אַ רעפעראַט געהאַלטן אויף אַ יזכור אָוונט דעם 20טן מערץ, 1960, איינגעאָרדנט דורך דעם בוך קאָמיטעט אין ניו־יאָרק)

אין דעם גרויסן רייך־שטראָמיגן יידישן לעבן אין פוילן, האָט דאָס קליינע יידישע שטעטל געשפּילט אַ ביז־גאָר וויכטיקע ספּעציפישע ראָלע ביים אַרויסברענגען די פּראָבלעמען און טענדענצן, די באַגערן און פאַרלאַנגען מיט וועלכע עס האָט געלעבט און געאָטעמט דער גרויסער איבער דריי־מיליאָניקער יידישער ישוב אין פוילן, עס איז שוין פיל גערעדט און געשריבן געוואָרן, עס איז שוין כמעט אַ גאַנצע ליטעראַטור געשאַפן געוואָרן אַרום און וועגן דעם יידישן שטעטל.

דאָס האָבן דאָך אונזערע קלאַסיקער מענדעלע, שלום־עליכם און פּרץ געשעפּט זייערע אינספּיראַציעס און זייער טעמאַטיק, כמעט ווי טיילווייז אויך דורכאויס פון דעם יידישן שטעטל. און מיט וואָס פאַר אַ ליבע און פּיעטעט, האָבן אונזערע שפּעטערדיקע, גרויסע יידישע וואָרט־מייסטער, שלום אַש און וויסנבערג, אַרויסגעבראַכט דעם אידעאַליזם און ראָמאַנטיזם ביים שילדערן דעם פּאַטריאַרכאַלישן לעבנס־שטייגער, מיט וועלכן עס האָבן געלעבט און געאָטעמט די יידן אין די קליינע שטעט און שטעטלעך.

אַוודאַי האָבן מיר נישט איין מאָל רעוואָלטירט קעגן די אָנגענומענע באַגריפן און דעם גאַנצן לעבנס־שטייגער, וועלכער האָט אונז ווי פּרייוויליק איזאָלירט צו לעבן אין אַ אָפּגעשלאָסענעם געטאָ, ווי אויף אַן אינזל אין דעם גאַנצן גויאישן אַרום.

נישט איין מאָל האָבן מיר - זייענדיק באַווירקט פון די פרייהייטלעכע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע ווינטן, וועלכע האָבן דאַן אָנגעהויבן בלאָזן אויף דער יידישער גאַס, זיך מיטאַמאָל אָנגעהויבן פילן ענג, איזאָלירט, אָפּגעריסן פון דער אויסערלעכער וועלט. און מיט אַלע כוחות האָבן מיר געשטרעבט אַרויסצורייסן זיך פון דעם ענגן שטעטל, צו דער גרויסער פרייער וועלט.

מיר האָבן דאַן, אין אונזער נאַאיוויטעט, נישט געגלויבט און נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, אַז עס וועט קומען אַמאָל אַ צייט, ווען אָט די כלומערשט "פרייע וועלט" צו וועלכע מיר האָבן זיך אַזוי געריסן, און מיט אַזאַ דרך־ארץ צו איר אַרויפגעקוקט, וועט מיט אַ רואיקער גלייכגילטיקייט און נישט איין מאָל אויך מיט אַ פרעכער שאָדן פרייד, זיך צוקוקן ווי מיליאָנען מענטשן ;

הונדערטער טויזנטער ייִדישע קינדער; ווערן פֿאַר די אויגן פֿון אָט דער וועלט, געשאָכטן און געמאָרדעט.

מיר האָבן אין אונזער הייליקער נאַאיוויטעט געגלויבט, אַז די אייראָפּעאישע קולטור און ציוויליזאַציע, דאַרף זיין דער טויש, פֿאַר דעם סעקטאַנטיש־אָפּגעזונדערטן טראַדיציאָנעלן שטייגער־לעבן אין שטעטל. אין אונזער ווילדסטע פֿאַנטאַזיע אָבער, האָבן מיר זיך נישט געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז אָט די אייראָפּעאישע קולטור און ציוויליזאַציע, צו וועלכע מיר האָבן זיך אַזוי געריסן, וועט פֿאַר אונזערע אויגן ליגן אַזאַ באַליידיקטע און צעטראָטענע, שוין בלויז דערפֿאַר וואָס זי האָט נישט געטאָן דאָס מינדעסטע אין דער וועלט צו צוימען די דייטשע בעסטיע און אַפֿילו בלויז פּרוואון עפּעס טאָן פֿאַר אונזער רעטונג, טראָץ אונזערע פֿאַרצווייפֿלטע הילפֿס רופֿן, פֿון אַלע אונזערע אומקום סטאַציעס.

עס איז אַ באַדויערלעכער און טרויעריקער פֿאַקט. די פֿרייע וועלט איז געבליבן טויב און שטום צו אונזערע פֿאַרצווייפֿלטע רופֿן און ראַנגלענישן, מיט אונזער ביטערסטן שונא. שוין נישט ריידנדיק דערפֿון וואָס אין געוויסע קרייזן ביי אונזערע גאָר נאָענטסטע שכנים, האָט מען נאָך מיט אַ געוויסער סאַטיספֿיקאַציע זיך צוגעקוקט ווי מיר גייען אויס אין אונזערע לעצטע גסיסה ראַנגלענישן.

איז דאָך געוויס באַקאַנט דער פֿאַקט, אַז בעת די לעצטע הייזער אין דער וואַרשעווער געטאָ זיינען דורך די דייטשן אויפֿגעריסן געוואָרן און דאָס קליינע הייפֿעלע לעצטע געטאָ אויפֿשטענדלער, האָבן זיך פֿון די ברענענדיקע דעכער און הייזער געוואָרפֿן אויפֿן בריק, זיינען זיך ביי דער צווייטער זייט פֿון די מויערן, געשטאַנען מאַסן פּאָליאַקן און מיט אַ צינישער גלייכגילטיקייט זיך צוגעקוקט צו דעם "אַמוזירנדיקן" ספּעקטאַקל... פֿון דאָ און דאָרט האָט מען נאָך געקאָנט הערן די ווערטער: "זעט ווי די ייִדעלעך בראָטן זיך" דאָס זיינען ווערטער וועלכע האָבן זיך ווי מיט פֿייערדיקע אותיות אויסגעקריצט אויף די שטערנס פֿון אונזערע מיט־שכנים.

אמת, דאָ און דאָרט, האָבן זיך געפֿונען עטלעכע יחידים וועלכע האָבן אויסגעשטרעקט אַ ברידערלעכע האַנט צו די געיאָגטע און געפּייניקטע, די צאָל פֿון אָט די מענטשן איז אָבער געווען אַזאַ קליינע און די הילף אַזוי נישט אָנזעעוודיק אַז זי איז ממש פֿאַרטרונקען געוואָרן אין דעם גרויסן ים פֿון שנאה, און אין דעם בעסטן פֿאַל פֿון גלייכגילטיקייט אין וועלכן מיר זיינען געווען אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן.

פֿאַר די אַלע, אויף וועמענס גורל עס איז אויסגעפֿאַלן אַדורכצומאַכן דעם גאַנצן גרויל פֿון די נאַציסטישע פֿאַרפֿאָלגונגען, אַדורכצומאַכן טאָג טעגלעך דעם ביטערן געראַנגל פֿאַר דעם נאַקעטן לעבן, צו שטיין פּנים־אל־פּנים אַנטקעגן

די ווילדסטע סיטואַציעס און באַדינגונגען, צו וועלכע די מענטשלעכע פאַנטאַזיע קאָן זיך קוים פאַרטראַכטן, און צו זען דערביי די דעגרעדאַציע און צעפאַלנקייט פון דער גאַנצער מענטשלעכער מאָראַל, פאַר די אַלע, איז זייער שווער שלום צו מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז היינט, קוים פופצן יאָר נאָך דער פאַרענדיקונג פון דער מלחמה שטייען מיר פאַר אַזאַ סיטואַציע אַז די וועלט הייבט שוין אָן צו פאַרגעסן וועגן די גרויל־טאַטן פון דעם נאַציזם, וועגן די מאָרד־פאַבריקן פון אָשווענטשים, טרעבלינקע, מיידאַנעק, וועגן דער גאַנצער פאַרניכטונגס אינדוסטריע קעגן מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן אין אייראָפּע.

מיר יידן, די דירעקטע קרבנות פון דעם דייטשן היטלעריזם, די וועלכע האָבן געגעבן דעם גרעסטן בלוט־שטייער, אין דער פּראָפּאָרציע מער ווי וועלכעס עס איז פאָלק מיט דעם מורא׳דיקן ציפער 6 מיליאָן! דאַרפן שטיין אויף דער וואַך און נישט לאָזן איינשלאָפן דאָס געוויסן פון דער היינטיקער וועלט. מיר דאַרפן אויף זיך נעמען די ראָלע פון זיין די וועקער און מאָנער אין נאָמען פון די מיליאָנען פאַרפייניקטע און געטויטע, וועלכע האָבן זיכער אין זייערע שווערע לעצטע מינוטן איבערגעגעבן אונז אויסצופירן אָט די הייליקע שליחות, וועלכע דריקט זיך אויס אין די ווערטער: געדענק און נישט פאַרגעס!

זשיראַרדאָוו איז געווען אַ רינגעלע אין דער גרויסער קייט פון דעם לעבעדיקן, אימפולסיוון, יידישן ישוב אין פוילן. עס האָט אין אַ מיניאַטור פאָרם אויסגעדריקט אַלע טענדענצן, אייגנשאַפטן, שטרעמונגען, מיט וועלכע עס האָט געלעבט און געאָטעמט דאָס פוילישע יידנטום. נישט געווען אַ וועלכע עס איז פאָליטישע פאַרטיי אויף דער יידישער גאַס, וועלכע זאָל נישט האָבן מער אָדער ווייניקער, אירע אָנהענגער ביי אונז אין שטאָט. חסידים און אַפיקורסים, פרייע ווי פרומע, נאַציאָנאַליסטן און קאָמוניסטן, אַלע האָבן זיך באַמיט צו קומען צום וואָרט און אויסשפרייטן זייער השפעה אויף דעם געזעלשאַפטלעכן גייסטיקן לעבן, פון די יידן אין שטאָט. כמעט אַלע באַדייטנדע רבי׳שע הויפן האָבן דאָ געהאַט זייערע אָנהענגער וועלכע זיינען געווען אָרגאַניזירט אין די היגע שטיבלעך, וואו מען איז זיך צענויפגעקומען, געדאַוונט, געלערנט, געפראַוועט מלוה מלכות און רבי׳שע יאָרצייטן. און ווען מען האָט געדאַרפט, האָט מען זיך אויך געמישט אין שטאָטישע ענינים, ווי ביים אויסקלייבן אַ רב, אַ חזן, א.א.וו.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז אין די דרייסיקער יאָרן, איניקע יאָר פאַר דעם אויסברוך פון דעם קריג, האָבן מיר מיטגעמאַכט אַ גאַנץ געשמאַקן קאַמף, ביים אויפנעמען אַ נייעם מורה הוראה אין שטאָט. און אַזוי ווי מיר האָבן דעמאָלט שוין געלעבט אין אַ פאַרגעשריטענע צייט, איז אויך דער קאַמף

געווען אַ העכסט מאָדערנער, און גענוג טומלדיקער, מיט וואַלן, שטים צעטלען, א.א.וו.

כאַרעקטעריסטיש, אַז צומאָרגנס, נאָך די וואַלן, האָט מען אין דער וואַרשעווער בונדישער פאָלקס־צייטונג, געקענט לייענען אַ קאָרעספאָנדענץ פון זשיראַדאָוו, (געשריבן וואַרשײַנלעך פון אַ היימישן בונדיסט ביי אונז אין שטאָט) אַז די זשיראַדאָווער פועלי ציון (רעכטע) בשותפות מיט דער "מזרחי" האָבן אַדורכגעפירט ביי די וואַלן אַ רב, וועלכער האָט צוגעזאָגט צו שטיצן אַלע סאָציאַליסטישע אַקציעס ביי אונז אין שטאָט...

למען האמת, מוז מען זאָגן, אַז טראָץ דער פאַרהעלטניסמעסיקער קליינער קיבוץ פון 500־600 יידישע פאַמיליעס, זיינען מיר אָבער בנוגע געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן, כמעט שטענדיק פריי געווען פון אַזוי גערופענעם קליינשטעטלדיקן פראָווינציאַנאַליזם מיט וועלכע עס האָבן זיך אויסגעצייכנט אַפילו גרעסערע יידישע ישובים ווי זשיראַדאָוו.

עטלעכע סיבות האָבן צוגעווירקט דערצו, פון איין זייט, וואָס געאָגראַפיש, האָבן מיר זיך געפונען צווישן די צוויי גרעסטע שטעט אין פוילן, וואַרשע ־ לאָדזש, וועלכע האָבן מיט זייער גרויסשטאָטישן פאַרנעם משפיע געווען אויף די אַרומיקע שטעטלעך און אפשר אויך דערפאַר, וואָס אין קעגנזאַץ צו אַנדערע שטעטלעך אַרום, איז די עקאָנאָמישע באַזע פון זשיראַרדאָוו געווען אַ גרויסשטאָטישע און סטאַבילע, אַ דאַנק די טעקסטיל פאַבריק וועלכע האָט באַשעפטיקט קרוב צו 10 טויזנט אַרבעטער. עס האָט געגעבן גרויסשטאָטישער שוואונג און פאַרנעם פאַר דער שטאָט אַלס גאַנצעס און בתוכם, אויך דעם יידישן סעקטאָר אַלס אַזעלכן.

אַזוי־צי־אַזוי, יעדנפאַלס אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין זשיראַדאָוו, אויף וויפל איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו קענען עס זען פון דער נאָענט אין משך פון די לעצטע פופצן יאָר, ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה האָבן די געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן ווייט אַריבערגעשטיגן די פּראָפּאָרציע פון דער קליינער יידישער באַפעלקערונג און דער קולטורעלער ניוואָ איז שטענדיק געווען אויף אַ געהעריקער הויך.

און זאָל דאָ געזאָגט ווערן: מיר קאָנען זיך אפשר נישט יחוסן מיט קיין גרויסע נעמען פון שרייבער, געלערנטע, רבנים און אַנדערע ווי עס האָבן אָפטמאָל געהאַט קלענערע יידישע שטעטלעך. מיר האָבן פאַר דער יידישער כראָניק געשיכטע, נישט געליפערט קיין נעמען פון קיין וועלט־פאַרנעם, דאַקעגן אָבער, האָבן מיר זיך אויסגעצייכנט אויפן געביט פון לערנען, לייענען און שטרעבן.

דאָס איז אָבער געווען נישט בלויז אין דער מאָדע ביי אונז אין זשיראַדאָוו, נאָר דער גאַנצער לעבנס־שטייגער פון די שטעט און שטעטלעך צו יענער צייט, איז געווען אַוועקגעשטעלט אויפן יסוד פון איגנאָרירן אָפּטמאָל די גרויע טאָג־טעגלעכע ווירקלעכקייט און שטרעבן צו אַ נייער בעסערער וועלט. און כאָטש די דיפערענצירונגען און די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אויפפאַסונגען זיינען שוין געווען זייער פאַנאַנדערגעטיילט, האָט אָבער איין געמיינזאַמער שטריך פאַראייניקט סיי דעם בית־המדרש־ייִד, וועלכער האָט אין דער פרייער צייט זיך באַמיט אַריינצוכאַפּן אַ בלאַט גמרא, סיי די יוגנט אין די ביבליאָטעקן, דראַמאַטישע קרייזן און אָרגאַניזאַציעס. דער געמיינזאַמער ווילן איז געווען ווי אונזער גרויסער פּרץ האָט זיך אויסגעדריקט: אַריינצוברענגען דאָס שבת־יום־טוב׳דיקייט אין דער גרויער טאָג־טעגלעכער ווירקלעכקייט.

דורך פאַרשיידענע וועגן און קאַנאַלן, איז דאָס ייִדישע לעבן דאַן געפלאָסן. ווען איר זייט אַרויסגעקומען אין אַ שבת פאַר מיטאָג אויף די הויפּט גאַסן פון שטאָט, ווי וויסקיצקי, פּאַבריטשנע און אַנדערע גאַסן וועלכע זיינען געווען באַוואוינט דורך די ייִדישע באַפעלקערונג און איר האָט באַמערקט ווי כמעט אַלע געשעפטן זיינען פאַרמאַכט, און אַ שבתדיקע אידילישע שטילקייט האָט געהערשט אַרום, וועלכע איז נאָר איבערגעריסן געוואָרן ווען די ייִדן האָבן נאָך דעם ענדיקן דאָס שבתדיקע דאַווענען גרופּנווייז און מיט רעש זיך געלאָזן אַ היים, דאַן האָט זיך אייך געקאָנט אויסדאַכטן אַז די שול, דאָס בית־המדרש, האָט באַהערשט די גאַס. דאָס בילד האָט זיך אָבער אין אַ שעה־צוויי, פולשטענדיק געביטן, ווען דורך די זעלבע גאַסן און געסלעך האָבן אַדורכשפּאַצירט מאַסן יוגנטלעכע פון די אָרגאַניזאַציעס און פאַראיינען און שפּעטער גרופּנווייז אויפגעהייטערט פריילעכע אין דער ריכטונג פון די צוויי וועלדער וועלכע האָבן אַרומגערינגלט אונזער שטעטל: דער סקירניעוויצער און דער שוואַרצער וואַלד. די צוויי וועלדער זיינען ספּעציעל אין די זומער מאָנאַטן פאַרוואַנדלט געוואָרן פאַר אַ טרעף־פונקט נישט בלויז פאַר דער שטעטלדיקער באַפעלקערונג, נאָר אויך פאַר די געקומענע פון די שכנות׳דיקע שטעטלעך: ווי סקירניעווין, גראָדזיסק, אַמשינאָוו, וועלכע זיינען געקומען צו גאַסט אין אונזערע וועלדער, אַזוי ווי מיר זיינען אָפּטמאָל געקומען צו גאַסט צו זיי.

און כאָטש גרינע ביימער מיט אַ בלויען הימל פון אויבן, מיט אַ צערוישטע היימלעכע יוגנט פון ייִנגלעך און מיידלעך, איז ווייט נישט דאָס אידעאַלע אָרט אויפצונעמען קיין שווערע פּראָבלעמען און פראַגן, אָבער דאָך, ווען ביימער וואָלטן געקענט ריידן, וואָלטן זיי געקענט פאַרציילן וועגן גאַנץ אינטערעסאַנטע רעפעראַטן און וויכוחים וועלכע זיינען זייער אויפמערקזאַם אויסגעהערט געוואָרן, דווקא דורך אָט די היימלעכע און לעבנס־לוסטיקע

יינגלעך און מיידלעך, וועלכע, עס איז מיין פערזענלעכע איבערצייגונג לעבנדיק מיט זיי אַזוי פיל יאָרן, אַז זיי האָבן אין זיך געהאַט די וואונדערבאַרע סינטעזע פון זיין שפּילעוודיק און לייכט אין זייער ערנסט, און ערנסט און געצוימט אין זייער לייכטקייט.

עס איז ווייט נישט קיין צופאַל וואָס אין דעם שפּעטערדיקן אויפשטאַנד אין דעם וואַרשעווער געטאָ, ווערן פיר בחורים פון אונזער שטעטל פּראָמינענט אַרויסגעהויבן דורך די געשיכטע שרייבער פון דעם געטאָ אויפשטאַנד, אַלס די, וועלכע זיינען געשטאַנען אין די פאָדערשטע פּאָזיציעס אין דעם העראָאישן קאַמף.

איך האָב אָט די בחורים געקענט זייער נאָענט און איך האַלט עס פאַר אַ פערזענלעכן זכות צו האָבן מיטגעווירקט אין זייער פּאָליטישער געזעלשאַפטלעכער אויסשולונג אין דער יוגנט באַוועגונג "פרייהייט" ביי דער פּועלי ציון פּאַרטיי אין זשיראַדאָוו.

זיינען עס דאָך געווען פּשוטע יינגלעך פון פאָלק, וועלכע האָבן אין די גרול׳דיקע שעה׳ן פון זייער לעבן באַוויזן אַזוי שיין צו פאַרטיידיקן זייער פערזענלעכן כבוד און דערמיט אַרויסגעהויבן דעם אָנזען און אָנערקענונג פון אונזער שטעטל אויף אַלע צייטן.

אַוודאי וואָלטן מיר אויך ווייטער געשפּינען דעם פאָדעם פון אונזער קיום און המשך, ווען נישט די שוואַרצע וואָלקנס וועלכע האָבן דאַן זיך אָנגערוקט אין דעם שיינעם, ליכטיקן, שפּעטן האַרבסט אינעם יאָר 1939.

מיטן אַריינמאַרש פון די דייטשע טרופּן אין אונזער שטעטל איז באַלד געווען פאַרבונדן די גרויסע טראַגעדיע פון אַרויסטרייבן כמעט די גאַנצע יונגע מענערישע באַפעלקערונג אַזש ביז הינטער ברעסלאוי. נישט אַלע זיינען צוריק געקומען פון אָט דעם "מאַרש". מיר האָבן דאַן געליפערט אונזערע ערשטע קרבנות פון שטאָט. שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן גזירות און רדיפות וועלכע האָבן געהאַט דעם איינציקן צוועק צו דערנידעריקן און באַליידיקן און שטעלן אונז אין אַ הפקר׳דיקע לאַגע ווי מענטשן וועלכע זיינען אויסערן געזעץ. פון די ביז איצטיקע, פאַרהעלטניסמעסיקע גוטע שכנות׳דיקע באַציאונגען מיט די פּוילישע באַפעלקערונג, זיינען פון די ווינקלעך אַרויסגעקומען פּאָליאַקן פון דייטשער אָפּשטאַמונג און נעמענדיק זיך צו הילף דייטשע זעלנער, האָט מען אויפגעריסן יידישע געשעפטן, אַרויסגעוואָרפן אויפן בריק די סחורות, פאַר דעם צעיושטן המון אויסוואורפן, וועלכע האָבן אויפגעכאַפּט דעם רויב און אַנטלאָפן אין זייערע נאָרעס.

דאַן האָבן זיי צוגעטראַכט צו מאַכן ביי אונז אַ געשלאָסענע געטאָ צוזאַמען מיט אַ פּאָר יידישע שטעטלעך אַרום זשיראַדאָוו.

אָפּטײלנדיק אַ פּאָר גאַסן האָט מען דאָרט צענויפגעדריקט די ייִדישע באַפּעלקערונג, צוגעבנדיק נאָך דערצו אויך די אַרײַנגעטריבענע פון די שכנותדיקע שטעטלעך. אין יעדער שטוב האָבן זיך ממש געפונען אַ פּאָר פאַמיליעס. צום לויב פון אונזער שטעטל מוז מען זאָגן, אַז מיר האָבן מיט ברידערלעכער האַרציקייט אויפגענומען אין אָט יענע שווערע טעג און מאָמענטן, די אַרײַנגעקומענע פרעמדע פון אַרום. מען האָט זיך געטײלט מיט יעדער שפּאַן ערד און זיך באַמיט ווי עס איז, אַדורכצוקומען אין די אומדערטרעגלעכע באַדינגונגען אין וועלכע מיר האָבן זיך געפונען.

און וואַרשײַנלעך, וואָלטן מיר זיך אויך צו אָט די צרות און שווערע אומשטענדן צוגעוואוינט. אונזער וויטאַליטעט און עקשנות וואָלטן אונז אפשר צוגעהאָלפן איבערצולעבן די שווערע צײַטן, ווען, ווען עס וואָלט נישט געקומען דער לעצטער קלאַפּ און די שווערע גזירה פון ליקווידירן די שטעטלעך און אַרײַנטרײַבן די ייִדן אין דער וואַרשעווער געטאָ.

מיטן אָנקומען אין דער וואַרשעווער געטאָ איז דער זשיראַדאָווער קיבוץ אַלס אַזעלכער געוואָרן ליקווידירט. מיר האָבן פון צײַט־צו־צײַט אָנגעהאַלטן דעם פּערזענלעכן קאָנטאַקט און זיך צענויפגעקומען אין פּריוואַטע הײַזער, פון זשיראַדאָווער לאַנדסלײַט און פרײַנט.

דער הונגער, קראַנקהײטן, עפּידעמיעס, האָבן אויף אַ מורא׳דיקן אופן שיטער געמאַכט די רייען פון די נאָענטסטע און היימישע פון אונזער שטעטל. טאָג־טעגלעך, האָט מען זיך איבערגעגעבן נעמען פון באַקאַנטע און פרײַנט, יונגע און אַלטע, וועלכע זײַנען אויף אַ שטילן אופן אַוועק אין דער אײביקייט. רעזיגנירטע, האָבן מיר אויפגענומען אָט די נײַעסן אין דער דערוואַרטונג, אַז מאָרגן, אָדער שפּעטער, וועלן מיר אַלע טײלן דעם זעלבן גורל.

אָבער אָט איז צו אונז דערגאַנגען, אַ ידיעה, וועלכע האָט אונז ספּעציעל שווער געטראָפן. געווען ביי אונז אין שטאָט אַ יונגער מענטש, וועלכער האָט אין די שווערע באַדינגונגען, הן מאַטעריעלע, הן מאָראַלישע, פאַר דער ייִדישער שטודירנדיקער יוגנט אין פּוילן, באַוויזן צו שטודירן מעדיצין און האַרט פאַר דער קריג געקראָגן זײַן דאָקטאָר דיפּלאָמע. זײַן נאָמען ־ אברהם נײמאַן, אַ זון פון דעם בעקער ־ משה נײמאַן.

די וועלכע זײַנען געקומען מיט אברהם נײמאַן אין פּרזענלעכן קאָנטאַקט, זײַנען געווען פול מיט לויב און אָנערקענונג פאַר דער פּערזענלעכער אינטעליגענץ און אײדלקייט, מיט וועלכער דער מענטש איז געווען באַשאָנקען. נאָכמער איז דאָס געקומען צום אויסדרוק, בעת ער האָט געטײלט דאָס גורל פון אַלעמען און צוזאַמען מיט דער פאַמיליע אַרײַנגעטריבן געוואָרן אין דעם וואַרשעווער געטאָ. ער האָט גלייך באַקומען אַ פּאָסטן אין דעם ייִדישן שפּיטאָל אויף טשיסטא, וואו ער האָט, אַ דאַנק זײַנע קוואַליפיקאַציעס

און פּעאיקייטן, און דער עיקר: אַ דאַנק זיין פּערזענלעך מסירת־נפש׳דיקער איבערגעגעבנקייט צו זיינע פּליכטן, געוואָרן איינער פון די אָרדינאַטאָרן אין שפּיטאָל. אין משך פון אַ קורצער צייט, האָט ער באַוויזן צו ווערן דער ליבלינג פון די קראַנקע אין שפּיטאָל און בכלל מיט אַלע, מיט וועמען ער איז נאָר געקומען אין ווערלכן עס איז קאָנטאַקט.

איז אָט, האָט מען זיך איבערגעגעבן אַז דער איידעלער אברהם ניימאַן, איז אויך שוין מער נישטאָ. זיך אָנגעשטעקט מיט טיפוס ביים דערפילן זיין פליכט אַלס דאָקטאָר און געשטאָרבן. זיין טויט האָט אַרויסגערופן אַן אויסערגעוויינלעכן רושם אַפילו אין דער וואַרשעווער געטאָ, וואו דער טויט איז געווען אַן אָפּטער און היימישער גאַסט. אויף זיין לוויה, איבער די אָפּגעשלאָסענע וואַרשעווער גאַסן, זיינען מיטגעגאַנגען טויזנטער מענטשן ווערלכע האָבן אויפּריכטיק געוויינט אויף דעם גרויסן פאַרלוסט.

צוזאַמען מיט די טויזנטער באַגלייטער, איז אויך געווען אַ קליינינקע גרופּע פון זשיראַרדאָווער לאַנדסלייט און חברים, וואָס האָבן מיט אים געטיילט יאָרן פון פריינטשאַפט און געמיינזאַמע חלומות פאַר אַ שיינע און ליכטיקע וועלט, און אָט זעען מיר פאַר זיך דעם לעצטן, מורא׳דיקן סך־הכל פון אונזערע יוגנט פאַנטאַזיעס.

צוזאַמען מיט אונזער אַזוי יונג־פאַרשניטענער קהילה, צוזאַמען מיט די טויזנטער קדושים פון אונזער שטאָט וועמענס שאָטנס מיר האָבן היינט מיט אַזוי פיל ציטער אין האַרצן אַרויסגערופן, און צו וועמענס כבוד און ליכטיקן אָנדענק מיר האָבן זיך דאָ היינט פאַרזאַמלט, זאָל זיין נאָמען און זייערע אַלעמענס נעמען זיין געבענטשט לדור דורות.

# פסח אין אָראַנענבורג-זאַקסענהאוזען, 1945

יעדעס יאָר מיטן דערנענטערן זיך פון יום־טוב פסח, הויבן אָן אויפטויכן אין זיכרון דערמאָנונגען, זכרונות, פאַרגלייכונגען פון אַמאָליקע יום־טוב׳דיקע טעג, ווען פסח דער קעניג פון אַלע יידישע־יום־טובים ווערט מיט אַזוי פיל פּאַראַד און פרייד, אָפּגעהיט און געפייערט, אַלס אַ המשך פון טויזנטער יאָרן, ווען אַ פאָלק איז אַרויס מעבדות לחרות, און באַשלאָסן מיט אַ ריטואַל און סדר צו דערמאָנען יענע אַמאָליקע פאַרשקלאַפטע יאָרן.

ס׳איז אָבער אויף אונזער דור אויסגעפאַלן צונויפצופּאָרען דעם אל־יידיש־פעלקערליכן באַפרייאונגס יום־טוב פסח, מיט יחידישע דערמאָנונגען, איבערלעבונגען און זכרונות פון אַ סך שארית־הפליטה יידן, וועלכע האָבן זיך אין די יום־טוב׳דיקע פסח טעג, מעג עס שוין זיין אַפילו פון אַ דיסטאַנץ פון מער ווי 40 יאָר, געפונען זיך העט ווייט אָדער טיף אין דעם שלאַנגען נעסט פון דעם עמק הבכא, און דאָרט האָבן זיי, אויב זיי האָבן נאָך געהאַט אין זיך דעם מאָראַלישן און פיזישן כוח, צו פאַרבינדן זייער דעמאָלטדיקן היינט, מיט אַ געשיכטלעכע אַסאָסיאַציע פון ווערן אויסגעלייזט פון אַ קנעכטיש לעבן; איז פסח געווען אַ געבענטשטע דערמאָנונג און אינספּיראַציע.

וועגן איינעם אַזאַ פסח ווילט זיך דערמאָנען. פסח 1945 אין אָראַנענבורג־זאַקסענהאוזען.

ווי שוין דערמאָנט ביי אַן אַנדער געלעגענהייט, איז אויף מיין גורל אויסגעפאַלן צו שפּילן די ראָלע פון אַ תינוק שנישבה לבין הגויים, מיט דעם אונטערשיד בלויז וואָס געווען איז עס שוין אין די דערוואַקסענע יאָרן, און געדאַרפט האָט עס הייסן אַז כ׳בין אַ גוי ווי אַלע גויים...

געווען איז עס שוין אויך נאָך אַ מסירה פון אַן אוקראַאינישן שייגעץ - וועלכער האָט איבערגעגעבן די לייטונג פון דער פאַבריק אין בערלין וואו מיר (איך און די פרוי מיינע) האָבן געאַרבעט נאָכן פאַרכאַפּן אונז אויף דער אַרישער זייט אין וואַרשע, און געוואָרן פאַרשיקט צוזאַמען מיט אַ פאַרטיע פּאָלאַקן אויף צוואַנגס אַרבעט אין בערלין - אַז דער סטאַניסלאַוו סאשינסקי, וועלכער טראָגט אויף זיינע לאַטצען, ווי אַ סך אַנדערע פּאָלאַקן אַ פּוילישע סם, איז דאַכט זיך אים אויס נישט קיין כשר׳ער פּאָלאַק...

געקראָגן דורך דער לייטונג פון דער פאַבריק ״אַן איינלאַדונג״ פון דער געסטאַפּאָ אין בערלין צו קומען אויף אַ פאַרהער, האָבן מיר, איך און די פרוי מיינע אויף וועמען ס׳איז דערווייל נישט געפאַלן קיין חשד אין דער פאַבריק אויף איר כשר פּוילישקייט, אַז די איינציקע קאָרט אויף וועלכע עס אונז געבליבן צו שפּילן, איז די חוצפה׳דיקע קאָרט פון להד״ם, נישט געשטויגן און נישט געפלויגן! מיר זיינען ריינע כשר׳ע אריער! אַ באַווייז, די הונדערט

פראָצענטיק אַרישע פּאַפּירן וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט פון פוילן, ווי אויך אַ רעגולערער בריוולעכער קאָנטאַקט מיט אַ פרומער קאַטוילישער פרוי ביי וועלכע מיר האָבן געוואוינט אין אַ שטעטל הינטער וואַרשע (פּרושקאוו), וועלכע וועט זיכער עדות זאָגן וועגן אונזער אויטענטישער "אַרישקייט" אויב מיר וועלן זיך פאַרופן אויף איר עדות זאָגן. די סיבה פון אונזער זיכערהייט איז געווען ווייל די קאַטוילישע פרוי האָט באמת געגלויבט אַז מיר זיינען "כשר'ע" פּאָלאַקן.

פאַרשטענדליך, אַז ווייט נישט מיט קיין לייכט געמיט האָב איך זיך צום באַשטימטן טערמין צוגעשטעלט צו דער "געסטאַפּאָ" קוואַרטיר אין בערלין. צום ערשטן בין איך געווען דערשטוינט און איבערראַשט פון דער איבערגעטריבענער "העפליכקייט" מיט וועלכע דער געסטאַפּאָ באַאַמטער האָט אויפגענומען מיין "קעיס". זיך ברייט און באַקוועם אַריינגעזעצט אין אַ דריי בענקעל וואָס האָט זיך באַוועגט אין אַלע זייטן. איינגעלאַדן אויך דעם "קרבן" זיינעם, צו זעצן זיך אַנטקעגנאיבער, און דורך אַ יונגע פרוי, אַ דאלמעטשערין וואָס האָט איבערגעזעצט פון פויליש אויף דייטש, ווייל געלערנט פון דערפאַרונג אַז ס'איז זיכערער פאַר אַ "פּאָלאַק" נישט צו קענען קיין אַנדערע שפּראַך אויסער פויליש.

מיט איבערגעטריבענער זיסער אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט מיינע ענטפערס אויף זיינע פראַגן, און געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט געווען געוואַלדיק פאַראינטערעסירט נאָר בלויז מיר צו העלפן אַרויסצוקריכן פון אָט דער אומבאַקוועמער סיטואַציע, וואו אַן אָרימער פוילישער אַרבעטער האָט זיך עפּעס "פאַרפּלאָנטערט" מיט דער געסטאַפּאָ...

אָבער אין טראַנס פון אָט דער שעה'דיקער אויספאָרשונג, וואָס האָט זיך אויסגעדאַכט ווי אַן אייביקייט, האָב איך שוין אָנגעהויבן פילן ווי אַ קליין מייזל וואָס אַ קאַץ שפּילט זיך דערמיט פאַרן איינשלינגען. אויס־נוצנדיק די געלעגנהייט וואָס דער געסטאַפּאָוויעץ האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין אַ וועסטל קעשענע אַרויסצונעמען אַ שיינעם פינקעלדיקן זייגער, צו זעען ווי שפּעט ס'איז, האָב איך דורך דער איבערזעצערין, אין אַ גאַנץ נאַאיוו אומשולדיקן טאָן, זיך געפרעגט צי קען איך שוין אפשר גיין אַ היים? אַ סאַרקאַסטיש ברייט שמייכעלע האָט זיך צעגאָסן אויף דעם אָנגעפּרעסענעם פּרצוף פון דעם געסטאַפּאָוויעץ, "אַך יאָ, זיכער וועסטו באַלד גיין אַ היים"! דו וועסט נאָר דאַרפן אַדורך מאַכן אַ קליינע פּראָצעדור דורך אונזער אויבער שאַרפירער, אַ מעדיצין דאָקטאָר, וואָס דאַרף געבן זיין 'אָ־קיי.' יאָ, עס וועט זיין אַלעס גוט", האָט ער אַרויפגעלייגט זיין טרייפענע לאַפּע אויף מיין אַקסל און מיך איבערגעגעבן צו אַ צווייטן געסטאַפּאָוויעץ וואָס האָט מיך געדאַרפט איבערפירן צום אויבער שאַרפירער, דעם מעדיצין דאָקטאָר.

איבעריק צו זאָגן, אַז אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַגלייט דעם וועג, ביז דעם עק פון אַ לאַנגן קאָרידאָר, וואו דער דייטשער אָפיציר דער מעדיצין דאָקטאָר האָט שוין געוואַרט אויף מיר אין זיין ביוראָ.

אין די קורצע איבערגאַנגס מינוטן, ביז צום אָנקומען אין דאָקטאָרס קאַבינעט, האָט איין פראַגע געעגבערט אין מיין מוח און מיר נישט געגעבן קיין רו, ווי קומט עס, וואָס איך האָב די גאַנצע צייט פון קריגן די אויפפאָדערונג צו קומען אויף דער ״געסטאַפּאָ״ ביז צום איצטיקן מאָמענט, נישט געטראַכט, אַז דער פינאַל קען זיין אַ מעדיצינישער אונטערזוכונג, וואָס קען זיך דאָך ענדיקן זייער פאַטאַל? שפּעטער ערשט, אין פערספּעקטיוו פון צייט, האָב איך איינגעזען אַז דער שר פון שיכחה האָט מיט מיר דעמאָלט געטאָן אַ גרויסן חסד... איבעריגענס, נישט געווען קיין סך צייט צו טראַכטן דערוועגן, ווייל אָט האָב איך זיך שוין געפונען אין דאָקטאָרס קאַבינעט.

צוויי זיינען דאָ געווען, אין ווייסע לאַנגע כאַלאַטן און פולן מיליטערישן אוניפאָרם. דער ערשטער, אַ הויכער לאַנגער אָפיציר, מיט קורצע שוואַרץ געשוירענע וואָנצעס אַ־לאַ היטלער, גרויסע דורכדרינגלעכע שוואַרצע אויגן, פאַרשטעלט מיט אַ פּאָר דיקע אויגן גלעזער, ווי ער וואָלט געווען קורצזיכטיק, באַהאָנגען מיט פאַרשידענע מעדאַלן און אויסצייכענונגען, וואָס האָבן שימערירט אויף דעם שניי ווייסן מעדיצינישן כאַלאַט. דער צווייטער, עטוואָס נידעריקער מיט אַן אָנגעפּרעסענעם אויסזיכטלאָזן אויסדרוק אויפן פּנים, האָט לויט זיין רעזערווירטער באַנעמונג, געמוזט זיין דעם ערשטנס אַסיסטענט.

אַריינקומענדיק, איז מיין ערשטער בליק געפאַלן אויף דעם שטרענגן אויסדרוק פון פּנים פון דעם ערשטן אָפיציר. אונזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט און עפּעס ווי אַ פאַרנעפּלטן אויסדרוק פון פאַרוואונדערונג, טרויער און מיטגעפיל, האָבן זיך אַדורכגעגליטשט דורך די דיקע אויגן־גלעזער פון דעם דאָקטאָר, וואָס האָט געדויערט אפשר אַ סעקונדע און אַ האַלב, און טראָץ דעם שטרענגען טאָן זיינעם אין הייסן מיך ווייזן מיין ״אַרישן אידענטיטעט צייכן״, האָב איך געפילט, אַז עפּעס קומט פאָר אין האַרץ און מוח פון אָט דעם דאָקטאָר. נאָכן אַדורכקוקן גרונדלעך מיין ״יידישקייט־צייכן״, האָב איך ווי אין אַ חלום טראַנס געהערט ווי ער זאָגט צום צווייטן דאָקטאָר ״איך וואר נישט זאָגן, דאָס איזט אַ יודע. מאַכטע ער ווייטער טראָגען די פאַלנישע פ.ס.

דער צווייטער דאָקטאָר, האָט זיך עפּעס ווי געעגבערט, ווי ער וואָלט געווען אין ספק אויף דעם פּסק פון זיין באָס, אָבער מיט אַ קנעכטישע געהאָרכזאַמקייט אויסצופירן די באַפעלן פון די אויבערהאַרן, האָט ער ווי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געהייסן מיך צוריק איבערגעבן צו דער קוואַרטיר פון דער געסטאַפּאָ וועלכע האָט מיך איבערגעשיקט צו אַ קליינעם אַרבייטס לאַגער, וואולהיידען, פון וועלכן איך האָב מיט אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער

געמוזט עוקר זיין נאָכן באַקומען אַ פּאַרטרויערליכע ידיעה פון מיין פרוי וועלכע איז נאָך דערווייל געווען האַלב פריי אין בערלין אַז ס׳איז שוין באַשטימט געוואָרן אַ טאָג פאַר מיין... הינריכטונג. אָבער דאָס איז שוין אַ געשיכטע, וואָס די געשיכטעס פון טויזנט און איין נאַכט זענען אויס ווי בלאָס און נישט אינטערעסאַנט אַנטקעגן זיי. אפשר אַמאָל שפּעטער. מיר האָבן היינט אין זינען אַפּריל 1945.

עס איז שוין פאַר דער גאַנצער וועלט געווען קלאָר דאַן, אַז דער גורל פון דייטשלאַנד איז געווען געחתמ׳עט. דער רינג אַרום דער אַמאָליקער אַזוי ״אומבאַזיגבאַרער״ דייטשער אַרמיי, איז געוואָרן וואָס אַמאָל ענגער און ענגער. אָבער דער פאַרניכטונגס פּראָצעס קעגן די העפטלינגע אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן, איז אָנגעגאַנגען ווי פריער. זיי האָבן ליקווידירט די לאַגערן וואו די רוסישע און אַליאירטישע אַרמייען האָבן פאַרנומען און אַריינגעשיקט די מענטשן אויף דעם שמאָלן פּאַס אין דייטשלאַנד וועלכע איז נאָך געווען אין זייערע הענט.

אָראַניענבורג־זאַקסענהאַוזען איז אויך געווען איינער פון יענע לאַגערן וועלכע זענען נאָך געווען אין דייטשע הענט, און יעדן טאָג צוגעקראָגן הונדערטער און טויזנטער בלאַסע אויסגעמוטשעטע העפטלינגען פון אַנדערע לאַגערן, וועלכע האָבן דערווייל דאָ געקראָגן אַן אזיל פונקט.

צווישן זיי זענען געווען די לעצטע רעשטלעך פון אָשוויענטשים וואָס אַ געוויסע צאָל זיינען געווען יידן, וואָס האָבן ווי דורך ניסים און איבערמענטשלעכן כוחות־אויסדויער, באַוויזן אויסצוהאַלטן ביז כמעט דער לעצטער מינוט. אין מערסטן טייל זיינען עס געווען ״מוזולמענער״ (אַ טערמין וואָס האָט באַצייכנט די העפטלינגע כמעט אין לעצטן סטאַדיום פאַר זייער שטאַרבן). געווען אָבער צווישן זיי אויך אַ גרופּע ״געלט פעלשער״, דאָס זיינען געווען מענטשן גראַווירער, גאָלד־שמידן און אַנדערע נאָענט שטייענדע פאַכלייט, וואָס די דייטשן האָבן איינגעשפּאַנט צו מאַכן פאַלשע אויסלענדישע וואַלוטעס, ווי דאָלאַרן און ענגלישע פונטן.

דאָס אויפשטעלן אַ פאַבריק פון ענגלישע פונטן און דאָלאַרן האָט פאַר די דייטשן געהאַט אַ דאָפּלטן צוועק; אי אַריינצוקריגן אויף אַ גאַנץ לייכטן און פאַרברעכערישן אופן אַ שפּאָר ביסל דעוויזן אין וועלכע די דייטשע ווירטשאַפט האָט זיך זייער גענויטיגט, און פון דער צווייטער זייט אונטערצוגראָבן דעם צוטרוי פון דער וועלט צו דעם געלט סיסטעם און דעם עקאָנאָמישן באַזיס פון די אַליאַנטן.

געקומען מיט אַ גרופּע פון אָשוויענטשים זענען די יידן שפּעטער געוואָרן איינקוואַרטירט אין אַ באַזונדערן בלאָק, און ווי מ׳האָט זיך שפּעטער איבערגעגעבן פון מויל צו אויער, אַז דאָס איז דער ״געלט פעלשער״ בלאָק.

דערווייל אָבער האָבן זיי זיך געפונען אין אונזער בלאָק, געשלאָפן אויף די זעלבע ״פּריטשעס״ ווי די אַלטע ״תושבים״, וואו נאָר אָבער ס׳איז געווען מעגלעך אין די באַדינגונגען פון לאַגער, זיך באַמיט צו האַלטן צוזאַמען און זיך נישט ״אויסמישן״ מיט די העפטלינגע פון די אַנדערע פעלקער וואָס האָבן אויף די לאַטצן פון די לאַגער ״מלבושים״ געטראָגן די איניציאַלן פון זייער אָפּשטאַם, ווי אַ שטייגער די פּאָלאַקן אַ "פּ", די פראַנצויזן אַ "F", די האָלאַנדער אַ "H" און דאָס גלייכן..

זייענדיק אין לאַגער ווי פאַרציילט ביי אַן אַנדער געלעגענהייט אויף אַרישע פּאַפּירן און געהאַט די ״פּריווילעגיע״ צו טראָגן אויף מיינע לאַגער מלבושים די אָפּצייכענונג" פּ "אַלס פּאָלאַק, האָבן די יידן זעענדיק אויף מיין לאַגער רעקעל די אָפּצייכענונג" פּ "אין אָנפאַנג אַרויסגעוויזן צו מיר די זעלבע רעזערווירקייט ווי צו די אַנדערע פּאָלאַקן, אָנעמענדיק די הנחה, אַז אויב אַ גוי מוז ער אַוודאי זיין אַן אַנטיסעמיט...

עס האָט מיך געקאָסט אַ סך ״סטראַטעגיש״ קונציקע פריינטשאַפטס אַפּילס, צו געווינען אַ ביסל מער צוטרוי פון איינעם פון אָט דער גרופּע יידן, אַז נאָך אַ צוויי דריי מאָל צוזאַמענרעדן זיך מיט אים, האָב איך געהערט ווי ער זאָגט אין יידיש צו דער גרופּע יידן זעענדיק מיך אַדורך גיין ״זעסט, אָט דער פּאָלאַק איז אַ גוטער ערל״... איך קען נישט זאָגן, אַז אָט די באַמערקונג אויף מיין אַדרעס זאָל נישט האָבן געמאַכט אויף מיר אַ טיף ווייטאָגלעך רירענדיקן איינדרוק... איך האָב מיט אַלע כוחות זיך געמוזט באַהערשן און איינהאַלטן מיין קאַלטע קאָנספּיראַציע שטימונג, נישט צו פאַלן אין די אָרעמס פון איינעם פון אָט די יידן און זיך אויסגעבן אַז אויך איך בין איינער פון זיי, מיינע ברידער...

אויפן דריטן אָדער פערטן טאָג פון זייער אָנקומען אין לאַגער, האָב איך באַמערקט פון דער ווייטן ווי אַ געוויסע רירעוודיקייט און שפּאַנונג איז היינט ביי אָט די גרופּע יידן. ס׳איז שוין געווען נאָך דעם אַפּיל און דעם אומשטיינס געזאָגטן אָוונט עסן, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גרינע וואַסערדיקע זופּ וואָס האָט געקנאַקט אין די ציין פון די זעמדלעך וואָס איז געווען אויסגעמישט מיט דעם נישט אָפּגעוואַשענעם שפּינאַק. נאָך אַ שעה אָדער עטוואָס מער וועט מען הערן ווי דער בלאָק עלטסטער וועט אויסשרייען: אָוונט שפּערע! אַלע אויף די פּריטשעס!

דאָ אָבער האָב איך באַמערקט ווי די גרופּע יידן קאָנצענטרירן זיך אַלע צונויפגערוקט אין אַ ווינקל אויף אַ 3־4 פּריטשעס און איינער פון זיי, לויטן אויסזען פון זיינע האַלב אויסגעלאָשענע אויגן און איינגעפאַלענע באַקן אַביסל עלטער פון אַלע (און ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט איז ער געווען אַ

רב אין אַ קליין שטעטל אין גאַליציע...) איז געזעסן אינדערמיט און אַלע האָבן אין דער שטיל זיך צוגעהערט צו אים.

נאָך דער אינטערווענץ פון מיין באַפריינדעטן ייד האָט מען מיר געמאַכט אַן אָרט צווישן דער צונויפגעדריקטער גרופּע יידן, נאָכדעם ווי ער האָט אין אַ שעפּשענדע שטימע געזאָגט צו זיין שכן: ״לאָמיר אים לאָזן זיצן, אויב ער וויל, ער ווייזט אויס צו זיין נישט קיין שלעכטער ערל״. אַזוי אַרום האָב איך געהאַט די געלעגנהייט זיך צוצוהערן ווי דער עלטערער ייד האָט מיט אַ געבראָכן קול געזאָגט:

״טייערע יידן. לויט ריכטיקע אויסרעכענונגען האָבן מיר היינט די ערשטע סדר נאַכט פון פסח ביי יידן. מיר זענען ליידער פאַרמשפּט אויף דאָס יאָר, ווי די לעצטע פּאָר יאָר נישט צו קענען אָפּריכטן קיין סדר. אָבער אַזוי ווי די השגחה האָט זיך אויף אונז מרחם געווען אַז מיר, אַ פּאָר יידן זאָלן קענען זיין צוזאַמען, לאָמיר אָפּדאַנקען דעם רבונו של עולם און פּרובירן אָפּריכטן אַ סדר בעל פּה, אַפילו אָן מצות, ווייַן, חרוסת און אַנדערע פּסח׳דיקע גוטע זאַכן פון אונזער אַלטער היים. אויף וויפיל דער זיכרון וועט מיר דינען, וועל איך רעציטירן קאַפּיטלען פון דער הגדה און איר וועט מיר נאָכזאָגן. לאָמיר אָנהויבן פון דער ׳מה נשתנה׳״, און גלייך געוואָרפן אַ בליק אויף איינעם ווי עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַ גאָר יונגערער פון דער גרופּע און געזאָגט צו אים: ״בערל, דו זעסט מיר אויס צו זיין דער אינגסטער פון אונז אַלע, און ווי ס׳איז געווען דער מנהג אין אונזערע היימען ביים אָפּריכטן דעם סדר אַז דאָס אינגסטע קינד אין דער משפּחה זאָל פרעגן די פיר קשיות, איז אויף דיין גורל דאָ אויסגעפאַלן אַז דו זאָלסט פרעגן די פיר קשיות פון מה נשתנה. איז אויב דו געדענקסט נאָך דעם ׳מה נשתנה׳ איז גוט, אויב נישט, וועל איך זאָגן און דו וועסט מיר נאָכזאָגן״.

דער יונגערמאַן מיטן נאָמען בערל, מיט אַ שמאָל אויסגעדאַרט פּנימ׳ל, וואָס האָט טאַקע אויסגעזען אַ שפּאָר ביסל אינגער ווי די איבעריקע פון דער גרופּע, האָט געענטפערט:

״רבי, טראָץ אַלע צרות געדענק איך נאָך גוט ווי מיין לייבישל האָט מיט אַ 4 אָדער 5 יאָר צוריק, שוין אין דער געטאָ ווען מיר האָבן אָפּגעריכט דעם סדר אין אונזער שטעטל, ביי פאַרמאַכטע לאָדנס און פאַרהאָנגענע פענסטער. אויף דעם סדר טיש האָט מען אַנשטאָט ווייַן און מצות זיך באַנוצט מיט באָרשט און אַ צוויי אָפּגעציטערטע מיט ניסים אָפּגעבאַקענע פּלעצלעך כמו מצות, אָבער דאָך נאָך געווען צוזאַמען מיט די אייגענע ליבע משפּחה, ווייב און דריי טייערע קינדערלעך, וועלכע זענען פון מיר אַוועק געריסן געוואָרן ווען די דייטשן האָבן ליקווידירט די געטאָ״.

אין דעם מאָמענט האָט זיך בערל אויף אַ סעקונדע אָפּגעשטעלט און אויסגעבראָכן אין אַ ספּאָנטאַניש געוויין וואָס האָט אַלע פון דער גרופּע ווי פּאַראַליזירט. אין אַ מינוט אַרום האָט ער זיך ווי באַרואיגט און מיט אַ מערקבאַרע אָנשטרענגונג און *שטילע ווײנענדיקע שטימע* געזאָגט דעם *"מה נשתנה"*.

דער רב פון דעם שטעטל אין גאַליציע, האָט פון אויסנווייניק אָבער אים קוים הערנדיק, געזאָגט ווייטערע טיילן פון דער הגדה, וואָס די גרופּע יידן האָבן שעפּטשענדיק אים נאָכגעזאָגט. ביז... ביז... אַ געוויסן מאָמענט ווען אויך דער רב קומענדיק צו "שפוך חמתך אל הגוים", האָט זיך נישט געקענט באַהערשן און אויסגעבראָכן אין אַ ספּאָנטאַניש געוויין וואָס האָט געדויערט מער ווי אַ מינוט און דאָסמאָל אַלעמען אָנגעשטעקט. ס'איז נישט געווען קיין איינער פון דער גרופּע וועמענס אויגן זאָלן האָבן געווען טרוקן אין דעם מאָמענט, איינגעשלאָסן אויך פון דעם "גוטן ערל"...

אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער רב זיך באַהערשט, און געבעטן אַלעמען אויפהערן וויינען, אויסגעמיטן ווייטערע רעציטאַציעס פון דער הגדה און געווידמעט ווערטער פון טרייסט, האָפנונג און בטחון וואָס דער קווינט עסענץ איז געווען: "אויב די השגחה האָט אונז ביז איצט אָפּגעהיט און מיר זענען געבליבן לעבן, וועט אונז ג־ט האָפנטליך ווייטער מציל זיין. מיר זעען דאָך באַשיינפּערלעך ווי די מפּלה פון אשמדאי איז שוין כמעט ווי גע'חתמ'עט, איז לאָמיר האָפן אַז די טרערן מיט וועלכע מיר האָבן היינט געפּראַוועט דעם סדר, וועלן אויפמאַכן די טויערן פון הימל, און מיר וועלן זוכה זיין, אַלע די וואָס געפינען זיך דאָ היינט, איבעראַיאָר צו פּראַווען דעם סדר אין אונזערע היימען, צוזאַמען מיט אונזערע נאָענטע און טייערע, וועלכע ג־ט האָט באַשיצט, אַז זיי זאָלן קענען פּאַרציילן די ניסים פון אונזער קנעכטשאַפט און פּיין".

צי די אָפּטימיסטישע טרייסט ווערטער פון דעם אומבאַקאַנטן רב פון גאַליציע זענען מקוים געוואָרן, ווייס איין ג־ט אין הימל. אונזער קאָנטאַקט איז ליידער געוואָרן איבערגעריסן. ווייל בלויז מיט אַ 2 טעג שפּעטער מיטן דערנענטערן זיך פון די אַליאירטע אַרמייען צו בערלין, האָבן זיי אראנענ־בורג־זאקסענהאוזען ליקווידירט און געטריבן די מענטשן אויף טראַנספּאָרט, וואו הונדערטער טויזנטער זיינען אומגעקומען אויף די וועגן פון הונגער, דערשעפּונג און דערשיסונג.

אויב די טרערן פון די גרופּע יידן האָבן פּאַר זיי טאָקע אויפגעמאַכט די טויערן פון די הימלען, ווייסט נאָר דערוועגן ־ דער האַר פון די הימלען.

# פונקען אין דער נאַכט

עס זיינען די לעצטע מאָנאַטן פון יאָר 1942. מזרח־אייראָפּע איז ווי מיט אַ מעטאַלענער רינג געווען אַרומגענומען פון די אַלמעכטיקע גיגאַנטישע לאַפּעס פון דער דריטער סאָלדאַטשינע. אין פראַנקרייך, האָלאַנד, בעלגיע, גריכנלאַנד און אין אַנדערע מזרח־ און מערב־אייראָפּעאישע לענדער האָט געבושעוועט דער שוואַרצער טעראָר. בלויז אין דייטשלאַנד און אין האַרץ פון דייטשלאַנד, אין בערלין, האָט אַלץ געקלאַפּט ווי אַ זייגער.

די וואָפן־אינדוסטריע אין בערלין האָט געאַרבעט אויף פולער פּאַרע. אויסגעשפרייט אויף עטליכע בלאָק אין איינער פון די פאָרשטעטלעך פון בערלין, טעמפּעלהאָף, האָט זיך געפונען די מאָרד־ און וואָפן־פאַבריק מיט דעם קלינגענדן נאָמען "טים־אוניטאַס". אַרום 1000 אַרבעטער האָבן געאַרבעט אין דער פאַבריק, אַלע כמעט צוניפגעטריבענע, געכאַפּטע אין פאַרשידענע לענדער פון מזרח און מערב־אייראָפּע, בירגער און איינוואוינער פון די לענדער פון פוילן, פראַנקרייך, בעלגיע, אוקראַאינע און גרויסע טיילן פון רוסלאַנד.

צווישן דער גרויסער פילפאַרביגער מחנה פון פעלקער זענען אויך יידן געווען פאַרטראָטן. פאַרשטייט זיך, נישט אַלס יידן ווי אַזעלכע, ווייל פאַר יידן האָט שוין דאַמאָלס געאַרבעט אַן אַנדער "לייזונג" פון זייערע פּראָבלעמען, אין דער פאָרם פון פאַרניכטונגס־לאַגערן און קרעמאַטאָריעס, וואָס האָבן שוין דאַן געאַרבעט 24 שעה אין מעת־לעת אין טרעבלינקע, אוישוויץ, מיידאנעק. אין פאבריק האָבן זיך אויך געפונען אַ געוויסע צאָל אידן, כמעט 99 פּראָצענט פון זיי אידישע פרויען, דער גרעסטער טייל פון זיי פון פוילן. זיי האָבן געטראָגן דעם אינציאַלן "פּ" אַלס פאלאטשקעס זיי האָבן אויסבאַהאַלטן אין יענער טראַגישער צייט זייער יידישע אידענטיטעט, און אַזוי־אַרום פּרובירט "דורכשמוגלען" זייער לעבן.

ווען איינער אַזאַ מיידל ווילט זיך עפּעס דערציילן.

גערופן האָט זי זיך בואקנא. זי איז געקומען מיט אַ טראַנספּאָרט פּאָליאַקן פון לאָדזש. זי האָט גלייך געצויגן אויף זיך אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. זי איז געווען אַ טונקל־הויטיגע מיט אַן אָריענטאַלישן אויסזען, אַ הויכע, אַ שיינע, אַ פולע, מיט אַ וואַרים־פריינטליכן שמייכל אויפן פּנים, איז זי באַלד ביים אָנקומען פון דעם טראַנספּאָרט און שפּעטער ביים איינקוואַרטירן צוזאַמען מיט אַנדערע אין די באַראַקן איז זי געוואָרן די אַטראַקציע ביי אַלעמען, און ספּעציעל ביי די מענער־אַרבעטער, וועלכע זיינען געווען איינקוואַרטירט בשכנות פון דעם פרויען־לאַגער, אין זונטאָג־פאַרנאַכטיגע פאַרוויילונגען און הוליאַנקעס, וואָס דאָס דייטשע "דאָס הערן פאָלק" האָט

דערלויבט איינצואָרדענען אין די באַראַקן פֿאַר די "קנעכט", די פֿרעמדע אַרבעטער. בלויז אַ האַלבן זונטאָג איז מען געווען פֿריי פֿון דער אַרבעט, און דאָס הויכע, קלינגענדיקע געלעכטער פֿון די באַראַקען האָט זיך געלאָזט הערן פֿון דער ווייט.

און מאָדנע, כאָטש פֿאַרשייט און אַרויסרופֿעריש אין איר גאַנצער רווישיגער האַלטונג און באַנעמונג, האָט זי שטענדיק באַוויזן צו צוימען און אָנהאַלטן אַ געוויסן דיסטאַנץ און גרעניץ צווישן זיך און די מענער, פֿראַנצויזן, פּאָליאַקן און אַנדערע, וואָס זײַענדיק באַרויִשט און פֿאַרטשאַדעט פֿון דער היציגער אַטמאָספֿערע פֿון טענץ, וויין, ביר און שווייסיגע לײַבער פֿון מענער און פֿרויען, דרייענדיק זיך אין אַ צעהיצטן טאַנץ אין אָנגערויכערטע טונקל־באַלויכטענע צימערלעך, האָבן זיי ניט איינמאָל פּרובירט "אַ נעם טאָן זיך" צו דער שיינער בראָנקאַ. אָבער מיט אַ שאַרפֿן בליק, ווי פֿון אַ שטאָלענעם חלף, האָט זי ווי מיט אַ מיסטעריעזן כּוח אַזוי אַראָפּגעלאָזט אַ שטאָלענעם פֿאָרהאַנג צווישן זיך און אַנדערע, און מאָמענטאַל געקענט צוימען און באַצוואונגען אירע "פֿאַרערער", אַז זיי זאָלן זיך רויִק און געלאַסן צוריקציִען.

איז געקומען אַ טאָג, ווי אַלע טעג פֿון דער גאַנצער וואָך, אַ גרויער פֿרימאָרגן. פֿון די באַראַקן האָבן זיך מחנות־ווייז אַרויסגעשאָטן הונדערטער מענער און פֿרויען, אײַלנדיק זיך צו קומען צו דער צייט אויף דער באַן־סטאַציע, וואָס האָט זיי אין משך פֿון אַ האַלבער שעה געדאַרפֿט צופֿירן צו דער פֿאָרשטאָט "טעמפּעלהאָף". ווי אויף אַ לאַנגן בלאָק האָבן זיך געצויגן די געביידעס פֿון דער גיגאַנטישער וואָפֿן־פֿאַבריק "טים אוניטאַס".

אינסטינקטיוו האָבן זיך אַלעמענס אויגן געצויגן אַרויף צום הימל, זוכנדיק אַן אָנדייטונג, אַז אפֿשר וועלן זיך פֿאָרט באַווייזן אויפֿן האָריזאָנט די קליינינקע גלאַנציגע פֿינטעלעך, וואָס זיינען וואָס־אַמאָל אָפֿטער און אָפֿטער געקומען צופֿליען און מאָמענטאַל אַרויסגערופֿן אַ שרעקענדיקן וואָיענדיקן סיגנאַל, אָנזאָגנדיק דער בערלינער באַפֿעלקערונג, אַז זיי זאָלן זוכן שוץ אין די באָנקערס. פֿאַר אונז זיינען אָבער די אָפֿטע וויזיטן פֿון די "שטאָלענע פֿייגל" און דאָס אויסלאָדענען יעדעס מאָל גאַנץ שפּאָרע פֿאָרציעס צינד און צעשטער באָמבעס, געווען אַ טרייסט און דערמוטיגונג, אַז די וועלט הויבט אָן "צו קומען צו זיך" און וועט זיך סוף־כּל־סוף באַפֿרייען פֿון דעם אייזערנעם קלעם פֿון דער נאַצישער הערשאַפֿט.

דער הימל איז אָבער דאָס מאָל געווען רויִק און קלאָר, און אונזערע געמיטער זיינען דערפֿאַר געווען מיד און אַפּאַטיש, און אַזוי האָבן מיר אָנגעהויבן אונזער טאָג מיט פֿאַרנעמען יעדער איינער זיין באַשטימט אָרט אין דער פֿאַבריק ביי "זיין" מאַשין, אונטער דער אויפֿזיכט פֿון די דויטשע מייסטערס.

אינסטינקטיוו האָבן מיר אָבער געפילט, אַז עפּעס איז היינט אַנדערש ווי אַלעמאָל. עפּעס זעט מען נישט קיינעם פון די אויפזעערס מיט זייערע שטאָלענע בליקן, וואָס האָבן אונז געהיט אויף שריט און טריט, אַז אַלץ זאָל קלאַפּן ווי געהעריק, אַז די צייט זאָל נישט ווערן פאַרשווענדעט אויף קיין איין סעקונדע, אַז די מאַשינען זאָלן זיך שנעל באַוועגן צום ריטם טאַקט פון אונזערע הענט און פיס און אונזער גאַנצן קערפּער. אַלע זיינען זיי עפּעס ווי אויסגערונען... נישטאָ קיינער!

און ביסלעכווייז דערוויסן מיר זיך, אַז דאָרט "אויבן", מיט אַ שטאָק העכער, אין די אָפיציעלע ביוראָס פון דער פאַבריק, קומט איצט פאָר אַ זייער וויכטיקע באַראַטונג פון אונזערע "אויבערמייסטערס". און דאַן זעען מיר אַ מערקווירדיקע זאַך: עס שפּאַצירן אַריין אין הויפּט־זאַל פון דער פאַבריק אַ לאַנגע פּראָצעסיע, אָנגעפירט פון דעם הויפּט־פאַרוואַלטער פון "טים אוניטאַס" ביז די קלענערע און קלענסטע אויפזעער פון דער פאַבריק, אַלע מיט שווייגנדע, ערנסטע פּנימער און מיט פאַרריסענער דייטשער חוצפה טראָגן זיי שוואַרצע קאָקאַרדעס אין זייערע לאַצן. דעמאָלט האָבן מיר צום ערשטן מאָל דערהערט דאָס וואָרט סטאַלינגראַד... דייטשע אַרמיי אין געפאַנגענשאַפט... דאָס טרויערן זיי אויף זייער ערשטער מפלה אויף די פראָנטן, וואָס איז געווען דער אָנהויב פון סוף פון זייער פינסטערער מפלה אויף אַלע פראָנטן אין אַלע וועלט־טיילן. אויף דעם וויק־ענד, די ענדע וואָך פאַרווייַלונג אין לאַגער, האָט זיך דאָס מאָל גערוישט און געטומלט מער ווי אַלעמאָל. אונטער די קלאַנגען פון די האַרמאָשקעס און באַרוישט פון די שאַרפע געטראַנקען, האָבן די פאָדלאָגעס און די לעמפּלעך אויף די סופיטן צוזאַמען מיטגעטאַנצט און מיטגעשאָקלט זיך אָפּצומערקן די פרייד און די האָפענונג אַז די אייזערנע רינג אַרום דער וועלט ווערט געבראָכן און יעדער איינער האָט געחלומט אויף זיין שטייגער באַפרייט צו ווערן קודם כל פון דער פאַרשאָלטענער דייטשער ערד און קומען "אַהיים" און אָנהויבן אויפסניי דאָס אַלט־נייע לעבן, וואָס די דייטשע רוצחים האָבן אַזוי ברוטאַל איבערגעריסן.

ביסלעכווייז האָט זיך אַלץ איינגעשטילט. מידע און אויסגעשעפּטע האָבן זיך די מענטשן געוואָרפן אויף זייערע געלעגערס אַריינצוכאַפּן אַ פּאָר שעה שלאָף און צו זיין גרייט אויפצוכאַפּן זיך 5 פאַרטאָג, דערהערענדיק דעם אויסגעשריי פון אויפזעער "אַלעס אויפשטיין!" "אַלעס אַרויס!"

די נאַכט אין דרויסן איז געווען אַ קאַלטע, אַ שטומע שטילקייט האָט איינגעהילט דעם לאַגער. אָבער פון ערגעץ־וואו האָט מיין אויער ווי פון גאָר ווייט אויפגעכאַפּט אַ מאָדנעם שורך פון לאַנג־לאַנג עפּעס ווי אַ היימישן לאַנג־פאַרגעסענעם קלאַנג פון אַ מעלאָדיע און ניגון, וואָס האָט דערמאָנט אַלטע, לאַנג־לאַנג פאַרגעסענע צייטן.

אינסטינקטיוו האָט מיין געהער זיך צוגעשפּיצט אין דער ריכטונג פון דעם ניגון און מעלאָדיע וואָס האָט ווי וויברירט אין דער לופט, און אָנשטרענגענדיק מיין געהער און באַוועגענדיק זיך אין דער ריכטונג פון וואַנען עס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז די קלאַנגען קומען פון דאָרט. כ׳האָב אין דער פענ־שוואַרצער נאַכט, בלויז באַזילבערט מיט קליינע פינקלדיקע שטערן, געזען זיצן בראַנקע אויף אַ טרעפל אין איינעם פון די באַראַקן פון דער פרויען־אָפּטיילונג, אַ פאַרחלומיטע, אַ פאַרטראַכטע, קוקנדיק מיט ווייט־ווייט אויפגעריסענע אויגן אויף דעם ליידיקן, שלאָפנדיקן פוסטן אַרום. זייענדיק אָבער אַוודאי אין דמיון אין ווייט־ווייט אַנדערע וועלטן און צייטן, און מיט כמעט פאַרמאַכטע ליפּן זינגט זי זיך שטיל דאָס באַקאַנטע חלוצישע לידל ״תחזקנה ידי כל אחינו המחוננים״.

אין דער שטאָק־פינסטערניש פון דער נאַכט האָב איך ווי דערפילט דעם ציטער און דעם פּחד, ווען זי האָט דערזען אַ שאָטן, מיין שאָטן דערנענטערן זיך צו איר. אַ דערשראָקענע מיט אויפגעריסענע אויגן האָט זי מיט אַ פרעגנדיקן בליק געוואָלט ווי דערגיין צו איר ״סוד״, איז דורך וועמען עס איז געוואָרן אַנטדעקט.

כאָטש קעגן יעדער לאָגיק פון קאָנספּיראַציע, האָב איך געפילט אַז איך מוז עפּעס טאָן איר צו באַרואיקן. און אַרומקוקנדיק זיך צי ס׳איז קיינער נישטאָ אַרום, האָב איך פאַרבייגייענדיק איר שטיל געזאָגט שלום! ולילה טוב, בראַנקאַ!

אין די ווייטערע טעג און וואָכן האָב איך נאָך דייטליכער אויפגעכאַפּט איר פּראָוואָצירנדיק הויך־קלינגענדיק געלעכטער, ווען זי איז געווען אין דער געזעלשאַפט פון אירע חבר׳טעס און פריינד, און דאַמאָלס האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז אָט דאָס פריילעכע און היימליכע געלעכטער איז בלויז צו קאַמופלאַזשירן אירע אמת׳ע שטימונגען.

אין די זעלטענע אויג־אויף־אויג באַגעגענישן האָט אַ וואַרימער בליק אין אירע אויגן פאַרזיגלט דעם סוד פון אונזער געמיינזאַמער קאָנספּיראַציע. דעם סוד פון דעם שטילן אייביג־יידישן ניגון.

אונזערע וועגן זיינען זיך אין גיכן פונאַנדערגעגאַנגען. אויף מיין גורל איז אויסגעפאַלן דורכצומאַכן שווערע צייטן, ווי אין דעם פאַרהעלטניסמעסיק פרייען לאַגער אין בערלין. ס׳זיינען צו מיר דערגאַנגען ידיעות, אַז זי איז, צוזאַמען מיט אַנדערע באַפרייט געוואָרן ווען די רוסן האָבן פאַרנומען דעם טייל פון בערלין וואו דער לאַגער האָט זיך געפונען.

זי האָט אַוודאי אויך שפּעטער געפונען דעם וועג ״אַהיים״ צו זיך, צו איר פאָלק, צו איר משפחה, אויב זי איז געווען מזל׳דיק.

**די צייט האָט באַשטימט געענדערט איר גאַנצן לעבנס־שטייגער. אפשר דיצט זי היינט ערגעץ־וואו אַרומגערינגלט מיט אַ וואַרימער אייגענער משפּחה, אין אַ היימישער אַטמאָספערע, און זי טיילט זיך, ווי מיר דאָ, מיט די דעראינערונגען פון גרויזאַמע איבערלעבונגען. אַן עפּאָפּייע פון אַ פערזענלעכן גערעטעוועט יידיש לעבן.**

## אַפּריל 1974

# מיט פריינד אויפן וועג "אַהיים"

נישט קיילעכדיקע דאַטעס, זיינען נישט פּאָפּולער און מזל'דיק. זיי גייען אָפּטמאָל אַדורך אומבאַמערקט און פאַרגעסן, נישט דערמאָנענדיק וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר ווען די געשעענישן זיינען פאָרגעקומען אָדער זיך געענדיקט.

אויך דער היינטיקער 7טער מאַי, דער 41טער יאָרטאָג ווען דער קאָשמאַר פון דער גרויסער וועלט שרפה, וואָס היטלער האָט אָנגעצונדן, איז געקומען צו זיין אָפיציעלער ענדע, און די דייטשע גענעראַלן און אַרמיי פירער האָבן אונטערגעשריבן זייער קאַפּיטולאַציע אַקט אָן באַדינגונגען צו די אַליאירטע פירער, איז אויך איינער פון די פאַרגעסענע געדענק טעג.

פאַר די אָבער וואָס זיינען ביז די לעצטע טעג פון 7טן מאַי געווען געפאַנגענע אין באַנדיטישע הענט, נישט זייענדיק זיכער צי זיי וועלן האָבן די זכיה צו דערלעבן אַ טאָג וואָס וועט זיך רופן דער 8טער מאַי, וועט דער טאָג פון 7טן מאַי, דער טאָג ווען זיי האָבן נאָך יאָרן פון יאוש און רעזיגנאַציע געזען פאַר זיך אַ פרייען ליכטיקן הימעל, זיין זיכער אַ טאָג אַ נישט פאַרגעסענער אויף אייביק, אָן אונטערשייד צי ער איז אַ קיילעכדיק רונדיקער, אָדער אַ טאָג אַ סאַרוואָלקענטער.

דער טאָג פון 7טן מאַי 1945 אין בערלין, איז גראַדע געווען אַ מילדער זוניקער טאָג. די לופט דורכזיכטיק קלאָר. דער אַרום עפּעס ווי ניי־געבוירן, ווי ער וואָלט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַ שווערע דערדריקענדע משא, יעדענפאַלס אַזוי האָבן געפילט די פאָר הונדערט העפטלינגע פון אָראַנענבורג־זאַקסענהאַוזען לאַגער, וועמען די עס.עס וועכטער האָבן איבערגעלאָזט אין מיטן פעלד אַנטלויפנדיק איבערגעטאָענע אין ציווילע קליידער, ווען די אַליאירטע אַרמייען זיינען געקומען גאָר נאָענט צו אונזער טויט־מאַרש, ווי מען האָט, גערופן די עוואַקואַציע פון אריאַנענבורג, ווען טויזנטער העפטלינגע זיינען געטריבן געוואָרן אָן ברויט און אָן וואַסער איבער אַ שמאָלן פאַס לאַנד וואָס איז נאָך געווען אין דייטשע הענט, ווען בערלין איז שוין געווען אַרומגערינגלט דורך די אַליאירטע.

זיי האָבן אונז איבערגעלאָזט אויף "הפקר", אַנטלויפנדיק ווי ווילדע מייז אין די וועלדער מיטנעמענדיק מיט זיך בלויז די הינט וועלכע האָבן אונז באַגלייט און נישט איינמאָל "טועם" געווען און זיך איינגעביסן מיט די ציין אין די העפטלינגען, וואָס זיינען געפאַלן אין מיטן מאַרש און זיך שוין נישט געקענט אויפהויבן.

יאָ, מיר זיינען געווען פריי. מיר האָבן זיך צושאָטן אין גרופּעס און קליינע קרייזן פון נאָענטע און פריינד, וואָס דער גורל האָט זיי געשוינט און האָבן אין די אומדערטרעגלעכע באַדינגונגען אין לאַגער דאָך באַוויזן אויפצוהאַלטן אַ ניצוץ פון פריינדשאַפט און צוטרוי און אויב מעגלעך קעגנזייטיק זיך קענען העלפן. איז איצט, יעדער מיט זיין גרופּע און אַלע צוזאַמען האָבן זיך געצויגן אין דער ריכטונג פון בערלין, וואָס פון דאָרט וועט מען זוכן אַ וועג ווי צו קומען אַהיים, יעדער אין זיין לאַנד, זיך דערוויסן וועגן דעם גורל פון די נאָענטסטע וועלכע מען האָט דאָרט איבערגעלאָזן, אָדער געוואָרן אָפּגעריסן אויף די וועגן און שטעגן פון זייער געיאָגטער פאַרפאָלגונג.

מיר זיינען געווען אַ גרופּע פון 3, אַ פּאָלאַק, אַ פראַנצויז, און אַ ייד וואָס האָט אויף זיין לאַץ געהאַט די זכיה צו טראָגן די אָפּצייכענונג „פּ" און אַלס מאָדערנער „מאַראַן" זיין אויסגעשטעלט אויף אומקום פון דער נאַצישער אינקוויזיציע, אויב מען וואָלט אַנטדעקט, אַז אונטער דעם לאַץ מיט דעם ווייסרויטן ווינקל און די שוואַרצע פּ"," שלאָגט אַ וואַרעם יידיש האַרץ, וואָס האָט אין די שטומע איינזאַמע פאַרנאַכטן אויף זיין פּריטשע, מיט אומעט און טרויער באַגלייט דיינע טאַטע מאַמע, ברידער און שוועסטער, נאָענטע און פריינד אויף זייער לעצטן יאָמערדיקן וועג צו די הימלען און כסא הכבוד.

אָבער, ווייזט אויס, אַז „העכערע כוחות", אָדער אפשר זכות אבות, שטאַמענדיק פון אַ פרומער פיינער חסידישער היים - זיינען אים בייגעשטאַנען, טראָץ סכנות׳פולע אומגלויבלעכע פּאַר אים זעלבסט, נסים׳דיקע געשעענישן אין משך פון זיין אַנטלויפן פון דער וואַרשעווער געטאָ, ביז זיין היינטיקן שפּאַציר דעם 7טן מאַי 1945 אין דער געזעלשאַפט פון 2 פריינד אונטער פרייע ליכטיקע הימלען אין בערלין.

לאָמיר זיך באַקענען מיט די דאַמאָלסדיקע לאַגער פריינד: סטעפאַן אַנדערס איז געווען זיין נאָמען. ווי שפּעטער זיך דערוואויסט, אַ נאָענטער קרוב פון דעם באַקאַנטן פּוילישן גענעראַל, וואָס האָט אָרגאַניזירט אַ פּוילישע אַרמיי אין רוסלאַנד און געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אין דער צווייטער וועלט מלחמה און אויך שפּעטער אַ קורצע צייט אין פּוילן ער האט געטראָגן, ווי די אַלע פּאָלאַקן אין לאַגער, אַ ווייס-רויט ווינקל מיט דער אָפּצייכענונג פּ"." געווען אַ געלערנטער עקאָנאָמיסט. צו 35 יאָר שוין אַ פּראָפעסאָר אין דער וואַרשעווער הויכשול „וואָלנאַ-ווסעכניצאַ". דער גורל האָט אונז צונויפגעפירט, אַ בעט נעבן אַ בעט. עס זאָגט זיך נאָר אַ „בעט", אין דער אמתן אַ האַרטער שטרוי זאַק, מיט אַ פּאָר מנינים שטרוי אין דערמיטן...

כאָטש ער האָט געשטאַמט פון אַ פּויליש-אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע, איז ער געווען אָנגעשטעקט פון ראַדיקאַל לינקע שטימונגען, ווי אַ סך יונגע באַהעמיע מענטשן אין יענער צייט אין פּוילן. זייענדיק אָבער פון פּראָפעסיע

אַן עקאָנאָמיסט, האָט ער מיט דער צייט אויסקאַלקולירט אַז ראַדיקאַליזם און לינקיזים שטימט נישט מיט זיין פּערזענלעכן געמיט צושטאַנד, און ער האָט פאַרוואָרפן זיין לינקיזים פאַר פּויליש־פּאַטריאָטישע איינשטעלונגען, מיט אַ שטאַרקער האַס צו די דייטשע אָקופּאַנטן אין פּוילן, וועלכע האָבן אים טאַקע אַרעסטירט בעתן אַן איבערפאַל אויף אַ פּוילישער ווידערשטאַנד גרופּע צוזאַמען מיט דעם שפּעטערדיקן פּרעמיער פון פּוילן, יוזעף ציראַנקעוויטש.

זיין אַריסטאָקראַטישער אָפּשטאַם און דערציאונג, האָט וואַרשיינלעך געלייגט דעם חותם אויך אויף זיין פּערזענלעכן כאַראַקטער. מ׳האָט עס געקענט פילן, אַפילו אין דעם יאָמער־טאָל פון די שווערסטע באַדינגונגען אין קאָנצענטראַציע לאַגער. זיינע פּאַרהעלטעניס־מעסיקע ריינע קליידער און ריינע פּריטשע צום שלאָפן, ווי בכלל זיין האַלטונג און שטאָלצער גאַנג, האָבן אים אַרויסגעהויבן מער ווי אַנדערע. מען האָט אים געקרוינט מיט דעם נאָמען ״דער פּראָמינענט״. די שוואַכע אויסגעדאַרטע ״מוזולמענער״, וועלכע זיינען שוין געווען ביים ראַנד פון פונאַנדערפאַל, האָבן זיך געשאַרט צו אים און געזוכט דורך אים ווי אַ פּראָטעקציע און באַשיצונג, כאָטש אין דעם פאַל איז ער געווען אַזוי הילפלאָז ווי אַלע אַנדערע.

מיין פריינדשאַפט מיט אים, האָט אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט פון אונזער זיין צוזאַמען אין לאַגער און זיך נאָך מער פאַרטיפט, באַקענענדיק זיך מיט זיין פּערזענלעכן און פּאָליטישן ווידערגעפיל קעגן וועלכן עס איז שמץ פון אַנטיסעמיטיזם און ראַסיזם. דאָס איז אים אפשר נאָך איבערגעבליבן אַ פּאָזיטיווע ירושה פון זיין אַמאָליקן ראַדיקאַליזם און לינקיזם.

אינטערעסאַנט, אַז אין אונזערע פּערזענלעכע צוזאַמענשמועסן, האָט ער קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן קיין חשד פון אַ וועלכן עס איז צווייפל אין מיין אָריגינעל ״פּוילישקייט״, וועלכע האָט צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים געמוזט דורך מיר שטרענג אָפּגעהיטן ווערן. כאָטש איך האָב געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז ביי אים נורטעוועט אַ געדאַנק אַז די פ",״ אויף מיין לאַץ איז נישט אינגאַנצן כשר... דאָס האָב איך ערשט אויסגעפונען דעם 7טן מאַי ווען ער האָט זיך אָפנהאַרציק מודה געווען אַז ער איז געווען כמעט ווי זיכער אַז מיין ״פּוילישקייט״ איז אַ קאַמופלאַזש. דאָס האָט זיך ביי אים נאָך מער באַקרעפטיקט, ווען ער אַלס נאָענטער שכן, האָט אין אַ שרעק־חלום געהערט מיך אויסשרייען ״געוואַלד״! אין אַ ריינעם יידיש...

ער איז געווען אַ גוטער ״גוי״ און אַ פריינט דערצו, וואָס נאָר אין אַזאַ עמק הבכא ווי אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, קען עס ווערן ווי געהעריק אָפּגעשאַצט.

מיין שלאָף שכן פון דער צווייטער זייט, איז געווען אַ פראַנצויז מיטן נאָמען מישעל. אַ בחור פון אַ יאָר 25־30. אַן אַקטיווער קעמפער אין דער

רעזיסטאַנץ באַוועגונג אין פֿראַנקרייך קעגן דייטשן אָקופּאַנט און ווי עס האָבן אים געשילדערט חברים אין לאַגער וואָס האָבן אים געקענט פֿון דער פֿריי, איז דאָס וואָרט "סכנה" און "מורא" געווען פֿאַר אים פֿרעמדע ווערטער... ביז גאָר דרייסטע שליחותן זיינען אים אָנפֿאַרטרויט געוואָרן אין דער ווידערשטאַנד באַוועגונג אין פּאַריז, וואָס ער האָט מיט דער פֿולער שלימות אויסגעפֿירט. טאַקע, ביי איינער אַזאַ אַקציע, איז ער און נאָך אַ פּאָר אַנדערע אַריינגעפֿאַלן אין די הענט פֿון דער געסטאַפּאָ. זיי זיינען אַלע ביי דער אויספֿאָרשונג דורך די דייטשן פֿאַרפּייניקט געוואָרן צום טויט. מישעלן איז עפּעס ווי דורך אַ נס געלונגען אָפּצוקומען "בלויז" צו ווערן פֿאַרשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, וואו ער איז אויך דאָ געווען פֿון די באַליבטסטע און פּאָפּולערסטע מענטשן צווישן די קאַצעטניקעס.

מען האָט אים באַוואונדערט, אַז אויך אין לאַגער האָט ער נישט פֿאַרלוירן דעם מוט און אָרגאַניזירט אַ גרופּע וואָס איז זיך צונויפֿגעקומען ערגעץ אין אַ באַראַק, וואו פֿון אַן אַריינגעשמוגעלטן ראַדיאָ האָט מען געהערט אויסלענדישע נייעס פֿון די פֿראָנטן, וואָס האָט אויפֿגעמונטערט די געמיטער פֿון די הונגעריקע, אויסגעמאַטערטע געפֿאַנגענע. זיין מוטער, וואָס האָט געלעבט ערגעץ אין אַ קליין שטעטל אין פֿראַנקרייך, האָט אים פֿון צייט צו צייט אַריינגעשיקט אַ פּעקל עסנוואַרג אין לאַגער, וואָס ער האָט ברייטהאַרציק צוטיילט צווישן זיינע נאָענטסטע הונגעריקע שכנים. אויך אַ מערקווירדיקע זעלטנהייט, וואָס האָט געהויבן זיינע און די מענטשלעכע חשיבות, אין אַ צייט און אָרט, וואו דאָס וואָרט "חשוב" איז געזונקען אַזוי נידעריק...

אָבער היינט, דעם 7טן מאַי 1945, איז געווען אַנדערש. אָט ערשט נעכטן האָבן 2 פּיסיקע שומרים און 4 פּיסיקע הינט, פֿלייסיק געהיט די מאַרשירענדע מענטשן, צו 3 אין אַ רייע, מוטלאָז און שלאַבעריק, מיט די אויגן געווענדעט צו דער ערד, מורא האָבנדיק נישט אָנצושטויסן זיך אויף אַ שטרויכלונג אין וועג און זיך אויסגליטשן, וואָס דאַמאָלס האָבן שוין די הינט געטאָן זייער "פֿליכט" אַז איר זאָלט זיך אויפֿהייבן...

היינט אָבער, דעם 7טן מאַי 1945, האָט די זון וואַרעם געגלעט איבער די קעפּ, די אויגן געווענדעט מער צום הימל ווי צו דער ערד. די רייען האָבן זיך צושאָטן. אויפֿגעלייזט. גרופּן און גרופּקעס האָבן זיך צושפּרייט איבער די פֿעלדער און וועלדער זוכנדיק עפּעס אַ געוויקס וואָס זאָל שטילן זייער הונגער.

די מער געזינטערע האָבן זיך געלאָזן איבער די אַרומיקע דערפֿלעך און אָפּטמאָל אָנגעטראָפֿן אויף אָפֿענע הייזער און טירן וואו די דייטשע בעל־הבתים זיינען אין בהלה אַנטלאָפֿן, אויס מורא פֿאַרן אָנקומען פֿון די אַליאירטע אַרמייען. דאָרט האָבן זיך אַ סך צוגעכאַפּט צו די אייז־קאַסטנס וואָס זיינען געווען אָנגעפּאַקט מיט עסנוואַרג, טראָץ דעם שפּייז מאַנגעל צו יענער צייט

אין דייטשלאַנד. אין די היימען וואו די אייגנטימער זיינען נישט אַנטלאָפן, האָבן די דייטשן אונז אויפגענומען מיט הכנעה׳דיקע און קינסטלערישע שמייכלען מיט אַ ״ביטע שעהן״... ״ביטע שעהן״... אַריינצוקומען און זיין ״אָנגעלייגטע געסט״... דאָס שטאָלצע ״הערךן פאָלק״, איז איבערנאַכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פחדנות׳דיקע, צושראָקענע באַשעפענישן.

אויף אַ סך הייזער אין בערלין וועלכע זיינען נישט געווען צעבאָמבאַרדירט האָט מען געזען אַרויסגעהאָנגענע ווייסע פלאַכטעס, אַ סימן פון אונטערגעבונג, און פון די פענסטער הינטער פאַרמאַכטע פאָרהאַנגען, האָט מען דורך די שפּאַלטן געקענט באַמערקן אַרויסבליקן ווי בגנבה צו דער גאַס, ווייסע צושראָקענע פנימער פון מענער און פרויען.

ס׳איז געווען אַ פּאַטעטיש בילד וואָס האָט זיך זיכער איינגעקריצט אין זכרון ביי יעדן איינעם וואָס האָט עס געזען, ווי אויף דער לינדען שטראַסע, איינע פון די שענסטע גאַסן אין בערלין, וואָס איז געלעגן האַלב פאַרברענט פון די געפאַלענע באָמבעס, האָט זיך געצויגן אַ פּראָצעסיע, אָדער בעסער געזאָגט אַ קנויל פון אַ פּאָר צענדליק מענטשן, אַלע ערשט אַרויסגעקומענע פון די לאַגערן, אין אָפּגעריסענע בגדים אין הילצערנע טרעפּעס אויף די פיס, אָדער גאָר אינגאַנצן אָן שיך.

אָנגעפירט מיט אָט דער דעמאָנסטראַציע האָט אונזער פראַנצויז מישעל, וואָס האָט פון אַ דייטשער שטוב צונויפגעשלעפּט אַ פּאָר קאָלירטע שמאַטעס וואָס האָט קאָמבינירט די פראַנצויזישע פאָן, אויפגעהאָנגען זיי אויף אַ שטעקן, מיטגעשלעפּט מיט זיך אַ גרופּע פראַנצויזן פון לאַגער און מיט שטאָלצן פרייד און ענטוזיאַסטיש פאַראַדירט און געזונגען אויף די חורבות פון בערלין די פראַנצויזישע מארסעלעזיע.

אַפילו דער שטענדיק מיושב׳דיקער עקאָנאָמיע פּראָפעסאָר סטעפאַן אַנדערס, איז אויך מיטגעריסן געוואָרן מיט דער אַלגעמיינער פרייד און הויך, מיט אַ טרער אין אויג געזונגען די מארסעלעזיע. אַ מינוט שפּעטער, האָט ער מיך אָנגענומען ביי דער האַנט און מיט ציטער אין דער שטימע געזאָגט: זעסט, די פראַנצויזן זיינען אַ היימלעך פאָלק. זיי גייען אַהיים און וועלן צוריק אויפבויען זייער צוקונפט, לאָמיר אויך גיין אַהיים קיין פּוילן און צוריק אויפבויען אונזערע היימען וואָס די דייטשן האָבן חרוב געמאַכט. איך ווייס וואָס די דייטשן האָבן געטאָן צו דיין פאָלק, זיי האָבן אויך מיין פאָלק נישט געשאַנעוועט. מיר האָבן דורך אונזער קאָנספּיראַטיווער ראַדיאָ אין לאַגער געקראָגן אַלע ידיעות.

איך האָב אים אין דער מינוט גאָרנישט געענטפערט. אינסטינקטיוו האָב איך שוין דאַמאָלסט געפילט, אַז אונזערע היימען אין פּוילן ליגן שוין נישט

לײדער אַפֿילו אין חורבות, ווײל אױפֿגעגאַנגען זײנען זײ אין די פלאַמען פֿון דער ברענענדער געטאָ אין וואַרשע.

אָבער, פֿונדאַמענטן און נײַע הײמען זײנען צום גליק אױפֿגעשטעלט געוואָרן אין אַלע וועלט טײלן פֿון אונזער צושפּרײטקײט און, אין אַ ווינקעלע פֿון דער וועלט, פֿאַר וועלכע מיר שעפּטשען יעדן טאָג אַ תּפֿילה. לאָמיר האָפֿן און מתפּלל זײן פֿאַר זײער גאַנצקײט און זיכערהײט, פֿאַר מדינת־ישׂראל.

**מאַי 1986**

# אַ יידיש פּאָרל אין בערלין
# מיט 34 יאָר צוריק

**ווייּנאַכט, 1943, בערלין.**

די מלחמה רעדער אויף אַלע פראָנטן און אַלע וועלט טיילן באַוועגן זיך שנעל. מזרח און מערב אייראָפּע קעמפט מיט ציין און נעגל קעגן דער דייטשער ווערמאַכט, וואָס טראָגט מפּלות אויף געוויסע פראָנט אָפּשניטן, האָט נאָך אַלץ די איבערהאַנט אין פאָרסירן און באַוועגן די קריגס מאַשין טעכניק אויף די פראָנטן, און דערדריקן די פּאַרטיזאַנער ווידערשטאַנד כוחות פון די אונטערדריקטע פעלקער אין די הינטערלאַנד לענדער, אָקופּירטע דורך דער דייטשער סאָלדאַטשיזנע.

דורך די פלאַמען פון די אויפגעריסענע ברענענדע הייזער אין דער וואַרשעווער געטאָ, הערט זיך דער פאַרצווייפלטער אויסגעשריי פון די לעצטע רעשטלעך פון אַן אויסגעהרג׳עט און פאַרפּייניקט יידיש פאָלק, אָבער דאָ אין בערלין גרייט מען זיך פייערן דעם ״יום טוב״ פון דעם געבורט פון אַ מענטש אין וועמענס נאָמען און צלם עס איז דורך הונדערטער יאָרן טויזנטער מאָל געשענדט געוואָרן דער צלם אלוקים.

נאָך היינט אינדערפרי האָבן טויזנטער קאָלומנס פון פאַרכאַפּטע אַרבעטער פון מזרח און מערב אייראָפּע אין געשלאָסענע רייען אָפּמאַרשירט אין די פאַרשידענע געווער פאַבריקן אין בערלין, אויסצופילן דעם ״בלויז״ פון די דייטשע אַרבעטער, וועלכע האָבן אויף פאַרשידענע פראָנטן אין אייראָפּע געמוזט נעבעך קעמפן און פאַרגיסן זייער ריין אַריש בלוט פאַר דעם פאָטערלאַנד.

אָפּצומערקן דעם פייערלעכן כאַראַקטער פון דער קריסטמעס נאַכט, האָט מען היינט געקירצט דעם אַרבעטס טאָג ביז 3 נאָך מיטאָג. היינט זענען די דייטשע אויפזעער אין די ווייס בלאַנקענדיקע כאַלאַטן נישט אַזוי פיל אַרומגעלאָפן און ״געדאָנערוועטערט״ אויף די פאַרשאָלטענע קנעכט וואָס באַוועגן זיך קוים ביי דער אַרבעט און זיינען ״פויל ווי די קעץ״... היינט האָבן זיי אַליין יעדע פאַר מינוט אַריינגעשטעקט די האַנט אין די וועסטל קעשענעס פון זייערע אויסגעפּרעסטע אָנצוגער צו זען צי דער זייגער רוקט זיך שוין צו 3, איבערצולאָזן די גאַנצע ״שייסע״ אין דער פאַבריק און אַהיים פאָרן צו זייערע אויסגעפּוצטע גרעטכענס, וואָס זענען געווען גליקלעך צו האָבן זייערע מענער דאָ אין די אָנגעוואַרעמטע אויסגעקאַלאַכטע היימען און מיט אַ זיפץ

מיטגעפּילט די אַרומיגע שכנים זייערע, וועמענס מענער האָבן אין אַזאַ פייערלעכע נאַכט געמוזט נעבעך פרילן אויף פאַרשידענע שלאַכט פעלדער אין אַלע וועלט טיילן.

אין דעם אַלגעמיינעם גרויסן פרעמדן לאַגער, וואו עס זענען געווען איינקוואַרטירט איבער 3,000 אַרבעטער פון פאַרשידענע פעלקער אָבער אין גרויסן רוב פון מזרח אייראָפּע, פוילן, רוסלאַנד, אוקראַאינע און אַנדערע, האָט מען זיך ספּעציעל געגרייט צו דער היינטיקער נאַכט.

שוין דאָס אַליין וואָס מען איז געווען באַפרייט פון דער אַרבעט אַ פּאָר שעה פריער ווי געווינלעך, נישט צו דאַרפן ווערן אונטערגעיאָגט פון די דייטשע אויפזעער, האָט געהויבן דעם מוט. דערצו נאָך האָט דער כאַראַקטער פון דעם היינטיקן אָוונט, ספּעציעל ביי די קריסטן קאַטויליקן, וואָס זענען געווען אָפּגעריסן פון זייערע היימען און נאָענטע וואו זיי פלעגן פאַרברייינגען דעם "הייליקן אָוונט" אין קרייז פון משפּחה און פריינד און "פרום" אָפּריכטן זייערע "תּפילות", געפינענדיק זיך היינט אין גלות דייטשלאַנד, אויך דאָס האָט זיי געגעבן אַ סך נאָכצוטראַכטן.

אָבער אין אַ ספּעציעלער אויסערגעוויינליכער סיטואַציע האָבן זיך היינט געפונען 2 יונגע מענטשן, וואָס זענען דורך אויסטערלישע אומשטענדן און סיטואַציעס, אויסגעלאַנדעט דאָ אין בערלין, אין דעם בבל טורם פון צענדליקער טויזנטער פון פאַרשידענע פעלקער און נאַציעס, וואָס זענען דורך די דייטשן רעקרוטירט געוואָרן צו אַרבעטן אין די גרויסע פאַבריקן וואָס האָבן זיך געפונען אין בערלין און די פאָרשטעט אַרום.

די 2 יונגע מענטשן זענען געווען אַ יונג פּאָר פּאָלק, וואָס האָבן אויף די לאַצן פון זייער קליידונג, ווי יעדער פרעמדער אַרבעטער, געמוזט טראָגן דורך איניציאַלן די באַצייכונג פון זייער נאַציאָנאַליטעט. איז האָבן זיי געטראָגן דעם איניציאַל פּ"", אַלס פּאָלאַקן, אָבער געווען זענען זיי קינדער פון טייערע יידישע היימען, וואָס האָבן דורך דור דורות איינגעזאַפּט אין זיך דעם גייסט און עקשנות פון דעם אַלטן ישראל סבא און געטראָגן אין האַרצן דעם גרויסן יידישן בטחון אין דעם זאָג "אף על פּי שיתמהמה"...

אין די אַמוניציע פאַבריקן אין "טעמפּעלהאָף" ביי בערלין, זענען זיי געווען אַ 12־13 יונגע יידישע פרויען אָדער מיידלעך, וואָס האָבן זיך אין דעם גרויסן שטראָם פון פרעמדע אַרבעטער, אָפּטמאָל פרייוויליג אַריינגעשמוגלט, אויסגעמישט זיך מיט די "שיקסעס" פון פוילן, אוקראַאינע, פראַנקרייך, בעלגיע און אַנדערע, געטראָגן אויף די לאַצן די אָפּצייכענונג פון די לענדער פון וואַנען זיי זיינען געקומען, אָבער אין האַרצן און אין די אויגן האָט געברענט אַ ניט־זעבאַר יידיש פייערל, וואָס נאָר די וואָס האָבן אַליין מיטגעמאַכט דעם זעלבן גורל האָבן עס אינסטינקטיוו דערשפּירט.

צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים איז די איינציקע קאָמוניקאַציע פאַרבינדונג צווישן זיי געווען בלויז אַ שנעלער וואַרימער גלאַנץ אויסטויש פון אויגן, און מען שפּאַנט אַוועק ווייטער...

פון צווישן די 13־12 איינזאַמע נישט פאַרהייראַטע מיידלעך, איז דאָס פּאָר פּאָלק מיט דעם ריין "פּויליש" קלינגענדן נאָמען סטאַניסלאַוו און מאַרישאַ סאשינסקי געווען אַ זעלטענער אויסנאַם. זיי האָבן זיך גוט צונויפגעלעבט מיט דער גרופּע פּאָלאַקן מיט וועלכע זיי האָבן געלעבט אין איין גרויסער שטוב. אפשר צוליב "זכות אבות" פון האָבן אַ "גוטן" אַרישן אויסזען, אפשר זענען זיי אַנדערע זכותים בייגעשטאַנען, זכותים וואָסביידע טאַטע מאַמעס פון דעם מאַן און פרוי, ברידער און שוועסטער פון ביידע משפחות זענען שוין דאַמאָלס אויפגעגאַנגען אין די הימלען מיט דעם רויך פון דער ברענענדער וואַרשעווער געטאָ און דאָרט אין די הימלען זיך באַמיט, אַז ס'זאָל בלייבן אַ ניצרן פון דער משפחה.

יעדנפאַלס שוין מער ווי 6 מאָנאַטן ווי דאָס פּאָר פּאָלק זענען מיט אַ טראַנספּאָרט פּאָלאַקן, וואָס די דייטשע זשאַנדערמעריע האָט געכאַפּט נאָך אַן אָבלאַווע אויף איינער פון די וואַרשעווער גאַסן, אָפּגעשיקט געוואָרן קיין בערלין און איינקוואַרטירט אין איינע פון די פּאָרשטעט, טעמפּעלהאָף. פון דאָרטן זענען זיי יעדן טאָג צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע געפּאָרן צו דער אַרבעט אין איינער פון די געווער פאַבריקן אונטערן נאָמען "טים־אוניטאַס". זיי האָבן אויף זייער קלאַפּע געטראָגן דעם אָפּצייכן "פּ", האָבן זיך מיט זייער אויסזען און אַקצענט, מיט גאָר נישט אונטערשיידט פון די אַנדערע 10 פּאָרלעך מיט וועלכע זיי האָבן געלעבט פאַרברענגט און געשלאָפן צוזאַמען אין אַ גרויסן זאַל.

סיי ביי דער אַרבעט אין דער פאַבריק און נאָך מער אין זייער פּריוואַטן צוזאַמענלעבן, האָט מען צו זיי אַרויפגעקוקט ווי אַ מוסטער פון אַן אידעאַל פּאָרל, וואָס האָבן זיך קיינמאָל נישט געקריגט, שטענדיק געווען צוזאַמען, מיט אַלע קאָלעגן געווען העפלעך און אין גוטע פריינטשאַפטלעכע באַציאונגען. דאָס האָט אפשר ביי טייל איינוואוינער מיט וועלכע מען האָט געלעבט, געגעסן און געשלאָפן אין דער זעלבער שטוב געקענט אַרויסרופן אַ ביסל אויפמערקזאַמקייט, ווייל די פּאָלאַקן אין לאַגער און ספּעציעל די פּוילישע פּאָרלעך זענען אין זייער רוב געווען טומלדיג, שרייענדיק און קריגערייען צווישן זיך, אַפילו מיט די אייגענע ווייבער איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, וואָס איז אַריין אין טעגלעכן רוטין.

האָט דעריבער די געלאַסנקייט פון דעם יונגן פּאָרל מאַרישאַ און סטאַניסלאַוו סאשינסקי אַרויסגערופן ביי אַ טייל פּאָלאַקן, אַז עפּעס איז דאָך ביי זיי "אַנדערש" ווי ביי אַלע, זיי האָבן עס אָבער פּרובירט אויסטייטשן

דערמיט וואָס וואַרשיינלעך זענען זיי מער "געלערנט" און "אינטעליגענטער" ווי די אַנדערע זיי קומען דאָך עפּעס פון אַזאַ גרויסע שטאָט ווי וואַרשע, און נישט ווי די אַלע דאָ אַרום, קינדער פון די אָרימסטע אָפּגעשטאַנענע דערפער אין פוילן.

האָט מען זיי דערפאַר מיט אַ גאַלאַנטער פוילישער העפלעכקייט מכבד געווען צו פאַרנעמען דעם אויבן אָן ביים טיש צו דער פייערלעכער סעודה, ווען מען וועט פראַוּוען דעם געבורטסטאָג פון אותו האיש...

דער גרויסער באַראַק, וואו עס האט זיך שטענדיק געטומלט פון געשרייען, געלעכטער, קריגערייען און וואו די ליכט איז געווען קאַרג און מאט פון די איינצעלנע נאַקעטע עלעקטרישע לעמפּלעך וואָס האָבן זיך געהוידערט הויך ביי די סופיטן און האָבן קוים ווי מיט כוח געוואָרפן אַ רויטליך ליכט אויף די פון טינק אָפּגעשיילטע ווענט, האָט היינט געהאַט אַן אַנדערן, גאָר אַנדערן אויסזען.

אַרום לאַנגע טישן איבערגעדעקט מיט ווייסע פּאַפּיר אָנגעשטעלט מיט כלערליי מאכלים און געטראַנקען, וואָס טראָץ דעם שאַרפן מאַנגעל אין שפּייז פּראָדוקטן אין דעם 4טן מלחמה יאָר אין בערלין וואו אַלץ האָט מען באַקומען צוגעטיילט נאָר אויף קאַרטן, האָבן די פּאָלאַקן דורך פאַרשידענע וועגן און אומוועגן אַרויסהעלפנדיק זיך מיט דעם שוואַרצן מאַרק, זיך באַמיט צו האָבן אויף די טישן זייערע טראַדיציאָנעלע 9 געריכטן מיט אַ געבאַקן פלעצל פון ווייץ וואָס לויט זייער מנהג האָבן זיי זיך געדאַרפט טיילן איינער מיט דעם אַנדערן מיט אָפּברעכן אַ שטיקל דערפון.

די ערשטע ווען זיי האָבן מכבד געווען מיט דער "מצווה" איז געווען נישט קיין אַנדערע ווי דעם "וואַרשעווער פּאָרל" (ווי מען האָט זיי גערופן אין לאַגער), סטאַניסלאַוו און מאַרישאַ סאשינסקי.

און אַזוי זענען זיך געזעסן 2 יידישע קינדער ביי אַ טרייפענעם קריסטלעכן טיש אין יאָר 1943 אין בערלין,

כאָטש אַרום האָט געטומלט מיט אַזוי פיל מענטשן, האָבן זיי אין זייער לעבן נישט געפילט זיך אַזוי איינזאַם און פאַרלאָזן ווי אין יענער ווייַנאַכט אין בערלין.

געהאַט האָבן זיי שוין אַ גרויסע פיינפולע פאַרגאַנגענהייט, צוזעענדיק מיט די אייגענע אויגן ווי די קריסטלעכע שכנים, קען זיין ברידער אָדער שוועסטער פון די מיט וועמען זיי זענען איצט געזעסן ביים טיש, זענען, אין די טעג ווען דער וואַרשעווער געטאָ האָט געברענט געשטאַנען ביי די מויערן אויף דער קריסטלעכער זייט, זיך צוגעקוקט ווי פון די ברענענדע פאַלנדע ווענט זענען יידן געשפּרונגען 'פון די פענסטער און דעכער', און איינער האָט דעם אַנדערן

געשטורכעט אין די זייטן און זיך אַריינגעשושקעט "קוק זיך צו ווי די יידעלעך בראָטן זיך!".

און די געדאַנקען לויפן ווייטער. ס'איז אַ שיינער ווינטער פרימאָרגן, אויף איינער פון די וואַרשעווער גאַסן. אַ ווייסער, נאָך ניט צעטראָטענער שניי איז אויסגעלייגט ווי אַ ווייסער טעפיך אויף די גאַסן און געסלעך אַרום זאַקסישן גאָרטן. ביים אַריינגאַנג, נעבן טויער זעט מען ווי אינעווייניק, אין איינער פון די אלייען אין גאָרטן, 3 געשטאַלטן, צוויי הויכע און איינער אַ נידעריקער קריגן זיך און שטויסן זיך צוזאַמען. צוקו מענדיק אַ ביסל נענטער צום טויער שיילט זיך אויס דאָס פאָלגענדע בילד:

2 הויכע קרעפטיקע יונגען אָנגעטאָן אין ווינטערדיקע וואַרימע קורטקעס, איינער אַ הויכער אין גלאַנציקע אָפיצערסקע שטיוועלעך מיט וואַרימע פוטערנע היטלען, פאַרוקט האַלב איבער די אויגן, שטורכען און שלעפן אַ בלאַסן יונגערמאַן, וועלכער פינטלט מיט די אויגן און בייגט זיך אַלע מאָל אַרונטער צו דער ערד, זוכנדיק מיט די קורצזיכטיק האַלב בלינדע אויגן די ברילן וועלכע ער האָט אַוודאי פאַרלוירן ביים אַמפּערן זיך מיט די 2 פּוילישע שקצים, וואָס האָבן אין אים דערשנאַפּט אַ קרבן, אַן אַנטלאָפענעם ייד פון דער וואַר9שעווער געטאָ וואָס האָט פּרובירט זיך ראַטעווען אויף דער פּוילישער "ריינער" אַרישער זייט.

דאָס מאָל ווי אַ סך אַנדערע מאָל האָבן זיי פון דעם קרבן פאַרלאַנגט נאָר איין זאַך: געלט! אויב נישט, דאָ קאָמענדאַטור! צו דער זשאַנדערמעריע! דער יונגערמאַן האָט הילפסלאָז אַריינגעשטעקט די הענט אין אַלע קעשענעס און געוויזן, אַז זיי זענען ליידיג. די 2 יונגען האָבן אים נישט געגלויבט אויף דעם וואָרט, אויך אַריינגעשטעקט די לאַפּעס אין די קעשענעס זיינע און נאָך אַ קורצן ישוב הדעת איינער מיט דעם צווייטן אַריינגעשלעפּט אים אין אַ קעגנאיבערדיקן טויער, צוערשט אַראָפּגעצויגן פון אים דעם לייכטן כמעט זומערדיקן מאַנטל נאָכדעם די מאַרינאַרקע און אויף די הויזן. דאָס איז פאַר זיי געווען אַ סחורה. געלאָזן אים שטיין אַ ציטערדיקן אין די הוילע וועש, צוואוואַרפנדיק אים צוריק דעם שאַל, גענומען די בגדים אונטערן אָרעם און אַוועקמאַרשירט אויף דעם "גרינעם מאַרק" אויסצוטוישן די קליידער אויף דעם מאַרק פאַר אַ פלעשל וואָדקאַ.

דאָס בילד פון אַ בלאַסן יונגערמאַן שטייענדיק אין די הוילע וועש אין אַ וואַרשעווער טויער, ציטערנדיקן פון קעלט און זשומערנדיג מיט די קורצזיכטיק פינטלדיקע אויגן, האָט באַגלייט דעם יונגן פאָרל סטאַניסלאַוו און מאַרישאַ סאשינסקי אויף אַלע זייערע וואַנדערונגען, אַנטלויפעונישן, און אויסבאָהאַלטענישן. זיי האָבן אים געזען אין חלום און אויף דער וואַך, ביחידות, ווי ער שטייט איינזאַם אַליין אין טויער, און אין קאָלומנס, ווי ער

מאַרשירט בראש פון אַ גרויסער עדה יידן אין ווייסע תכריכים וועש אויף זייער לעצטן וואַנדער אין דער אייביקייט.

און געשען איז אַ מאָדנע זאַך. אינמיטן דעם גרויסן טומל און געפּילדער, ביים עסן טרינקען און זינגען די קריסטלעכע געזאַנגען, איז עפּעס מיטאַמאָל געוואָרן געוואַלדיק אומהיימלעך שטיל ביים טיש און אַלע אויגן האָבן זיך געווענדט צו דעם אויבן אָן וואו סטאַניסלאַוו סאשינסקי איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ און טרערן זענען אים גערונען פון די פאַרמאַכטע אויגן.

די אומהיימלעכע שטילקייט האָט אָבער אָנגעהאַלטן נישט מער ווי אַ סעקונדע ווייל פּלוצלונג האָט מען געהערט אַ ציטערדיק געפּייף פון די אַלאַרם־סירענעס וואָס האָבן אָנגעזאָגט און געוואָרנט צו אַנטלויפן און זיך באַשיצן אין די קעלערס און שעלטער. ווייל "פיינטלעכע" עראָפּלאַנען זענען אָנגעפלויגן אויף בערלין.

היינט אָבער, מער ווי אַלע מאָל אין די לעצטע וואָכן און מאָנאַטן, האָט די לופט ווי זיך געשפּאַלטן פון די דונערדיקע אויפרייסן, פון די פייער און צינד באָמבעס, וואָס האָבן זיך מיט אַ געוואַלדיקן אימפּעט געטראָגן איבער בערלין. דאָס האָבן זיי אַזוי ווי געוואָלט אויסגלייכן דעם "חשבון" און אָנהויבן אָפּצאָלן דאָס דייטשע "הערן" פאָלק פאַר די אומצאָליקע פאַרברעכנס קעגן מיליאָנען מענטשן אין גאָר דער וועלט.

די קלויסטער גלאָקן אין בערלין האָבן אין דעם ווייַנאַכט פון יאָר 1943 נישט מער געקלונגען און נישט גערופן די גלויביקע אין קירך.

**מערץ 1986**

# ווי אַזוי איך בין אַנטלאָפן פון וואַרשעווער געטאָ מיט אַרישע פּאַפּירן

## אַפּריל 1973 איז געוואָרן דרייסיק יאָר זינט דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

דרייסיק יאָר געהערן צו די קיילעכדיקע דאַטעס, וועלכע האָבן אַ ספּעציעלן מזל אונטער אַלע אומשטענדן, צי עס זיינען פריידיקע אָדער טרויעריקע פּאַסירונגען, אַז מען זאָל זיך ספּעציעל פאַרטראַכטן און פּרובירן וואַרפן אַ שיין אויף געוויסע סיטואַציעס פון אונזער מאַרטירּאָלאָגיע, וועלכע איז נאָך ווייניג געוואָרן אַרויסגעהויבן דורך אונזערע זאַמלער און פאָרשער.

די חורבן־ליטעראַטור און די כראָניק אַרום דעם חורבן ציילן שוין אין די הונדערטער טויזנטער דאָקומענטן און בענדער. עס ווערן אין אַלע ביכער געשריבן וועגן אַלע פאַזן פון חורבן און אומקום, וועגן אַקטיוון און פּאַסיוון ווידערשטאַנד, וועגן העראָאישן געראַנגל פאַרן נאַקעטן לעבן, ווען דער מענטש האָט זיך איינגעקלאַמערט מיט ציין און נעגל און ביז דער סאַמע לעצטער מינוט געהאָפט אויף אַ רעטונג - און פון דעם צווייטן עקסטרעם, ווען די פּאַסיווע רעזיגנאַציע האָט גענומען די איבערהאַנט און מען האָט אויפגענומען דעם טויט ווי אַן אויסלייזער פון אַלע צרות.

די אַלע מאָמענטן ווערן אויף אַ בולטן אופן, אַמאָל שטאַרקער און אַמאָל שוואַכער אַרויסגעבראַכט אין אונזער חורבן ליטעראַטור.

עס זיינען אָבער פאַראַן געוויסע געשעענישן און מאָמענטן אין אונזער געראַנגל, חורבן און אומקום, וואָס איז ביז איצט ווייניג געוואָרן אָפּגעשפּיגלט און געקומען צום אויסדרוק אין די הונדערטער פּנקסים און אויך אין די ווערק פון די ענגלישע און אַפילו פון די יידישע שרייבער, וועלכע גיבן זיך אָפּ מיט דער טעמע: די מאַרטירּאָלאָגיע פון די יידן אונטער דער נאַצישער הערשאַפט.

עס ווערט ווייניג, אָדער אויף אַ גאָר קליינעם מאַסשטאַב אָפּגעשפּיגלט דער גורל, דאָס לעבן, די ראַנגלענישן פון אַ סך טויזנטער יידן, וואָס האָבן זיך געפּרואווט ראַטעווען פון אומקום, דורך לעבן אויף פאַלשע, אַרישע דאָקומענטן, און אויסבאַהאַלטן פאַר דער אַרומיגער גוי׳אישער סביבה, זייער פאַרגאַנגענעם, יידישן אָפּשטאַם.

די יידן אויף אַרישע פּאַפּירן זיינען אָפּט מאָל געווען אין אַ שווערערער און טרויעריגערער לאַגע ווי די יידן אין דער געטאָ. קודם כל זיינען זיי געווען אָפּגעריסן פון אַ יידישער סביבה, לעבנדיק אין אַן אומגעבונג וואָס איז געווען פיינטליך, אָדער אין בעסטן פאַל - אייז־קאַלט און גלייכגילטיק צו וועלכע עס

איז יידישע ליידן. פאַרקערט נאָך, ניט איין מאָל האָבן זיי נאָך געמוזט אַראָפּשלינגען די ביטערע באַמערקונגען פון צופרידנהייט פון זייערע כלומרשטע פוילישע פריינד, מיט דער שנעלער לייזונג פון דער יידן־פראַגע דורך די דייטשן ־ אַ פּראָבלעם מיט וועלכן די פּאָליאַקן האָבן זיך געמאַטערט יאָרן־לאַנג.

די יידן, אין זייער ביטערער לאַגע דעמאָלט, האָבן אָפט מאָל דערמאָנט אין דעם לעבן פון די באַהאַלטענע אנוסים פון שפּאַניע. יאָ, דאָס זיינען געווען די מאַראַנען פון צוואַנציגסטן יאָרהונדערט.

װעלנדיק פאַרווישן די שפּורן פון זייער עקזיסטענץ, האָבן זיי זייער אָפט געמוזט זיך אַריבערטראָגן פון איין אָרט אויפן צווייטן, לעבנדיק אַ ״לעבן״ אויב מ׳קען עס אַזוי אָנרופן, ווי געיאָגטע און געפּלאָגטע חיות. עס איז געווען אַ טרויעריג און געמוטשעט לעבן, אַפילו פאַר די, וואָס דאָס גליק האָט זיי צוגעשפּילט מיט אַ גוטן, פּוילישן אויסזען. איך קען דאָס באַשטעטיקן פון אַ פּערזענליכער דערפאַרונג, אין יענע ־ פאַר מיר ביז גאָר שווערע צייטן, ווען עס איז אונז ־ מיין פרוי און מיר ־ אויסגעקומען צו לעבן אַ געוויסע צייט אויף דער אַרישער זייט מחוץ דער געטאָ. אַפילו מיט גוט־געפעלשטע דאָקומענטן אין טאַש און מיט אַ גוטן ״ריינעם״ אַרישן אויסזען, אפילו מיט אַ גוטן עכט־פּוילישן אַקצענט ביים ריידן, האָבן די טרויעריגע יידישע אויגן, וואָס האָבן זיך געטרונקען אין אַ ים פון צרות און עלענד, געמסרט און אייך אויסגעגעבן, אַז איר זייט אַ ייד!

און קיין אָפּפאַל און אויסוואורפן אויף דער פּוילישער גאַס האָבן דעמאָלט נישט געפעלט. עס האָבן זיך ספּעציאַליזירט גרופּן יונגע פוילישע כוליגאַנעס, וועלכע זיינען שפּעטער פּאָפּולער געוואָרן אונטער דעם נאָמען ״שמאַלצאָווניקעס״, אין נישטערן און אַרויסגעפינען צווישן דעם גרויסן פּוילישן המון אין די גאַסן פון וואַרשע די, דורך זיי דערשנאַפּטע, יידישע קרבנות, און דורך שאַנטאַזש און ״בלעקמעיל״ אויספּרעסן פון זיי דאָס ביסעלע אָרימקייט וואָס זיי האָבן נאָך פאַרמאָגט, וואָס איז אָפּטמאָל באַשטאַנען אין נישט מער ווי דאָס מלבוש, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף זיך.

פאַרשיידענע קאָמפּליצירטע און פאַנטאַסטישע איינפאַלן זיינען אָנגעווענדעט געוואָרן דורך אָט די יידן צו פאַרמאַסקירן זייער אידענטיטעט אָנצוגיין אַלס קריסטן און קענען אַדורכשטופּן די ביטערע צייט.

וועגן איינעם אַזאַ איינפאַל, אָדער ווי מען וואָלט עס דאָ אָנגערופן, אַ ״טריק״, דערלויבט מיר צו דערציילן אַ פּערזענליכע דעראינערונג.

ווען עס איז מיר און מיין פרוי, נאָכן אַנטלויפן פון דער וואַרשעווער געטאָ און לעבן אויף דער פּוילישער זייט אויף פאַלשע פּוילישע פּאַפּירן, געוואָרן

זייער שווער דאָס לעבן, צוליב פֿאַרשידענע פּרואוון פֿון שאַנטאַזש און מסירות פֿון אונזער יידישער שטאַם, איז אונז איינגעפֿאַלן איינצושאַפֿן זיך אַ פּאָר צענדליק הייליגע בילדער, איקאָנעס, צלמים, אַ גאַנצע קראָם פֿון "תשמישי קדושה" און מיט דער סחורה אַרומפּאָרן האַנדלען אויף אַלע עפֿנטליכע פּלעצער און ביי די אריינגאַנגען פֿון די קאָשטאָלן אין די פֿאַרשידענע שטעטלעך אַרום וואַרשע. ווען איך וואַרף היינט אַ בליק אויף צוריק אויף אָט דעם איינפֿאַל, זעט עס מיר אויס געוואַלדיג פֿאַנטאַסטיש און ריזיקאַליש.

צי קענט איר זיך פֿאָרשטעלן צוויי יונגע מענטשן, געבוירענע און דערצויגענע אין ריינע, כשר׳ע פֿון דור־דורות יידישע היימען צו שטיין ביי די אַריינגאַנגען אין די קאָשטאָלן און פֿאַרקויפֿן בילדער פֿון אָפּגעטער צו די אַריינגייענדיגע און אַרויסגייענדיגע פֿרומע קריסטן, יונג און אַלט, וואָס האָבן אַגב אין יענע צייטן זייער צאָלרייך באַזוכט זייערע געבעט־הייזער, ווי וועלנדיק אפשר דערמיט אויסדריקן זייער שטומען פּראָטעסט קעגן דעם דייטשן אָקופּאַנט, וועלכער האָט אויך זיי, די פּאָליאַקן, נישט אַלעמאָל געשאַנעוועט.

מיר האָבן אונזער סחורה אָנגעבאָטן זייער ביליק. אָפֿטמאָל נאָך פֿאַרקויפֿט אונטער דעם פּרייז וואָס ס׳האָט אונז געקאָסט. ווייל נישט אין קיין פּראָפֿיטן און צו "מאַכן אַ לעבן" ווי מען זאָגט דאָ איז עס אונז געגאַנגען.

מיר זיינען מיט אונזער האַנדלונג אויסן געווען, קודם כל, אָפּצוציען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון זיך זעלבסט, אַז אונזער אויסזען זאָל נישט אַרויסרופֿן קיין שום ספקות פֿון פֿאַרדאַכט, ווייל מיר האָבן געטראַכט, אַז עס וועט קיין שום גוי, נישט איינפֿאַלן צו זוכן יידישע פּנימער ביי הענדלער פֿון קריסטליכע רעליגיעזע בילדער. ווייל געלערנט פֿון ביטערער דערפֿאַרונג אין יענע יאָרן האָבן מיר, אַז וואָס גרעסער די חוצפּה אַלץ בעסער די שאַנסן!

און אַזוי־אַרום האָבן די קריסטליכע סימבאָלן און אפּאָסטאָלן, דאָס מאָל אָפּגעהיטן צוויי יידישע קינדער פֿון ווערן אויסגעליפֿערט צו זייערע גלויביגע, וועלכע האָבן נישט איין מאָל אין נאָמען פֿון קריסטליכער ליבע און באַרמהאַרציקייט געברענט מענטשליכע לעבנס אויפֿן פֿייער.

מיר האָבן אָבער אַפילו ניט געדאַרפֿט וואַרפֿן אונזערע געדאַנקען צו דער פֿאַרגאַנגענהייט, ווייל אָט ערשט דאָ, פֿאַר אונזערע אויגן, אָפּגעטיילט אַ פּאָר שפּאַן פֿון אונז, הינטער די הויכע מויערן פֿון דער וואַרשעווער געטאָ, איז אַ פֿאָלק אויסגעגאַנגען אין זייערע לעצטע קאָנוואולסיעס אין אַ ים פֿון הונגער, קראַנקהייטן און סאַדיסטישע פּייניגונגען - און דאָ שטייען גלחים אין שוואַרצע סוטאַנעס און שטיקענדיגע פֿון ווייררויך אָנגעפֿילטע קאָשטאָלן איבער אַ מחנה הכנעה׳דיגע, קניענדיגע מענער, פֿרויען און קינדער, און מען פּרעפּלט תפילות פֿון ליבע און רחמנות!... עס האָט ממש די לופֿט געציטערט

פון דעם שטנס ווילדן געלעכטער, אויף אַזאַ שקר־דיגער, צביעות־דיגער, פאַרעיפּושטער וועלט!...

מיר וואָלטן אַוודאי ווייטער פאָרגעזעצט אונזער האַנדל – און ווער ווייסט ווי הויך מיר וואָלטן מיט אונזערע סוחרישע פייאיגקייטן און איינפאַלן דערגאַנגען. אָבער אונזער האַנדל איז מיטאַמאָל געוואָרן איבערגעריסן ווען צוזאַמען מיט אַ גרויסער מחנה פּאָליאַקן זיינען מיר געכאַפּט געוואָרן דורך דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע אין אַן אָבלאַווע אויף איינער פון די גאַסן אין אַ פּויליש שטעטל, פּרושקאוו און ווי אויף צעשטורעמטע כוואַליעס פון געשעענישן זיינען מיר פאַרשלעפּט געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין בערלין.

אויך דאָ האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף באַהאַלטענע יידן, וועלכע זיינען, ווי מיר, מיטגעשלעפּט געוואָרן מיטן שטראָם פון יונגע פּאָליאַקן, וואָס זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן אין פּוילן און זיינען פאַרשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד צו אַרבעטן אין די פאַבריקן אָדער אין די דאָרפישע ווירטשאַפטן, אויסצופילן דעם בלויז פון די יונגע דייטשע רעזערוון, וואָס האָבן זיך געשלאָגן אויף אַלע פראָנטן אין אייראָפּע, אין די באַטאַליאָנען פון די עס.עס. און אין דער וואַרמאַכט.

איידער מען האָט אָט אַזעלכע מענטשן אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד האָט מען געמוזט דורכגיין אַ מעדיצינישע אונטערזוכונג. במילא האָבן גאָר ווייניג יידישע מענער געהאַט די מעגלעכקייט זיך אויסצומישן צווישן די הונדערטער טויזנטער מענער נישט בלויז פון פּוילן, נאָר פון גאַנץ מזרח־אייראָפּע, געכאַפּטע אָדער ווערבירטע אויף שקלאַפן־אַרבעט אין דייטשלאַנד. אָבער דער פּראָצענט־זאַץ פון יונגע יידישע מיידלעך און פרויען, וועלכע האָבן פיגורירט אַלס פּאָלקעס, אוקראַאינקעס, ווי אויך אַלס רוסישע מיידלעך, איז געווען זייער אַ באַדייטנדער.

בלויז אין אונזער פאַבריק אין בערלין, וואו איך און מיין פרוי האָבן געאַרבעט, זיינען געווען עטליכע צענדליג יידישע מיידלעך, מיט וועלכע מיר האָבן זיך טאָג־טעגליך באַגעגנט. אָבער צוליב קאָנספּיראַציע־סיבות האָבן מיר זיך נישט פאַרטרויט איינער דעם אַנדערן. מיר האָבן פּשוט אויסגעמיטן די יידישע טעמע, ווי זי וואָלט בכלל אויף דער וועלט נישט עקזיסטירט. אין דער באַנעמונג, אין דער געזעלשאַפט, ביי דער אַרבעט און נאָך דער אַרבעט, אין די זונטאָגיגע פאַרווײַלונגען, אין די באַראַקן וואָס די דייטשע גאַטשאַלסטוואָ האָט פון צייט צו צייט דערלויבט איינצואָרדענען, האָט מען אין דעם פריילעכן גערויש און אין דעם ווי עס האָט זיך געקענט אויסדרוקן אין דעם זאָרגלאָזן געלעכטער, געקענט ווייניג וואָס אונטערשיידן זיי פון זייערע קריסטליכע חברטעס. אָפט מאָל האָב איך געהאַט דעם איינדרוק אַז זיי האָבן געוואָלט מיט

זייער עפנטליכער, פרייער, זאָרגלאָזער שטיפערישקייט באַהאַלטן פאַר זייערע קריסטליכע שכנים דעם טיפן צער און ווייטאָג ווען זיי זיינען געווען אַליין.

און דאָס האָט מען געקענט זייער לייכט אויסגעפינען. געווען גענוג אויפצוכאַפּן אַ מאָמענט, ווען דאָס מיידל האָט געטראַכט אַז זי איז נישט אונטער קיין אָבסערוואַציע פון דרויסן - און איר וואָלט געזען אַ פּאָר אומעטיקע טרויעריקע אויגן, וואס קוקן ווייט ווייט אַוועק פון אונזער אומעטיקער טרויעריקערווירקלעכקייט, און איר האָט געזען פאַר זיך אַ פּאָר גרויסע, פאַרטרערטע און טיף־טרויעריגע יידישע אויגן.

נישט אומזיסט האָבן די קריסטליכע מיידלעך - קוקנדיק אָפטמאָל זייטיג אויף אַזאַ יידיש מיידל, געשעפּטשעט צווישן זיך אויף פויליש אָדער אויף רוסיש: "ווען נישט די אויגן, וואָלט איך געזאָגט, אַז דאָס איז אַ יידישקע"...

יאָ, אין די יאָרצייט־טעג, ווען מיר בייגן די קעפּ צום אָנדענק פון דעם אויפשטאַנד אין דער וואַרשעווער געטאָ און דעם אומקום פון די זעקס מיליאָן אונזערע ברידער און שוועסטער, דאַרפן מיר נישט אויסלאָזן אויך די אַלע פּאַזען פון דעם גרויסן קאַמף־אָפּשניט און דעם ביטערן געראַנגל פון יעדן יחיד פאַר זיין לעבן. מיר דאַרפן באַטראַכטן, אַז יעדער אָפּגעראַטעוועטער ייד אָדער אַפילו בלויז זיין פאַרצווייפלטער פערזענליכער קאַמף נישט צו לאָזן זיך אומברענגען און זיין ווילן זיך צו ראַטעווען, כאָטש ליידער אַזוי זעלטן זיך איינגעגעבן, איז געווען אַ מעסער אין רוקן דעם היטלעריסטישן וואונטש פאַר טאָטאַלער פאַרניכטונג פון יידישן פאָלק.

אויך ביים אויפשטאַנד אין אויגוסט 1944 פון דער וואַרשעווער פוילישער באַפעלקערונג, ווען די סאָוועטן זיינען שוין געשטאַנען ביי דער ווייסל, איז היסטאָריש פעסטגעשטעלט, אַז טויזנטער יידן וואָס זיינען ביז דעמאָלט געווען אויף אַרישע פּאַפּירן אָדער פאַרשטעקט אין בונקערס, זיינען געווען פון די ערשטע וואָס האָבן אויף באַריקאַדען אין די וואַרשעווער גאַסן העלדיש געקעמפט קעגן דעם דייטשן אָקופּאַנט.

און כאָטש דער אויפשטאַנד איז געוואָרן אונטערגעדריקט און טויזנטער זיינען אומגעקומען, אָדער פאַרשיקט געוואָרן אין פאַרשידענע לאַגערן, ענדערט דאָס אָבער נישט דעם עצם־פאַקט פון זייער העלדישן קאַמף, פונקט ווי עס ענדערט נישט דעם פאַקט, אַז טראָץ די אַרישע פּאַפּירן אין זייערע טאַשן, ווען זיי זיינען געבראַכט געוואָרן צו זייער אייביגער רו אויף די קאַטוילישע בית עולמס, איז טראָץ דעם, האָט די אַלטע לאָזונג פון "תמות נפשי עם פלישתים" האָט זיי געבראַכט אין די פּאָדערשטע רייען צוזאַמען מיט די פוילישע אויפשטענדלער אין זייער פאַרצווייפלטן קאַמף קעגן דעם שטאַרקן דייטשן שונא.

עס איז שוין אַדורך דרייסיק יאָר נאָך דעם אויפֿשטאַנד אין דעם וואַרשעווער געטאָ, 33 יאָר זינט דעם אויסברוך פֿון דער וועלט־שריפֿה, וואָס האָט מיטגעבראַכט דעם אומקום פֿון אונזער פֿאָלק — און דאָך איז די טעמע ווייט פֿון זיין אויסגעשעפּט און ווייט פֿון זיין באַגרייפֿליך.

ווייל טראָץ דעם ים פֿון פֿאַקטן, ווערטער און טרערן, וועגן אונזער חורבן, זיינען נאָך פֿאַראַן אַזוי פֿיל זאַכן וואָס נישט בלויז מיר — דער דור פֿון חורבן און אומקום — נאָר אויך קומענדיגע דורות וועלן מיט שטוינונג און איבעראַשונג זיך פֿרעגן די קיינמאָל נישט פֿאַרענטפֿערטע פֿראַגע: ווי אַזוי איז דאָס געווען מעגליך?!

ווי אַזוי האָט מען פֿאַר די אויגן פֿון דער גרויסער ציוויליזירטער קריסטליכער וועלט, פֿאַר די אויגן פֿון דער פֿיל־מיליאָניקער און אָרגאַניזירטער, פּראָגרעסיווער, ראַדיקאַלער אַרבעטערשאַפֿט אויסגעה׳רג׳עט מיליאָנען שוצלאָזע מענטשן, אָן שום פּראָטעסט און אָן שום ווילן פֿון פּרוּוון אַפֿילו צו העלפֿן דורך אַריינמישן זיך קעגן די רציחות?!

אין פֿאַרשידענע אוניווערסיטעטן אין אַמעריקע, ווי אויך ביי אונז אין ניו יאָרק, אין סיטי קאָלעדזש, זיינען געשאַפֿן געוואָרן דעפּאַרטמענטן צו שטודירן די גרויסע אומגליקליכע תקופֿה פֿון חורבן און אומקום. עס באַמערקט זיך לעצטנס אַ געוויסער אינטערעס ביי דער שטודירנדיגער יידישער יוגנט צו אָט די פֿראַגן און פּראָבלעמען, פּונקט ווי עס באַמערקט זיך אַן אַלגעמיינע אויפֿוואַכונג צו אונזער נאַציאָנאַלן עבר ביי אַ יוגנט, וועלכע מען האָט געמיינט אַז זי איז שוין אַטראָפֿירט פֿון אונזער נאַציאָנאַלן שטאַם.

עס רעדט זיך דאָ, פֿאַרשטייט זיך, וועגן דעם נאַציאָנאַלן און שטאָלצן רעוואָלט פֿון די יונגע סאָוועטישע יידן קעגן דעם קאָסמאָפּאָליטיזם מיט וועלכן מען האָט זיי געקאָרמעט יאָרן־לאַנג.

עס האָט בכלל אַ סך זיך געענדערט דער גייסטיקער געדאַנקענגאַנג פֿון דעם יידישן פֿאָלק דורך די לעצטע דרייסיק יאָר.

אָנגעלערנט פֿון די ביטערע דערפֿאַרונגען ווי זייער פֿיל הויך־קלינגענדיקע לאָזונגען און שיינע אויסגעטרוימטע אידייען, פֿאַר וועלכע מיר האָבן אויפֿן מזבח מקריב געווען דאָס שענסטע און בעסטע וואָס מיר האָבן פֿאַרמאָגט — און דאָס איז: דאָס פֿייער און גלויבן פֿון אונזער יוגנט, וואָס איז געוואָרן ממש צעטראָטן פֿאַר אונזערע אויגן. איז אַלס קאָנסעקווענץ פֿון דעם האָט זיך גענומען די איבערשאַצונג פֿון די ווערטן און דאָס צוריקקערן זיך צו אַן אַלטער לאָזונג, וואָס מיר האָבן נאָך אין די יונגע יאָרן געלערנט: ״אם אין אני לי, מי לי, ואם לא עכשיו אימתי?״ — דאָס הייסט, אויב נישט מיר אַליין, ווער וועט טאָן עפּעס פֿאַר אונז, און אויב נישט שוין, היינט, ווען דען?

דאָס איז אייגנטליך דער תמצית און דער באַשייד פון גרויסן "נס" (וואָס מיר זיינען געוואוינט אָנצורופן), דער אויפגעוואַכטער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין פון די רוסישע יידן.

און פאַרוואָס בלויז די רוסישע? אויך די אַמעריקאַנער יידן האָבן דורכגעמאַכט אַ נאַציאָנאַלע אויפוואַכונג, ווייל, נאָך מיט 20־30 יאָר צוריק האָט מען נאָך אויך דאָ, אין אַמעריקע, גאַנץ געשמאַק געדינט פרעמדע געטער ־ און די בלוי־ווייסע פאָן, ווי בכלל דער באַגריף פון אַ נאַציאָנאַלער רענעסאַנס איז באַטראַכט געוואָרן ווי נישט פּראָגרעסיוו און ווייט נישט "כשר" אין גאָר ברייטע שיכטן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע.

איז דאַרפן מיר זיין צופרידן און מיר דאַרפן זאָגן, אַז עס איז אפשר גאָרנישט קיין צופאַל, וואָס די דאַטע 30 יאָר געטאָ־אויפשטאַנד שטייט אין נאָענטער שכנותשאַפט מיט 25 יאָר מדינת ישראל.ביידע זיינען מיוחס'דיקע קיילעכדיקע דאַטעס. בלויז פינף יאָר גערוקט איינער פון צווייטן. און אַזוי וועלן זיין שוין שפּאַנען צוזאַמען אויף דור־דורות.

עס איז אַ מנהג ביי יידן, אַז אין ערשטן שבת נאָך תשעה באב ווערט אין די שולן און בתי־מדרשים געלייענט די הפטרה "נחמו, נחמו עמי", וואו דער נביא ישעיהו טרייסט ־ אין פּאָעטישע ווערטער ־ דאָס פאָלק ישראל נאָך דעם חורבן בית המקדש.

היינט, אין אונזערע צייטן, איז מדינת ישראל די טרייסט און פאַרגיטיגונג. און לאָמיר האָפן, אַז זי איז אויך אונזער פאַרזיכערונג, אַז מיר וועלן מער נישט האָבן קיין טרעבלינקעס, קיין אוישוויץ און קיין דאַכאַו נישט פאַר אונזער דור און נישט פאַר די דורות נאָך אונז!

**אַפּריל 1973**

# מיט 40 יאָר שפּעטער

## ביים שארית הפליטה צוזאַמענפאָר
## אין וואַשינגטאָן, אַפּריל 1983

פון אַלע שטאַטן אין אַמעריקע און קאַנאַדע זיינען זיי געקומען. עלטערע, מיטל־יעריגע און די אייניקלעך פון די עלטערע. די אויסגעברענטע טאַטואירטע נומערן אויף די אָרעמס זיינען היינט געווען באַהאַנגען מיט שבת און יום־טובדיקע קליידער.

אויף די לאַטצען פון זייער מלבושים האָבן געהאַנגען שילדלעך מיט נעמען פון לענדער, שטעט און פלעצער פון אומקום. אין אַן אומרו פון נייגער, דערוואַרטונג און ספקות, האָבן אויגן מיט אויגן זיך באַגעגנט, זיך פאָרגעשטעלט אין געדאַנק די פּערזאָן וואָס מען האָט אַזוי נאָענט געקענט פון אַמאָל, געגנישטערט בליץ־שנעל דעם פאַרגלייך מיט דעם מענטש וואָס קומט דיר אַנטקעגן וואָס האָט אויך אַוודאי געהאַט דעם זעלבן געדאַנק און טראַכטן פון אפשר, אפשר, איז עס דער פון אַמאָל... אַמאָל...

מיט אַ טיפן אַריינבליק איינער אין צווייטנס אויגן, האָבן הענט זיך אויסגעשטרעקט אָנרירנדיק דעם צווייטנס אַקסלען, און געבעטן אַ ענטפער אויף דער ציטערדיקער פראַגע וואָס האָט אין פאַרשידענע וואַריאַציעס געשוועבט אין דער לופטן צווישן דעם גרויסן פיל־קעפּיגן עולם, צי ביזטו נישט אַמאָל געווען מיין "ברודער" אין דעם גרויסן עמק הבכא פון יענער צייט?

נאָך אַ פּאָר לאַנגע אויסמאַטערנדיקע טעג, אויסהערנדיק אומצאָליקע עמאָציאָנעלע רעדעס פון מענטשן מיט אַ גרויסן סטאַזש וואָס זיינען גראַדע "דאָרטן" יאָ געווען, ווי אונזער גרויסער מקונן פון דער חורבן צייט אליעזר וויזעל און אַנדערע, נאָך די פּאָטעטישע פריינדלעכע און פיל־צוזאָגנדיקע רעדעס (וואָס נישט אַלעמאָל האָבן זיי אַ דעקונג אין רעאַלן לעבן...) פון אונזערע גרויסע שטאַטסמענער אין אַמעריקע, ווי פּרעזידענט ראָנאַלד רעיגען, וויים פּרעזידענט דזשאָרדזש בוש, ספּיקער טיפּ אָניעל און אַנדערע, האָבן זיך צוויי מענטשן פון ניו־יאָרק שוין געפילט אַביסל אויסגעמאַטערט.

די צוויי מענטשן זיינען אַמאָל געווען אַ יונג פּאָרל וואָס דער שטורעם פון דער צייט האָט זיי אין די חורבן יאָרן פאַרשלעפּט קיין בערלין און דאָרט האָבן זיי ווי די אַמאָליקע אַנוסים פון שפּאַניע געלעבט אונטער פאַלשע פאַבריצירטע נעמען און ווי ריינע קריסטלעכע אַריער.

ס'איז היינט פונקט 40 יאָר. אין אַ פאָרשטעטל אונטער בערלין אין גרויסע אומהיימלעכע באַראַקן זיינען אַ פּאָר טויזנט יונגע מענער און פרויען,

געכאַפּטע אין פאַרשידענע טיילן פון אייראָפּע, אַריבערגעשיקט געוואָרן דאָ אַהער, וואו זיי זיינען איינקוואַרטירט געוואָרן אין קאַזאַרמעס פון די דייטשע ווערמאַכט, און זיי זיינען יעדן פרימאָרגן אָפּגעשיקט געוואָרן אין די פאַרשידענע אַמוניציע פאַבריקן אויסצופילן דעם פּלאַץ פון די יונגע דייטשן וואָס האָבן געקעמפט אויף די פראָנטן פון אייראָפּע פאַר דעם פירער און פאָטערלאַנד.

צווישן דער גרויסער פיל טויזנט קעפּיקער אַרבייטס מאַסע, צעוואָרפן אין די אַרבייטס־לאַגערן פון בערלין און אומגעגנט, האָבן זיך ווי דורך ניסים געפונען אויך איינצלנע אַריינגעשמוגלטע יידן, אין גרעסטן טייל יונגע פרויען פון פּוילן.

טראָגנדיק אויף די לאַטצן פון די מלבושים די איניציאַלן פון די לענדער פון וואַנען מען האָט זיי אַריבערגעבראַכט, זיינען די יונגע יידישע מיידלעך און פרויען געווען אונטער דעם "פּראָטעקטאָראַט" פון אַ פּוילישער "פּ" אויף זייערע קליידער.

שטיל, באַשיידן און צוריקגעהאַלטן, אין קעגנזאַץ צו דער טומלדיקער אויפפירונג פון די "שיקסעס" פון פּוילן, אוקראַאינע, און פראַנקרייך, וואָס האָבן זייער געצוואונגענעם אויפהאַלט אין לאַגער דערווייל געוואָלט אויסנוצן אויף האָבן אַ "גוד טיים", האָבן די יונגע יידישע פרויען און מיידלעך זיך אַרויסגעהויבן מיט זייער שטילער צניעותדיקער אויפפירונג און קאָרעקטער באַציאונג צו די שכנים אַרום.

אין באַהאַלטענע מאָמענטן אָבער, דורך אויפכאַפּן זייערס אַ בליק, האָט איר אין די אויגן זייערע געזען אַ ים פון צער און אומרו, ווי זיי וואָלטן געלעבט אין אַן אַנדערע וועלט, ווייט, ווייט פון דאַנען... אַן אויסנאַם פון זיי אַלע איז געווען דאָס שוואַרצע חנ׳עווודיקע יידישע מיידל אירקאַ.

געקומען איז אירקאַ מיט אַ טראַנספּאָרט געכאַפּטע פרויען אויף דער אַרישער זייט אין וואַרשע בעת דעם שמוגל פון שפּייז וואָס איז אָנגעגאַנגען ביי דעם וואַרשעווער געטאָ־מויער. האָבנדיק אַ גוטן אַרישן אויסזען, האָט זי שנעל זיך געקענט אויסמישן מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג און אָנגיין אַלס קריסטין. איבערלאָזנדיק אָבער אירע עלטערן אינעם וואַרשעווער געטאָ, האָט זי דורך דעם שמוגל געוואָלט זיי ראַטעווען פון אַ הונגער־טויט וואָס איז געווען דער "נאַטירלעכער טויט" צו יענער צייט אין דער וואַרשעווער געטאָ.

ביי איינע אַזאַ אַקציע, אַרום די געטאָ מויערן אויף דער אַרישער זייט, האָט איר די דייטשע זשאַנדאַרמעריע געכאַפּט און נישט טראָגנדיק דעם יידישן אָפּצייכן און מיט אַ "כשר" אַרישן אויסזען, האָט זי געלייקנט איר יידישן אָפּשטאַם און צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר צענדליק פּוילישע מיידלעך איז זי

אָפּגעשיקט געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין בערלין און איז איינקוואַרטירט געוואָרן אין דעם זעלבן לאַגער וואו עס האָט זיך שוין געפונען, נאָך פון פריער, אַ פּאָר אויך אומגלויבליך ניסים׳דיקע גלגולים, דאָס פּאָרל וואָס איז היינט געקומען צו דעם צוזאַמענפּאָר פון דער שארית הפליטה אין וואַשינגטאָן.

נאָך אַ גאָר קורצער צייט איז אירקאַ געוואָרן דאָס ליבלינג פון אַלע אין לאַגער, אפשר צוליב איר אויסערלעכן חן, און אפשר צוליב איר היימלעכקייט און פריילעכקייט וואָס איז אָבער געווען בלויז ביז אַ געוויסער מאָס, ווייל אין די זעלטענע מינוטן וואָס זי איז נישט געווען אַרומגערינגלט פון מענטשן אַרום, האָט אַ געוואַלטיקער טרויער און אומעט אַרויסגעקוקט פון אירע אויגן.

ווייזט אויס אַז איר אויסערלעכע שטיפערישע פריילעכקייט איז געווען אַ קאַמופלאַזש צו פאַרדעקן איר יידישן אָפּשטאַם אַפילו פאַר די עטלעכע יידישע פרויען וואָס האָבן צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים זיך נישט אידענטיפיצירט איינע מיט די צווייטע, זיך אַפילו ווי אויסגעמיטן צו באַגעגענען פּנים אל פּנים, בכדי נישט אַרויסצורופן קיין חשד ביי די פּוילישע "שיקסעס" וואָס האָבן עפּעס ווי אָנעהויבן באַמערקן אַ געוויסע "אַנדערשקייט" אין דער אויפפירונג און באַנעמונג ביי די שטילע, אומעטיקע און צוריקגעצויגענע יידישע מיידלעך.

יעדנפאַלס, ביז 1943, ווען איינער פון דעם דעמאָלט יונגן פּאָרל (וואָס געפינט זיך היינט גליקלעכערווייז צוזאַמען אין וואַשינגטאָן) איז אַרעסטירט געוואָרן און איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אָראַניענבורג־זאַקסענהאַוזען, איז אירקאַ׳ס פּאָפּולאַריטעט אין דעם לאַגער געווען אין דער פולער הויך. האָפנטלעך האָט זי דערגרייכט די פרייהייט און אַזוי אַרום געקענט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם "יאָך" פון דעם פּוילישן שלייער און אידענטיפיצירן זיך צו אַ פול יידיש לעבן.

אין די גאַנצע 40 יאָר זיינען די אומעטיקע יידישע מיידלעך און די שטיפערישע היימלעכע אירקאַ ווי געשטאַנען לעבעדיק פאַר די אויגן, און נישט איינמאָל געווען די טעמע פון געשפּרעך און פאַרטראַכטונג ביי דעם פּאָרל וואָס איז היינט געקומען קיין וואַשינגטאָן צו זיין "צוזאַמען מיט אַלע", און אפשר, אפשר, אָפּנעמען אַ גרוס פון ווען עס איז פון יענע צייטן...

ס׳איז שוין דער דריטער און לעצטער טאָג פון דעם צוזאַמענקום אין וואַשינגטאָן. זיצנדיק אינעם גרויסן זאַל און שפּאַצירנדיק מיט דער גרויסער מענטשן מאַסע אַרום זיך, זיינען נאָך אַלץ די אויגן געוואַנדערט צו די פּנימער וואָס קומען דיר אַנטקעגן, כאָטש מען גיט זיך אָפּ אַ חשבון אַז די געזיכטער פון אַמאָל זיינען נישט די פּנימער פון היינט ווייל די 40 יאָר האָבן מער ווי אַביסל קאָרעגירט דעם אויסזען...

און וואונדער איבער וואונדער, עס קומט דיר אַנטקעגן אַ יונג פּאָרל. זיי גייען שמייכלדיקע מיט אויפגעהויבענע קעפּ און ביי ביידע ניו־יאָרקער רייסט זיך אין דער זעלבער מינוט אַרויס אַ געשריי, ״זע נאָר! אירקאַ! אירקאַ!״

כאָטש ביי ביידע לויפט דורך בליץ־שנעל דער געדאַנק אַז די אירקאַ פון אַמאָל דאַרף דאָך זיין היינט אַ פרוי אין די זעכציקער יאָרן. איז דאָך דער ״חשבון״ נישט קיין ריכטיקער, אָבער דער נייגער און וואונדער נעמט די איבערהאַנט און ביי אַ אינטימן שמועס אין אַן אָפּגעזונדערט ווינקל ווייט פון דעם גרויסן עולם ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס יונגע פּאָרל וואָס איז געקומען פון קאַליפאָרניע, איז טאַקע אַ טאָכטער פון אַ מוטער וואָס האָט געלעבט אין ״יענע יאָרן״ אין בערלין אויף אַרישע פּאַפּירן אַלס קריסטין. צי דאָס איז אָבער מיט דער פולער זיכערקייט די טאָכטער פון ״אונזער״ אירקאַ, ווייסט נאָר איין ג־ט, ווייל ליידער איז די מוטער געשטאָרבן פון אַן אומהיילבאַרע קראַנקהייט ווען דאָס קינד, די סימפּאַטישע יונגע פרוי וואָס זיצט היינט דאָ, איז אַלט געווען בלויז 4־5 יאָר. זי ווייסט אָבער פון דעם וואָס זי האָט געהערט פאַרציילן אין דער פאַמיליע, וועגן דעם העראָאישן געראַנגל פון איר מוטער אין די טעג און די נעכט פון די חורבן יאָרן פאַר איר לעבן און עקזיסטענץ.

מיט טרערנפולע אויגן און מיט דאַנקבאַרע בליקן האָט זי אויסגעהערט א פּאָר־שעה׳דיקע עראינערונגען פון לאַגער און שילדערונגען וועגן איר ״מוטער״. זי האָט אין געדאַנק אַדאָפּטירט די ניי־געפונענע ״מאַמע אירקאַ״ וואָס זי האָט ביים לעבן ליידער אַזוי ווייניג געקענט.

אין דער ווייטער קאַליפאָרניע, אין דער רחבות׳דיקער היים פון אַ יונג פּראָפעסיאָנאַל פּאָרל, קינדער פון צווייטן דור איבערגעלעבטע, ווען די טאָכטער וועט אָנצינדן אַ ליכט צו דער יאָרצייט פון איר מוטער, וועט אפשר די געשטאַלט פון איר מוטער זיין איר מער נאָענט און היימיש זעענדיק איר אין אַ מער ליכטיקער דימענסיע.

**אַפּריל, 1983**

# 40 יאָר נאָך דעם נירענבערגער פּראָצעס

עס איז ביז היינט אָנגענומען, אַז קיילעכדיקע דאַטעס פון יאָרטאָג, יאָרצייטן ווי בכלל וויכטיקע דאַטעס פון געשעענישן צום גוטן אָדער חלילה צום שלעכטן, ווערן דערמאָנט, אָפּגעשאַצט, אָדער כאָטש פאַרנאָטירט. אַמאָל מיט פרייד, צופרידנקייט אָדער מיט טרויער און פאַרדרוס, קיינמאָל אָבער מיט גלייכגילטיקייט אָדער פאַרגעסן.

דעם היינטיקן מאָנאַט, אָקטאָבער 1986 איז געוואָרן 40 יאָר זינט עס איז פאַרענדיקט געוואָרן דער פּראָצעס אין נירענבערג פון די הויפּט־נאַצישע מלחמה־פאַרברעכער, וואָס זיינען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער דייטשער קריגס־מאַשין, האָבן אונטערגעצונדן די וועלט, פאַראורזאַכט מיליאָנען טויטע און פאַרוואונדעטע, ניט אָפּשאַצבאַרע פאַרלוסטן פון פאַרמעגן און אייגנטום, דערצו אויך אַ ים פון טרויער און טרערן פון פאַר׳יתום׳דיקע מענטשן.

דער משפּט וואָס איז אַריין אין דער געשיכטע אונטער דעם נאָמען ״דער נירענבערגער פּראָצעס״, האָט זיך געענדיקט מיט 12 פאַראורטיילטע צו דער תליה, 3 תפיסה־שטראָפן, וואָס איינער פון זיי געפינט זיך נאָך היינט אַ לעבעדיקער אין די תפיסה־מויערן אין שפּאנדאו, דייטשלאַנד. ווייזט אויס אַז דער מלאך המות גיט אים אַ לענגערע געלעגנהייט זיך צו פאַרטראַכטן וועגן זיינע אָפּגעטוענע מעשים אויף אונזער זינדיקער ערד...

איצטער, אָקטאָבער 1986, פערציק יאָר נאָך דעם משפּט, איז מילא, די ״גויאישע״ וועלט, די מידיאַ, פּרעסע, טעלעוויזיע און ראַדיאָ, האָט זיך אירע אייגענע צרות און זאָרגן צו זיין פאַרנומען מיט ״דעקן״ דעם שפּיאָנאַזש און קאָנטראַ־שפּיאָנאַזש פון די סאָוועטן קעגן אַמעריקע, פון כאַפּן אַ רוסישן שפּיאָן אין אַמעריקע און אים באַפרייען, פאַרן פרייז פון ״באַפרייען״ צוויי אומשולדיקע מענטשן אין רוסלאַנד... אָדער איבערצוגעבן וויפל שעה גאָרבאַטשאָוו און רעיגען האָבן דיסקוטירט אין איסלאַנד צו ״איינינקן״ זיך אויף דער דאַטע, ווען ווידער זיך צו טרעפן אין אַמעריקע...

למען האמת, האָט גראַדע דער ״טאַימס״ פון 8טן אָקטאָבער יאָ געווידמעט אַן אַרטיקל דעם משפּט פון נירענבערג, געשריבן פון דעם דעמאָקראַטישן סענאַטאָר פון קאָנעטיקעט, קריסטאָפער דאד, אַ זון פון דעם געוועזענעם סענאַטאָר טאָמאַס דאד, וואָס איז צו זיינער צייט, מיט 40 יאָר צוריק, געווען דער סעקרעטאַר פון דעם אַמעריקאַנער גענעראַל־פּראָקוראָר ביים נירענבערגער פּראָצעס, ראָבערט דזשעקסאָן. קריסטאָפער דאד ציטירט דאָרט די ווערטער וואָס זיין פאָטער האָט דאַמאָלט געשריבן: ״דער פּראָצעס האָט פאַר מיר אויפגעדעקט די אומגעהויערע און מורא׳דיקע גרויל מעשים פון די נאַצישע באַרבאַרן״.

פון דער יידישער זייט אָבער, פון די וואָס האָבן דאַכט זיך שוין ליידער געהאַט אַ גאָר ״נאָענטע שייכות״ צו די פאַרברעכער וואָס מען האָט געמשפּט אין נירענבערג, פון דער יידישער פּרעסע און געזעלשאַפטלעכער עפנטלעכקייט, איז מיט קליינע אויסנאַמען, די דאַטע אַדורך כמעט ווי אומבאַמערקט.

געדענקען דאָך נאָך אַ סך פון אונז די אומגעהויערע אויפטרייסלונג וואָס עס האָט אַרויסגערופן ביי אַלע, די שרעקלעכע שילדערונגען בעת דעם אַרויסטריט פון די יידישע עדות אויף דעם פּראָצעס, די נערוון ביי אַ סך, האָבן פשוט ניט אויסגעהאַלטן. דער באַקאַנטער שפּעטערדיקער שרייבער און כראָניקער פון עטלעכע פאַנטאַסטישע גרויל־ביכער פון יענער תקופה, דער היינטיקער תושב אין ישראל ק. צעטניק, וואָס איז אַמאָל אַליין געווען אַ ״מוזעלמענישער״ (אַ מוזעלמאַן, די לעצטע סטאַדיום פון אַן אויסגעהונגערטן מענטש, ערב שטאַרבן...) תושב אין אוישוויץ, איז געפאַלן אין חלשות ביים שילדערן די גרויל־סצענעס פון קאָנצענטראַציע־לאַגער. אויך דאָס אויפטרייסלענדע עדות זאָגן פון דעם באַקאַנטן פּאָעט אברהם סוצקעווער, וואָס איז בעת די היטלער־יאָרן געווען אַ פּאַרטיזאַן אין די ווילנער וועלדער, האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק ביים נירענבערגער פּראָצעס. דאָס זעלבע אויך דאָס עדות זאָגן פון די אַליאירטע און רוסישע אַרמיי־פירער, ביים אַריינקומען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און געזען פון דער ערשטער האַנט די לעבעדיקע און האַלב־לעבעדיקע מענטשלעכע סקעלעטן, וואָס וועט זיי, לויט זייערע ווערטער, פאַרפאָלגן זייער גאַנץ לעבן.

עס איז כדאי אָבער צו באַמערקן, אַז דער אורטייל אין דעם נירענבערגער פּראָצעס אויפצוהענגען די 12 פאַרמשפּטע, איז ניט געווען פאַר זייער אָנטייל אין מאַסן־מאָרד פון יידישן פאָלק, נאָר פאַר פאַרברעכנס קעגן דער מענטשהייט. קען זיין אַז עס איז בעסער אַזוי, ווייל וואָס פאַר אַ באַדייטונג קען האָבן אַ שטראָף פון 12 אָדער אַפילו פון הונדערט תליות ווען מען באַנעמט דעם באַקאַנטן אויסרוף פון דעם דיכטער חיים נחמן ביאַליק: ״נקמת דם ילד קטן, עוד לא ברא השטן!״. איצטער נעמט און כפּל׳ט די 1 אויף אַ מיליאָן און אפשר מער יידישע קינדער...

דער נירענבערגער פּראָצעס מיט זיינע שילדערונגען פון די אויטענטישע עדות וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט דעם היטלעריסטישן גיהנום, די אויפשווידערנדע מאַסן קברים, וואָס זיינען געווען געוואָרן אויפן עקראַן וואָס די דייטשן האָבן ניט באַוויזן צו פאַרניכטן, זיינען געווען די ערשטע פון דעם מין וואָס האָבן אויפגעדעקט פאַר דער וועלט אויף וואָס די דייטשן זיינען פעאיק.

זיי האָבן אָבער היינט, נאָך 40 יאָר, ווייט ניט פאַרלוירן זייער אַקטועלקייט, ווען מען הערט זיך צו צו דער וואקכאַנאַליע פון שקר, צביעות און פאַרלוימדונגען וואָס דאָס געזונדל פון אינטערנאַציאָנאַלע נעאָ־נאַציס אין דער וועלט פאַרשפרייטן דורך ביכער, פּרעסע און פּאַמפלעטן, אַז די שואה־פאַרברעכנס פון די דייטשן זיינען בלויז אַן אויסטראַכטעניש פון די יידן צו פאַרשוואַרצן נעבעך דאָס פּנים פון די דייטשן און אַרויסקריגן פון זייער לאַנד שווערע פאַרפראָצעוועטע שילומים געלטער.

נאָך היינט־צו־טאָג, דרייען זיך אַרום אָדער באַהאַלטן זיך אויס טויזנטער דייטשע מאַסן־מערדער וואָס זיינען געווען אַקטיוו אין דעם דייטשן פּראָגראַם פון דער פאַרניכטונג און אויסראָטונג פון דער שוצלאָזער יידישער באַפעלקערונג. אויב דאָ אָדער דאָרט ווערט ערגעץ וואו געכאַפּט, אָדער אויפגעדעקט וועלכער עס איז מערדער און געשטעלט פאַר אַ געריכט, ווער שמועסט נאָך אויב דער משפט קומט פאָר אין דעם היינטיקן דייטשלאַנד, אָפּטמאָל אפשר פאַר שופטים, פאַר וועלכע די שאַנדהאַפטיקע נירענבערגער־געזעצן אין דער היטלער־עפּאָכע זיינען געווען געזעץ־ביכער וואָס מען האָט געלערנט אין זייערע יונגע יאָרן אין די דייטשע אוניווערזיטעטן, קען מען זיך שוין פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ גערעכטיקייט מען קען פון זיי דערוואַרטן.

דווקא היינט, אין אונזערע טעג, ווען אַ קריגס־פאַרברעכער ווי קורט וואַלדהיים קען ווערן אַ פּרעזידענט פון אַ לאַנד, ווען אונזער פּרעזידענט רעיגען, קען זיין אַזוי אומפּילבאַר צו לייגן אַ קראַנץ אויף דייטשע ווערמאַכט זעלנער אין ביטבורג, און בכלל צוזעענדיק ווי די וועלט איז דינט די לעצטע 40 יאָר באַהערשט און פאַרטעמפּט פון פאַרקריפּלטע און פאַלש־באַלויכטענע אָפּשאַצונגען וועגן געשעעענישן און פאַסירונגען פון וועלכע עס ווערן וואָס אַמאָל וויניקער עדות אויסצוגלייכן די אַלע פאַרקריפּלונגען, האָט דער היסטאָרישער נירענבערגער־פּראָצעס געדאַרפט ווערן ניט בלויז אַן אַרכיוו־מאַטעריאַל פאַר דער "ייווא" און צוקונפטיקע דורות, נאָר טאַקע היינט, צו זיין 40טן יאָרטאָג, האָבן לכל הפּחות אונזערע פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס פון דער שארית הפּליטה אין זייערע אַקטיוויטעטן און "פייערלעכע" אימפּרעזעס אָפּצומערקן דאַטעס פון אומקום און איבערלעבונג, געדאַרפט אויך האָבן אין זינען אַזאַ וויכטיקע דאַטע ווי דער נירענבערגער משפט, וואו אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק זיינען דאַמאָלס געזעסן נישט בלויז די פאָר גענעראַלן און מיניסטאָרן פון דער ס.ס. און ווערמאַכט, נאָר לויט זיין פאַרנעם און באַשולדיקונגס־מאַטעריאַל איז דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אָנצינדן אַ וועלט־שריפה דערמיט, וואָס זי האָט געגעבן "דאָס גרינע ליכט" אירע פירער צו פּלאַנירן און אַדורכפירן זייערע פאַרברעכנס און שפּעטער געניסן פון דעם אָנגעזאַמלטן רויב, וואָס די

סאָלדאַטן האָבן אַהיימגעשיקט פון די פראָנטן צו זייערע געליבטע "גרעטכענס" אין דײַטשלאַנד.

שרײַבן, דערמאָנען, פּאָפּולאַריזירן דעם היסטאָרישן פּראָצעס אין נירענבערג, וואָלט אפשר אונטערגעגראָבן דעם "איבערבעטונגס"־פּראָצעס מיט דײַטשלאַנד וואָס באַמערקט זיך שוין לײַדער אין דער ייִדישער געזעלשאַפט, אַפילו "בלויז" דערוויַיל אין געוויסע קולטור אויסטוישן אָדער דיאַלאָגן צווישן דײַטשלאַנד און אָנגעזעענע ייִדן אין די תפוצות און ישראל. זאָל דער נירענבערג פּראָצעס זײַן דער "געדענק וואָס דײַטשלאַנד האָט צו דיר געטאָן!".

**אָקטאָבער 1986**

# דער חורבן מאָנומענט אין מיאַמי-ביטש

דער חורבן מאָנומענט, אויפגעשטעלט אין צענטער שטאָט פון מיאַמי־ביטש, איז איינע פון די איינדרוקספולסטע טרויער אינסטיטוציעס צו פאַראייביקן דעם מאַרטירער וועג פון די מיליאָנען יידן אומגעבראַכט אין דער שואה עפּאָכע דורך די דייטשן ימ״ש.

שוין ביים סאַמע אַריינקומען אין דער פּלאַזאַ פון מאָנומענט שטח, ווערט דורך מאַרמאָרנע טאָוולען און אויטענטישע פאָטאָ־קאָפּיעס פון די אומגליקלעכע קרבנות, כאָטש אַפילו בלויז אויף אַ ברוך־טייל, איבערגעגעבן וועגן אונזער צער און ווי פון יענער צייט. איז גוט צו דערמאָנען, אַז די ערשטע מאַרמאָרנע פּלאַטע איז געווידמעט אַ קאָנדענסירטע מיניאַטור־כראָנאָלאָגיש, געשיכטלעכער איבערגעבונג פון היטלערס קומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, ביז זייער טייוולאָנישער פאַרטראַכטונג פון טאָטאַלער אויסראָטונג פון אונזער פאָלק.

מיר האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו זען, ווי אָט די פּלאַטע ווערט געלייענט מיט אויפמערקזאַמקייט און אינטערעס און אויך מיט גרויס צער און טרויער דורך צאָלרייכע יידישע און אויך גויאישע באַזוכער ביים חורבן מאָנומענט.

און איצט וועגן מאָנומענט גופא.

עס קען זיין, אַז מען קען האָבן ספיקות, צי די אויפגעהויבענע בראָנזענע האַנט, 40 פוס הויך, האַלב אָפן, אַפילו מיט אַ טאַטואירטן קאַצעט נומער (וועלכן מען זעט קוים אַרויס), וואָס דאַרף אויסדריקן אונזער פּראָטעסט און ווי־געשריי צו דער וועלט, פאַר צוקוקן שטום צו אונזער פאָלק; דריקט טאַקע אויס דעם אונמעכטיקן צער און באַשולדיקונגס אַקט קעגן דער גויאישער וועלט, ס'איז אָבער קיין שום ספק, אַז די קנאַפּע 100 פיגורן און סקעלעטן, וואָס הענגען אויף דער אויסגעשטרעקטער האַנט, און די אַרום 10 סקולפּטורן, וואָס זיינען צעוואָרפן אויף דער פּלאַזאַ פון דעם גרויסן שטח וואָס דער מאָנומענט פאַרנעמט, זיינען אַזוי דערשיטערנד איינדרוקספול, אַזוי פאַרכאַפּנדיק פאַרן אויג – אַז זיי פאַרקלעמען דאָס האַרץ.

ווייל וויפל איר זאָלט נישט האָבן געהערט אָדער געלייענט וועגן די אומגליקלעכע קרבנות וועלכע זיינען געשפּרונגען אין דער וואַרשעווער געטאָ פון די ברענענדע מויערן, איז עס נישט קיין פאַרגלייך ווען איר זעט עס קינסטלעריש־סקולפּטוריש אַרויסגעברענגט, ווי אַ מאַמע האַלט צוגעדריקט איר קינד צו דער ברוסט און צוזאַמען שפּרינגען זיי פון אַ ברענענדיק הויז אין

וואַרשעווער געטאָ. דער אומבאַשרייבלעכע צער־פּולער אויסדרוק פֿון די מאַמעס אויגן, צוזאַמען מיט דעם מורא׳דיקן פּחד אַרויסגעבליקט פֿון די גרויס אויפֿגעריסענע אויגן פֿון דעם קינד, אַרויסגעבֿרענגט אַזוי אויטענטיש נאַטוראַל פֿון די קינסטלער וואָס האָבן באַשאַפֿן די פֿיגורן פֿון דעם חורבן מאָנומענט, וועלן אייך זיכער ״פֿאַרפֿאָלגן״ נאַכט ביי נאַכט, אַ לאַנגע צייט.

אָדער אַ סצענע ווי צוויי קינדערישע פֿיגורן אין אָפּגעריסענע טראַנטעס אויסגעמאָגערטע ביזן ביין, ליגן ערגעץ וואו אויף אַ טראָטואַר אין וואַרשעווער געטאָ, מיט אויסגעשטרעקטע מאָגערע הענטלעך בעטן אַ שטיקעלע ברויט... אָדער ווי צוויי ״מוזולמענער״ (די לעצטע גראַדיאַציע פֿון שטאַרבנדע מענטשן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער) לייגן אַרויף איינער אויף דעם אַנדערנס פּלייצע די הענט און קוקן זיך ייאוש׳דיק און האָפֿנונגסלאָז איינער אין דעם צווייטנס אויגן אַריין.

נאָך דערצו ווען אני הגבר, זייענדיק אַ קורצע צייט אין וואַרשעווער געטאָ, און אַ לענגערע צייט אין קאָנצענטראַציע לאַגער, קען עדות זאָגן וועגן דער אויטענטישקייט פֿון אָט די געשילדערטע סצענעס; דאַן בעט זיך נאָר צוגעבן, אַז די קנאַפּע 100 סקולפּטור־פֿיגורן, יעדער מיט זיין וויי און צער אויסדרוק אין די פּנימער, זיינען אַ זעלטענער מאָנומענט מיט וועלכן מיאַמי־ביטש קען שטאָלץ זיין.

איר קענט נישט אַוועק גיין פֿון אָט די עדה הענגענדיקע יידן, מיטן רוקן אויסגעדרייט צו זיי, איר מוזט זיך צוריקציען הינטערווייכעכטס, אַוועק גייענדיק פֿון זיי, ווי פֿאַר אַן אָפֿענעם ארון־קודש. אָבער אויך אָן שום ספק, מיט אַ פּערלדיקע טרער אין אייערע פֿייכטע יידישע אויגן.

# אַ שפּאַציר אין אַ צושטערטן גאָרטן

## קאַפּיטלען און אויסצוגן פון 72 יזכור ביכער 247 זייטן

דאָס בוך "פון אַ צושטערטן גאָרטן", אַרויסגעגעבן פון 2 שרייבער און פאָרשער, י. קוגעלמאַס און יונתן באַארין, איז אַ מאַטעריאַל צונויפקלייב פון איבער 70 יזכור ביכער וואָס זיינען דערשינען נאָך דעם קריג, אַרויסגעגעבן דורך פאַרשידענע לאַנדסמאַנשאַפטן, אָרגאַניזאַציעס, קלובן און אויך יחידים, וועלכע האָבן איבערגעלעבט דעם חורבן און דורך די ביכער פּרובירט פאַראייביקן און אויפשטעלן אַ מאָנומענט נאָך זייערע פאַרשניטענע קהלות.

עס זיינען שוין ביז איצט אַרויס איבער 800 יזכור ביכער. און כאָטש מיר שטייען שוין איבער 40 יאָר נאָך דער פאַרניכטונג פון דעם יידישן לעבן אין די שטעט און שטעטלעך, דערשיינען נאָך יעדעס יאָר נייע ביכער פון דעם שטייגער, וועלכע האָבן פאַר זיך דעם ציל צו רעסטאַווורירן פאַר די קומענדע דורות דאָס אַמאָליקע שפּרודלדיקע יידיש לעבן מיט אַלע אירע פריידן און ליידן אין דער לענג און ברייט פון פוילן, ליטע און געוויסע טיילן פון רוסלאַנד.

דאָס פאָרלייגנדע בוך "פון אַ צושטערטן גאָרטן", האָט אויך טאַקע פאַר אַ ציל אויפצושטעלן אויפן גרונד פון אַ סעלעקטיוון אָפּקלויב פון 72 ביכער פון 800, אַרויסצונעמען פון יעדן בוך דאָס וועזנטליך כאַראַקטעריסטישע פאַר דעם שטעטל, די פאַרשידענע פאַזן און צייט אָפּשניטן, ווי למשל די געשיכטלעכע אַנטשטייאונג פון שטעטל, פאָלקלאָר, לעגענדן און לעבנס שטייגער, און דאַן די חורבן און אומקום תקופה, און צום סוף דאָס צוריקקומען, נאָך דעם חורבן, אויף די חורבות, "אַהיים".

די 800 יזכור ביכער זיינען אַ געוואַלדיקער אוצר פאַר די קומענדע היסטאָריקער און פאָרשער, וואָס וועלן בלויז אַפילו אופן סמך פון אָט די ביכער, געשריבן אין מערסטן טייל נישט פון קיין פּראָפעסיאָנעלע שרייבער און היסטאָריקער, אָבער כמעט אין יעדן בוך איז פאַראַן אַן אַלגעמיינער היסטאָרישער מאַטעריאַל וואָס נעמט אַרום אַ תקופה פון אַ פּאָר הונדערט יאָר יידיש לעבן זינט דעם אויפקום פון די ערשטע שפּראָצונגען פון אַ יידישן ישוב אין דער געגעבענער שטאָט, ביז זייער טאָטאַלער פאַרניכטונג דורך די דייטשע רוצחים.

די 72 יזכור ביכער וואָס זענען פאַרטרעטן אין דעם בוך "פון אַ צושטערטן גאָרטן" איז אַ סוביעקטיווער אויסקלויב פון די מחברים י. קוגעלמאַס און יונתן באארין און זיינען אין גייסט פון ליטעראַרישע אָדער דיכטערישע אַנטאַלאָגיעס וואו עס ווערט געדרוקט דאָס וואָס עס דאַרף זיין דאָס בעסטע

פון דעם געגעבענעם שרייבער אָדער דיכטער אָבער נישט אַלעמאָל זיינען סיי די קריטיקער און אויך די לייענער מסכים אַז דער אויסקלוייב שטעלט מיט זיך פאַר דאָס באמת בעסטע און אָריגינעלסטע פון דעם שרייבער אָדער דיכטער.

אויך דאָ ביים אָפּקלוייב פון די 72 יזכור ביכער פון די 800 ביז איצט דערשינענע, קען מען אפשר דיסקוטירן מיט די 2 מחברים פאַר נישט איינגלידערן אין די 72 מוסטער־פנקסים, אַנדערע, מעגליך מער וואָגיקע און באַקאַנטע מאַטעריאַלן וואָס זאָלן ברייטער אָפּשפּיגלען די פּאַנאַראַמע פון דעם יידישן לעבן אין די פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך. מען קען אויך דערוויידערן צו די דערשינענע אויסצוג קאַפּיטלען פון יעדן בוך פון די 72 פנקסים זענען טאַקע דאָס כאַראַקטעריסטישע וואָס דאַרף רעפּרעזנטירן דאָס געגעבענע יזכור בוך?

צי איז באמת פון דעם גרויסן שלל מאַטעריאַל וועגן וואַרשע און וואַרשעווער יידנטום געשריבן און פאַרעפנטלעכט אין פאַרשידענע זאַמלונגען פון די רינגעלבלום אַרכיון, אָדער דורך אַנדערע קוואַלן, די איינציק מאַסגעבנדע אָפּשפּיגלונג וועגן וואַרשע און וואַרשעווער יידן, דורך איבערגעבן אין בוך אַ מוסטער קאַפּיטל וועגן די וואַרשעווער יידישע טרעגערס אין זייערע פּראַקציאָנעלע קאַמפן וועגן השפּעה דורך ווערן צו ווערן אָרגאַניזירט צי דורך דעם "בונד", לינקע "פּועלי־ציון", קאָמוניסטן, אָדער גאָר דורך די פּוילישע "חברים" פון פ.פ.ס.?

דערביי ברענגט דער מחבר פון דעם קאַפּיטל אין דעם פנקס וואַרשע, בן חיים, אַרויס די גרויסע ראָלע וואָס "שטאַרקע" און אונטערוועלט מענטשן האָבן געהאַט אין די טרעגער פאַראיינען, וואָס געשיכטלעך איז עס אויך אַ שפּאָר ביסל איבערטריבן. און בכלל זיינען די טרעגער געווען דער מוסטער פון דעם געזעלשאַפטלעך רעליגיעזן און נאַציאָנאַל פולסירענדן יידישן לעבן אין דער עיר ואם בישראל וואַרשע?

אויך אַנדערע קאַפּיטלען וואָס "רעפּרעזענטירן" מוסטערן פון שטעט און פנקסים פון דער וואַרשעווער געגנט, ווי אַ שטייגער פון דער שטאָט זשיראַרדאָוו וואָס איז גראָד דעם שרייבער פון די שורות "מער נאָך" ווי באַקאַנט, איז אין דעם בוך פאַראַן אַ קאַפּיטל אַרויסגענומען פון דעם פנקס זשיראַרדאָוו וואָס דערציילט וועגן אַ קאַמף צווישן שוחטים און קצבים וואָס איז זיך פאַרלאָפן מיט אַ קנאַפּע 100 יאָר צוריק, אינדערצייט ווען אין דעם פנקס זשיראַרדאָוו זיינען גראָד פאַראַן מוסטערהאַפט געשריבענע אַרטיקלען וועלכע שפּיגלען אָפּ סיי דאָס שפּרודלדיקע געזעלשאַפטלעכע לעבן ביז דעם אויסברוך פון קריג, די עפּאָפּייע פון דעם גירוש זשיראַרדאָוו צו דער געטאָ אין וואַרשע, און אַפילו וועגן דעם אַמאָליקן שטייגער לעבן פון אַ שטעטל. אויב די

מחברים האָבן געזוכט צו געבן אַזעלכעס, האָבן זיי לכל הדעות פֿון אַ סך אויטענטישע עדות פֿון אָט דער שטאָט, געקאָנט געפֿינען אין דעם פּנקס מער וועזנטליך־כאַראַקטעריסטיש אינטערעסאַנטע קאַפּיטלען.

דאָס זיינען אָבער אויך בלויז סוביעקטיווע באַמערקונגען וועגן געוויסע אַספּעקטן פֿון בוך, וואָס פֿאַרקלענערט באין אופֿן נישט דעם גרויסן ציל, אויפֿטו און דערגרייכונג וואָס די מחברים האָבן זיך געשטעלט פֿון אַרויסברענגען פֿאַר דעם יידיש־ענגלישן לייענער דורך די בלעטער פֿון 72 יידישע פּנקסים איבערגעזעצט אויף ענגליש, קאַפּיטלען און שילדערונגען וואָס גיבן אויף אַ קאָנדערסירטן דראַמאַטישן אופֿן איבער, אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל פֿון דעם אַמאָליקן שעפֿערישן יידישן לעבן, פֿון זיינע וואָכן־טעג און ימים־טובים, פֿון זיינע ראַנגלענישן פֿאַר דער טאָג טעגלעכער עקאָנאָמישער עקזיסטענץ, און פֿון זיינע אַספּיראַציעס צו דערגרייכן גייסטיקע שלימות און דערהויבונג, דורך בילדונג און זעלבסט־בילדונג, דורך דער פֿאַרטיפֿונג פֿון לערנען און לייענען, דאָס פֿאַר״יום־טוב׳ן די גרויע וואָכעדיקע טעג, וואָס האָט דערגרייכט איר הויך פֿון געזעלשאַפֿטלעכער בליאונג, ביז די לעצטע טעג פֿון איר ליקווידירונג און אומקום.

איז גוט וואָס די מחברים י. קוגעלמאַס און יונתן באַארין, בכדי צו געבן כאָטש אַפֿילו בלויז אַן אַריינבליק אין אָט דעם צעוואָקסענעם אָבער ליידער צושטערטן גאָרטן, האָבן איינגעטיילט דאָס בוך אין אָפּטיילונגען וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר יעדער באַזונדער און אַלע צוזאַמען, דאָס וואָס האָט מיט זיך פֿאַרקערפּערט דאָס יידישע לעבן אין יענער צייט.

לאָמיר אַלס ביישפּיל פֿון דער ערשטער אָפּטיילונג ״דאָס *שטייגער לעבן אין שטעטל*״ איבערגעבן אין קורצע שטריכן די שילדערונג פֿון דער שטאָט קאַלבושאַוו, געשריבן פֿון שלום מילשטיין, וועלכער ווייזט אויס אַ בן עיר פֿון דאָרט וואו ער דערציילט פֿון דעם מאַרק טאָג אין שטעטל, אָדער ווי יידן האָבן געקעמפֿט פֿאַר פּרנסה. ס׳איז אַ טיפּישע שילדערונג וואָס איז געווען אייגנאַרטיק פֿאַר אַלע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. דער מאַרק טאָג, מערסטנטייל איין מאָל אין דער וואָך, איז געווען דער הויפּט קוואַל פֿון פּרנסה און אויך נאָך אפֿשר אָפּשפּאָרן אַ פּאָר זלאָטעס צו קאָנען באַצאָלן דעם מלמד שכר למוד אין חדר.

עס איז אַ פּאַטעטישע שילדערונג ווי דער ״קאַמף״ צו דעראָבערן אָט די מאָגערע פּרנסה האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אויפֿשפּראָץ פֿון דעם טאָג, ווען די יידן נאָך די השכמה מנינים, מיט די טלית־תפֿילין זעקלעך האָבן זיך געאיילט אַהיים, אָפּגעכאַפּט דעם מ׳שטיינס געזאָגטן פֿרישטיק, און די בעלי־מלאכות, יעדער אין זיין פֿאַך, ווי שוסטערס, שניידערס און סוחרים, וואָס האָבן

געהאַנדלט מיט פאַרשידענע סחורות און געוואַרט אויפן אָנקומען פון די פויערים פון די אַרומיקע דערפער וואָס האָבן אַריינגעפירט זייערע פּראָדוקטן, ווי מילך, פּוטער, אייער, אַ קעלבל, אַ זעקל תבואה, פאַרקויפט זייערע פּראָדוקטן און איינגעהאַנדלט ביי די יידן אַ פּאָר שטיוול, אַ מלבוש, אַ פּאָר מעטער סחורה אויף אַ קליידל.

פון אָט דעם אויסטויש האָבן ביידע צדדים געמאַכט אַ לעבן, וואָלט מען געזאָגט אין אַמעריקע.

דאָס איז געווען דער גשמיות׳דיקער טייל פון שטעטלדיקן לעבן, דער רוחניות׳דיקער טייל האָט זיין אויסדרוק געפונען אין בית המדרש, אין די שטיבלעך, אין די שבתים און ימים־טובים, ווען די אָרימע וואָכעדיקע קרעמער און בעלי־מלאכות האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די טאָג־טעגליכע וואָכעדיקייט און זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ״גרויסע, גרויסע יידן, שבת־יום־טוב׳דיקע יידן״, לויט דעם באַקאַנטן זאָג פון דעם קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור, יצחק לייבוש פּרץ.

בכלל גענומען האָט דאָס גייסטיקע לעבן אין אַלע זיינע פאַרשידענע פאָרמען און ניואַנסן געפונען אַ ברייטן אָפּקלאַנג אין די יזכור ביכער ביי אַלע מחברים, וואָס האָבן אויפן גרונד פון די זכרונות און שילדערונגען פּרובירט רעסטאַווירן פאַר אונז און די קומענדע דורות דעם גאַנצן אומפאַנג פון דעם אַמאָליקן שטייגער לעבן אין אַלע זיינע פאַרבן און קאָלירן אין אַלע זיינע פריידן אוןליידן. דער רעגנבויגן פון גייסטיקייט ווי ס׳האָבן עס באַנומען די אָרטאָדאָקסישע און פרומע קרייזן וואָס זיינען געווען דער באַדייטנדער רוב אין די שטעט און שטעטלעך, אָבער אויך די אַזוי־גערופענע פרייע וועלטלעכע קרייזן, וואָס זיינען אין מערסטן טייל באַשטאַנען פון יוגנט גרופּן וואָס דער ״מעניו״ פון זייער גייסטיקייט האָט זיך אויסגעדריקט אין בויען ביבליאָטעקן, קולטור קלובן, פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשידענע דאָמינאַציעס מיט לינקע באַפאַרבונגען וואָס האָבן ״געקעמפט״ פאַר אַ וועלט פון יושר און גלייכהייט, האָבן אויך געהאַט זייער ווינקל אין דאַמאָלסדיקן יידישן לעבן.

אין דער צווישן צייט האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אַ יוגנט וואָס האָט גענאַשט תורה פון ביידע זייטן, אי געוואָלט בויען אַ וועלט פון גלייכהייט און גערעכטיקייט פאַר אַלע מענטשן אין דער וועלט, אָבער גלייכצייטיק איבערוייסן מיט דעם גלות און בויען אַ וועלט פון פּראָדוקטיווע אַרבעט אין לאַנד פון די אבות...

דערווייל איז דאָס לעבן אָנגעגאַנגען אין זיין פולן פאַרנעם. מען האָט געהאַנדלט, געוואַנדלט, געפאָרן צום רבין אויף יום־טוב, זיך געקריגט, געאַמפּערט וועגן אויפנעמען אַ רב, אַ שוחט, אַ דיין, מיט צדדים, גרופּן און

קרייזן פון חסידים, מתנגדים און אויב נויטיק אַריינגעשלעפּט אויך וועלטלעכע קרייזן אין די מחלוקתן. אָט לייענען מיר אין דער בונדישער ״פֿאָלקס צייטונג״ פון וואַרשע אַ קאָרעספּאָנדענץ פון דער שטאָט זשיראַרדאָוו, וואו דער שרייבער שטעלט צום ״שאַנד סולפּ״ די ״פּועלי־ציון״ אָרגאַניזאַציע אין זשיראַרדאָוו פאַר צוהעלפן אין די ״קלעריקאַלע״ וואַלן אויסצואוויילן אין שטאָט אַ מזרחיסטישן מורה הוראה קעגן אַן אגודה־קאַנדידאַט...

פֿאָלקלאָר מעשיות און לעגענדעס זענען געווען אַ באַשטאַנד טייל פון יידישן לעבן אין די שטעט און שטעטלעך. זיי זענען רעפּרעזענטירט אין דער אָפּטיילונג פון דעם בוך, איבערגעגעבן דורך די אָפּשטאַמיקע פון די שטעט אין פשוטע פֿאָלקס־מעשיות און משלים פון דובנער מגיד, קאָזשעניצער מגיד און אַנדערע באַוועגליכע מגידים וואָס זיינען געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט פון דאָרף צו דאָרף זיך טיילן מיט פֿאָלקס חכמה אין די דרשות מעשיות און לעגענדעס, וואָס האָבן אַלע געהאַט דעם צוועק צו לערנען מדות, אויפהויבן די מאָראַל פון פשוטן מענטש און ייד, וואָס האָט אין זיין טאָג טעגלעכן זאָרג און עול פון דאגות פרנסה אויפגעבויט זיך דערוויַל אַ פּרדס, אַ גאָרטן פון גייסטיקער שטרעבונג צו שיינקייט און דערהויבונג וואָס איז אַזוי ברוטאַל צושטערט און צעטראָטן געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים וואָס האָבן דעם גאָרטן פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן ברידער קבר פון פּוילישן יידנטום.

די תקופה פון חורבן און אומקום איז אין בוך ״פון אַ צושטערטן גאָרטן״ פאַרטראָטן מיט 15 קאַפּיטלען פון פאַרשידענע יזכור ביכער און עס שרייט אַרויס פון די קאַפּיטלען דער שוידער און ווייַ פון די אומשולדיק פאַרפּייניקטע, וואַנזיניק געלאָפּענע איבער וועגן און שטעגן פון דער פאַרבלוטיקטער פּוילישער און דייטשער ערד, זוכנדיק אַ באַהעלטעניש, אַ גרוב, אַ לאָך אַ שפּאַלט וואו צו אנטרינען פון זייערע פאַרפאָלגער און פּייניקער. אָבער הימל און ערד האָבן זיך ווי פאַרשוואוירן אַז קיין רעטונג זאָל נישט קומען און זיי זענען אומגעקומען מיט אויגן געווענדעט צום הימל און מיט אַ האַרצרייסנדע פראַגע אויף די שטאַרבנדע ליפּן: פאַרוואָס? פאַרוואָס? פאַרוואָס? פאַרוואָס?...

ס׳איז אוממעגליך איבערצוגעבן אין אַן אָפּהאַנדלונג איבער דעם בוך ״פון צושטערטן גאָרטן״ אַפילו בלויז אַ קיצור פון די אויפטרייסלענדע שילדערונגען וואָס זיינען פאַראַן אין בוך, פון ניסים־יידן וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט דעם גהינום און דאָך געבליבן לעבן. כ׳וועל בלויז אַרויסנעמען אַ פּאָר שורות פון דעם פנקס וולאָדזשימערזש, געשריבן פון אברהם ווייסמאַן וואו ער דערציילט צווישן אַנדערע:

״מיר זיינען צוגעקומען צו די אויפגעגראָבענע גרויסע גריבער. זשאנדארמעריע מיט מאַשין ביקסן זיינען געשטאַנען אַרום. זיי האָבן באַפוילן

אויסצוטאָן זיך נאַקעט און צונויפלייגן די קליידער אין פולער אָרדענונג. אויסצושטעלן זיך צו 5 אין רייען און אַריינשפרינגען אין די גריבער. די מענער און פרויען מיט קליינע קינדער אויף די הענט האָבן זיך געקלאַמערט איינער אין צווייטן און נישט געלאָזן זיך צושיידן. די דייטשן האָבן זיי מיט אייזערנע שטאַנגען און קאלבעס פון די ביקסן רציחה׳דיק פונאַנדערגעשיידט. טייל מענער און פרויען, וועלנדיק פאַרקירצן די ליידן און פיינונגען זיינען מיט די קינדער אויף די הענט און מיט אויסרופן פון שמע ישראל! אין די גריבער אַריינגעשפרונגען...

אינמיטן אָט דער מורא׳דיקער אַקציע האָט זיך אַפילו געהערט אַן איינצעלנער אויסגעשריי: ״יידן! מיר האָבן נישט וואָס צו פאַרלירן! לאָמיר זיך ווערן! אָבער דער געקנאַל פון די מאַשין ביקסן האָט פאַרהילכט אָט דעם אויסגשריי פונקט ווי ער האָט אויך פאַרשטומט אַן אַרויסרוף פון דעם שוחט פון שטעטל: ״יידן, האָט נישט קיין פחד! ס׳איז היינט פרייטאָג, מיר וועלן נאָך קומען אין הימל אַריין, פאַר שבת?...

יאָ, פרייטאָג שפעט נאָכמיטאָג, צו ליכט בענטשן, האָט די ערד זיך קוים ״באַרואיקט״ און אויפגעהערט זיך וואַקלען אויף דעם גרויסן ברידער קבר פון די פאַרפייניקטע יידן.

ווען איר לייענט אָט די שורות (בכלל וואָלט איך נישט געראָטן צו לייענען די חורבן קאַפּיטלען אין די בין השמשות שעה׳ן...) ווילט זיך פרעגן, נייִן אויסשרייען, ווי איז דאָס מעגליך געווען אַז דאָס דייטשע פאָלק וואָס איז געווען אַ מיטגליד אין דער משפחה פון די קולטור און ציוויליזירטע פעלקער, זאָל אַרויסגעבן פון זיך אַזעלכע רוצחים און מערדער? און אויך ״אונזער״ וועלט, וואָס האָט זיך גלייכגילטיק צוגעקוקט צו אָט די פאַרברעכנס, איז נישט פאַרשווענקט געוואָרן פון ג־ט דורך קיין מבול?... ווייזט אויס אַז אויך דאָ גילט דער אַלטער אמת, אַז ס׳איז גרינגער צו פרעגן ווי צו קריגן דעם ענטפער...

יעדענפאַלס איז גוט וואָס אַ טייל פון אונזערע יזכור ביכער אַרויסגעגעבן פון דעם דור וואָס איז גראַדע ״דאָרטן״ יאָ געווען, און ווערן ליידער פון יאָר צו יאָר ווייניקער און ווייניקער, אַז אָט די ביכער האָבן געפונען אַ ״תיקון״ און ווערן טיילווייז כאָטש דערווייל שטיקלעכווייז איבערזעצט פאַר די, וועמען ס׳איז נישט באַשערט געווען צו קאָנען פאַרשטיין און געניסן פון דעם פרעכטיקן אוצר פון יידיש.

עס וואָלט גוט געווען, אַז נישט בלויז יחידים נאָר געזעלשאַפטלעכע קערפּערשאַפטן, טאַקע אונזערע שארית הפליטה אידן זאָלן נעמען אויף זיך די אויפגאַבע, כאָטש אויף אַ סעלעקטיוון אופן, איבערזעצן אַ טייל פון די

דערשינענע יזכור ביכער, בכדי די צוקונפטיקע דורות פון אונזערע קינדער, אייניקלעך און אור־אייניקלעך, זאָלן אין זייערע מידע שעה׳ן פאַרבלאָנדזשען אַמאָל מיט אָט אַזאַ בוך אין דער האַנט, און זיך אָפּרוען אין די "גערטנער" פון זייערע עלטערן, וואָס זיינען דורך די דייטשע מערדער אַזוי ברוטאַל צעשטערט געוואָרן.

**אַפּריל 1988**

# מיט דייטשע יידן אין אַ פאַבריק אין דייטשלאַנד

## זכרונות פון נאָך אַ שוואַרץ בלעטל אין דעם „פערפעקטן" מאָרד פון די דייטשן איבער יידן

אין די יוגנט־יאָרן, אויפגעוואַקסן אין אַ פויליש־יידישער סביבה, איז מיר זעלטן אויסגעקומען זיך צונויפצוטרעפן מיט דייטשע יידן, וואָס זיינען געבוירן אין דייטשלאַנד און האָבן דאָרט געלעבט אין דער צייט ווען דייטשלאַנד איז נאָך געווען דאָס „פרייע" גערמאַנישע דייטשלאַנד פון פאַר דער היטלער־תקופה.

פוילישע יידן, כאָטש זיי האָבן געלעבט אין נאָענטער שכנות מיט דייטשלאַנד, האָבן מיט דייטשע יידן געהאַט אַ לויזע פאַרבינדונג. מ'האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס רוב דייטשע יידן זיינען אָדער האַלב אַסימילירט, רעכנדיק זיך ווי „דייטשן פון משה'ס גלויבן", אָדער זיי זיינען קאָנסערוואַטיוו פרום, ווי פון הרב משה ברויער, אָדער הרב שמשון רפאל הירש'ס חדר, וועלכע האָבן זיך אָפּגעריסן פון די איבעריקע דייטשע יידן און געשאַפן אַ באַזונדערע קהילה, כדי זיך נישט צו מישן מיט דעם גרויסן רוב דייטשע יידן, וועלכע זיינען געווען אונטערן איינפלוס פון דער גערמאַניש־דייטשער קולטור.

מיטן קומען פון היטלערן צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, און אַלס קאָנסעקווענץ דערפון די גייסטיקע און פיזישע פאַרפאָלגונגען פון די יידן דאָרט, וואָס האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן מיט די פאָגראָמען און אַרויסטרייבן פון דייטשלאַנד די יידן אָפּשטאַמיקע פון פוילן, די אַזוי־גערופענע „אָסט־יידן" קיין זבאנשין און אַנדערע גרענעץ־שטעטלעך מיט פוילן, און שפּעטער די פאָגראָמען און עקצעסן אויף די „ריינע" דייטשע יידן, וואָס זיין הויכפונקט איז געווען די טרויעריק־באַרימטע „קריסטאַל־נאַכט" אין בערלין, האָט באַוויזן פאַר דער וועלט, אַז פאַר היטלערן און זיינע האָרדעס זיינען אַלע יידן איין געמיינשאַפט, און אויף די דייטשע יידן, לעבנדיק אין דייטשלאַנד, איז חל די גזירה פון „להשמיד ולהרוג" אין פולן זין פון זייער רוצחישער „ענדגילטיקער" לייזונג.

אָט אַזוי האָבן מיר זיי געטראָפן, די דייטשע יידן, ווען איך און מיין פרוי זיינען דורך אומגעוויינלעכע ניסים'דיקע געשעענישן אָנגעקומען קיין בערלין אין יאָר 1942 צו אַרבעטן אין אַ דייטשער פאַבריק, נאָך דעם ווי מיר זיינען

אַנטלאָפֿן פֿון וואַרשעווער געטאָ, אויסטוענדיק די "לענטע", דעם ווייס־בלויען מגן־דוד, דעם יידישן קען־צייכן, אויסמישנדיק זיך מיטן המון פּאָלאַקן אין וואַרשע און טאַקע דאָרט געכאַפּט און פֿאַרשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט אַ גרופּע פּאָלאַקן קיין בערלין, צו אַרבעטן אין אַן אַמוניציע־פֿאַבריק, וואָס זאָל העלפֿן די דייטשן געווינען די מלחמה.

דאָרט טאַקע האָבן מיר זיי אָנגעטראָפֿן, די גרופּע דייטשע יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער פֿאַבריק "טים־אוניטאַס", אַ געווער־פֿאַבריק אין בערלין, צוזאַמען מיט בערך 700 אַרבעטער, צונויפֿגעשלעפּט פֿון דער גאַנצער וועלט, פֿון די לענדער וואָס דייטשלאַנד האָט שוין דעמאָלט געהאַט באַזעצט און אָקופּירט, ווי פּוילן, פֿראַנקרייך, בעלגיע, און אַ סך עלטערע דייטשן, וואָס זיינען שוין אַריבער די דינסט־יאָרן און זיך געפֿילט גליקלעך צו אַרבעטן אין דער אַמוניציע־פֿאַבריק, אַבי נישט צו ווערן געשיקט אויפֿן פֿראָנט און צו דאַרפֿן שטאַרבן פֿאַרן פֿאָטערלאַנד.

מיר זיינען, ווי געזאָגט, דאָרט אָנגעקומען צוזאַמען מיט אַ טראַנספּאָרט פּאָלאַקן געכאַפּט אויף איינער פֿון די וואַרשעווער גאַסן מחוץ דער געטאָ, און אַלס אַזעלכע האָבן מיר געהאַט די "פּריווילעגיע" צו טראָגן, ווי אַלע אויסלענדער, די איניציאַלן פֿון זייער נאַציאָנאַליטעט, און אין אונזער פֿאַל – די פּוילישע.

פֿאַרשטענדלעך, אַז צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים האָבן מיר אויסגעמיטן צו האָבן מער קאָלעגיאַלע פּריינטשאַפֿטלעכע באַציאונגען מיט די דייטשע יידן וואָס האָבן געאַרבעט אין דער פֿאַבריק, ווי מיט די אַנדערע אַרבעטער, מיט וועלכע מיר האָבן זיך אָנגעטראָפֿן יעדן טאָג ביי דער אַרבעט. אויך די גרופּע דייטשע יידן איז אַוודאי נישט איינגעפֿאַלן און געקומען אויפֿן געדאַנק, אַז אָט דאָס יונגע "פּוילישע" פּאָרל, וואָס האָבן אויף די קלאַפּעס פֿון זייער קליידונג, לויט די דייטשע רעגולאַציעס, געמוזט אָנגעבן זייערע פּולע נעמען, און אין דעם פֿאַל סטאַניסלאַוו און מאַרישע סאַשינסקי, מיט אַ צוגאָב פֿון אַ פּוילישער "פּי", זיינען פּולבלוטיקע יידישע קינדער, וועלכע וואָלטן גערן זיך געוואָלט צונויפֿרעדן מיט זיי, אָבער נישט וועלנדיק זיך אויסגעבן אַלס יידן, זיך געמוזט האַלטן פֿונדערווייטנס.

די גרופּע דייטשע יידן זיינען געווען אַ 15־16 פּערזאָן. געוואוינט האָבן זיי אין פֿאַרשידענע טיילן פֿון דער שטאָט בערלין, און זיי זיינען געקומען יעדן טאָג אינדערפֿרי צו דער אַרבעט מיט דער אונטערגרונט־באַן, וואָס האָט ביז די צייט ווען בערלין איז געוואָרן באָמבאַרדירט און צעשטערט, פֿונקציאָנירט נאָרמאַל. זיי זיינען געווען צעוואָרפֿן ווי אַלע אַרבעטער ביי פֿאַרשידענע פּרעציז־עלעקטראָנישע מאַשינען, ווייל אין מערסטע פֿאַלן זיינען די יידן געווען פֿון די מער־אויסגעשולטע אינזשענירן, וואָס האָבן געהאַט די

אויפזיכט איבער די מער סאָפּיסטיקירטע געווער־מאַשינען, וואָס זיינען געוואָרן באַדינט אונטער זייער אויפזיכט.

בלויז אין דער האַלבער שעה אַרום 12 אַזייגער, ווען די אַרבעטער האָבן באַקומען אָפּצועסן דעם מאָגערן מיטאָג וואָס איז געוואָרן צוגעטיילט פון דער פאַבריק־לייטונג, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ צווי דינע שטיקלעך ברויט מיט קעז אָדער מאַרמעלאַדע, האָט מען זיי, די דייטשע יידן, געזען אין אַ באַזונדערער גרופּע זיצן צוזאַמען, אויסמיידנדיק צו רעדן אָדער שמועסן מיט אַנדערע פרעמדע, נישט־דייטשע אַרבעטער. זיי האָבן זאָרגפעלטיק געגעסן דעם מאָגערן מאָלצייט, אָפּהיטנדיק יעדע קרישקע. אָפטמאָל האָבן זיי פונאַנדערגעטיילט דעם „מאָלצייט" אין צווייען, אויפגעגעסן איין שטיקל ברויט און דאָס אַנדערע באַהאַלטן איינגעפּאַקט אין אַ פּאָר פּאַפּירלעך אויף שפּעטער.

מיר, איך און מיין פרוי, האָבן זיי אָבסערווירט פונדערווייטנס. אַ שטילער טרויער האָט אַרויסגעבליקט פון זייערע אויגן. זיי האָבן זיך באַוועגט לאַנגזאַם און צוריקגעצויגן. געווען העפלעך און קאָרעקט מיט אַלעמען, אָבער אויסמיידנדיק די מענטשן אַרום, אַזוי ווי זיי וואָלטן קיינעם נישט באַמערקט אַרום זיך. אויך נישט אויף די, וואָס האָבן דאָס עסן „איינגעוואלפט" (אַ לאַגער־אויסדרוק פון שנעל אַריינכאַפּן דאָס עסן...).

מיר האָבן זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז זיי זיינען בלויז אַ טייל פון אַ גרעסערער גרופּע יידן וואָס האָבן דאָ געאַרבעט אין דער פאַבריק ביז מיט אַ פּאָר מאָנאַטן צוריק, און זיינען עפּעס אויף אַ „געהיימניספּולן" אופן פאַרשוואונדן. דאָס האָט אונז נאָך מער פאַראינטריגירט צו זוכן אַ קאָנטאַקט, צו באַקענען זיך נענטער מיט די יידן.

מיר האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט וואָס אין אַ געוויסן פרייטיק האָבן אונז די דייטשן, צוליב אומפאַרשטענדלעכע פאַר אונז סיבות, באַפרייט אַ שעה פריער פון דער אַרבעט, און מיר האָבן איסטינקטיוו באַשלאָסן, טראָץ אונזערע קאָנספּיראַציע־באַוואָרענישן, זיך צו טרעפן מיט איינעם פון דער גרופּע.

נאָך מער איז אונזער באַשלוס געוואָרן באַקרעפטיקט ווייל איינער פון דער גרופּע זאָל זיך האָבן פאַרטרויט פאַר אַ דייטש וואָס האָט געאַרבעט ביי דער זעלבער מאַשין אין דער פאַבריק, אַז וואַרשיינלעך זיינען זייערע טעג אין דער פאַבריק געציילטע, ווייל זיי ווערן געשיקט אויף „אַרבעט" אין אַ קעמפּ אין פוילן...

דאָס האָט אונז, מיך און מיין פרוי, געגעבן ווי אַ קלאַפּ אין האַרצן. אַ קעמפּ אין פוילן? איז אויסנוצנדיק די געלעגנהייט האָבן מיר באַשלאָסן נאָכצופּאָרן איינעם פון דער גרופּע און זיך טיילן מיט אונזערע דערפאַרונגען וועגן אָט די

״קעמפּס אין פּוילן״... זיינען מיר דערפֿאַר, דעם פרייטיק נאָכמיטאָג, אַנשטאָט צו פֿאָרן אין לאַגער וואו מיר זיינען געווען איינקוואַרטירט, זיינען מיר נאָכגעפֿאָרן איינעם פֿון די יידן, וועלכער האָט גראָד געוואוינט נישט ווייט פֿון דער פֿאַבריק.

ביז דעם קאָרידאָר פֿון זיין וואוינונג האָבן מיר זיך געהאַלטן אין אַ געהעריקער דיסטאַנץ, בכדי פֿון אים, און אויך פֿון זייטיקע מענטשן, נישט צו ווערן געזען. ערשט ביים סאַמע אַריינגאַנג צו זיין וואוינונג האָבן מיר זיך פֿאַר אים פֿאָרגעשטעלט אַז מיר אַרבעטן צוזאַמען מיט אים אין דער פֿאַבריק, אויף וועלכן ער האָט אונז גלייך געענטפֿערט אַז ער דערקענט אונז; ״איר זענט דאָך די פּאָלאַקן, דאָס יונגע פּאָרל וואָס צייכענען זיך אויס״, ווי ער האָט געהאַט די געלעגנהייט צו אָבסערווירן, ״מיט עפּעס אַ באַזונדערער צוריקגעצויגנקייט, נישט אַזוי טומלדיק ווי די אַנדערע פּאָלאַקן פֿון דער פּוילישער גרופּע״.

נאָך אָט דער באַמערקונג זיינע, איז אונז שוין נישט שווער געווען זיך צו אידענטיפֿיצירן פֿאַר אים אַז מיר זיינען זיינע ברידער, יידן גלייך ווי ער... נאָך אַ דראַמאַטישן אויסטויש פֿון נעמען זיך צוהילף דעם ביבלישן עפּיזאָד ווי יוסף גיט זיך צו דערקענען זיינע ברידער, האָבן מיר סוף כל סוף געוואונען זיין צוטרוי צו אונז, אַז מיר זיינען זיינע ברידער און שוועסטער. ער האָט אונז פֿאַרבעטן צו זיך אין שטוב אַריין, ווי די פֿרוי זיינע, לויטן אויסזען אין די פֿופֿציקער, מער דייטשיש־אַריש ווי יידיש, האָט פֿאַר אונזערע אויגן־סורפּריז זיך געגרייט צו צינדן די פֿרייטיק־צו־נאַכט ליכט, אַריינגעשטעקט אין צוויי קאַרטאָפֿל, אַנשטאָט לייכטער. ער האָט איר אין קורצע ווערטער, אין דייטש, איבערגעגעבן ווער די ״געסט״ זיינען, אויף וועלכן זי האָט מיט אויפֿגעריסענע פֿריינטלעכע אויגן אונז באַגריסט.

ביי דער געלעגנהייט האָבן מיר גלייך באַמערקט ביי דער טיר צוויי זייער באַשיידענע אָבער זאָרגפֿעלטיק־פּאַרפּאַקטע וואַליזעס מיט צוגעטשעפּעטע צעטלען אין דייטש: ״נאָך אוישוויץ״. דאָס האָט אונז גוואַלדיק־אויפֿגערודערט. מיר האָבן מיט אַלע מעגלעכע אַרגומענטן, וואָס זיינען פֿאַראַן אין דער מענטשלעכער שפּראַך, פּראָבירט זיי אויפֿקלערן און איבערגעבן פֿון אונזער דערפֿאַרונג וואָס אוישוויץ באַדייט. אויף דעם האָבן זיי אונז געוויזן בריוו וואָס זיי האָבן באַקומען פֿון זייערע פֿריינד, וואָס זיינען מיט אַ פּאָר חדשים צוריק, ווי זיי, געשיקט געוואָרן אויף אַרבעט אין ״קעמפּ אוישוויץ״, ווי גוט און באַקוועם זיי פֿילן זיך דאָרט, אַרבעטנדיק אַלס אינזשענירן ביי געוויסע בוי־אַרבעטן...

אָט די באַנדיטישע, פּערפֿעקטע דייטשע מאָרד־אָפּנאַרעריי איז אָנגעגאַנגען חדשים־לאַנג. ס׳איז אונז ביי קיין אופֿן נישט געלונגען צו איבערצייגן די צוויי מענטשן, אַז זיי גייען אויף אַ זיכערן טויט. מיר האָבן מיט קלעמעניש און

האַרץ־ווייטיק באַמערקט, אַז כאָטש אונזער אינפאָרמאַציע און וואָרנונג האָט זיי אַביסל צעמישט און אַריינגעוואָרפן אין ספקות זייער זיכערקייט אַז זיי פאָרן קיין אוישוויץ און ווען דאָרט טרעפן זייערע פריינד. איז אָבער וואָס פאַר אַן אויסוועג האָבן מיר זיי געקענט פאָרשלאָגן? גיין אין באַהעלטעניש? אין אונטערגרונד? וויסנדיק פון אונזער און זייער דערפאַרונג, אַז דאָס דייטשע רייך איז צו יענער צייט געווען פאַרריגלט און אינעווייניק האָט דער שטן אין דער געשטאַלט פון דער מעכטיקער געשטאַפּאָ געשטצירעט זיינע שנאה־ציין צו אַלע די, וואָס האָבן געוואַגט מיט עפּעס וואָס צו ווידערשפעניקן דעם פירער, ימח שמו.

מיר זיינען אַלע געווען הילפלאָז און פאַרבראַכט אַ פּאָר שלאָפלאָזע נעכט נאָך אונזער באַזוך ביי די יידן. ביז מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, אַרום מיטאָג־צייט, ווען אַן אויטאָ פון דער געשטאַפּאָ איז צוגעפאָרן צו די טויערן פון דער פאַבריק, אַ הויכער מונדירטער אָפיצער איז אַריין אין פאַבריק און מיט אַ הויך געשריי אויסגערופן: ״אַלע יודען אויסטרעטן! נעמט מיט אַלע אייערע שייסע!״.

מיט געבויגענע קעפּ, טראָגנדיק יעדער מיט זיך קליינע פּעקלעך פון פערזענלעכע קעגנשטאַנדן וואָס זיי האָבן געהאַט ליגן אויף די פּאָליצעס, ביי די מאַשינען וואָס זיי האָבן באַדינט, זיינען די 16 יידן איינער נאָכן צווייטן אַריין אין אויטאָ וואָס האָט געוואַרט אויף זיי ביי די טויערן פון דער פאַבריק.

מיט טרערנפולע אויגן האָבן מיר זיי באַגלייט אין זייער לעצטן וועג, צו דער פאַרווירקלעכונג פון זייער פאָראויסזען צו טרעפן זיך מיט זייערע פריינד. וואו? אויף דעם הימלישן פלאַנעט: ״קעמפּ אוישוויץ״.

**נאָוועמבער, 1993**

# "מיט טענצע און געזענגע?"

איך האָף אַז דער שרייבער אליעזר האַלבערשטאַם וועט מיך ניט אָנקלאָגן פאַר פּלאַגיאַט פאַר צוגנבנען ביי אים דאָס חנוה'דיקע קעפּל פון זיין אַרטיקל "מיט טענצע און געזענגע" געדרוקט אין אַלגעמיינעם זשורנאַל פון יאַנואַר 1983,28 וואו ער כאַפּט אַ טענצל לכבוד דעם אונטערגאַנג פון דער לעצטער יידישער טאָג־צייטונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן, דער "פאָרווערטס".

שוין צום צווייטן מאָל קומט מיר אויס צו זיין דער בר פלוגתא פון ר' אליעזר האַלבערשטאַם.

מיט בערך 3 און אַ האַלב יאָר צוריק, גענוי פעברואַר 1979, האָט האַלבערשטאַם אויף די שפּאַלטן פון "אַלגעמיינעם זשורנאַל" אָנגעגריפן איינעם פון די שענסטע יידן וואָס דאָס פוילישע אידנטום האָט אַרויסגעגעבן, דעם מוטיקן קעמפער פאַר יידישע רעכט, יצחק גרינבוים ע"ה. אָנרופנדיק אים מיט אַזעלכע עפּיטעטן וואָס אַפילו די פאַרביסנסטע אַנטיסעמיטן אין פוילן, קריצנדיק מיט די ציין ווען ער האָט פון דער טריבונע אין פוילישן סעים מוטיק פאַרטיידיקט יידישע רעכט, וואָלטן ניט געוואַגט.

צום זכות אָבער פון "אַלגעמיינעם זשורנאַל" און פון זיין רעדאַקטאָר גרשון יעקבסאָן, האָט די געשטאַלט פון יצחק גרינבוים געפונען אַ שטיקל תיקון אין אַן אַרבעט געדרוקט מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער "יצחק גרינבוים, דער אַדוואָקאַט פון פוילישן אידנטום", געצייכנט פון דעם שרייבער פון די שורות.

און איצט צו דעם טאַנץ אויף דעם אונטערגאַנג פון "פאָרווערטס" אַלס טאָג־צייטונג.

שוין דער עצם־אַריינפיר פון אליעזר האַלבערשטאַם מיט דער פעסטשטעלונג, אַז "די פאָרווערטס געגאַסן האָבן איינגעאָרדנט יום־כיפור בעלער, כל־נדרי נאַכט", איז אַ קאַפּיטשקע ווייט פון אמת. דער געשיכטלעכער אמת איז, אַז די טרויעריקע דערשיינונג פון איינאָרדענען מיט אָ־70־80 יאָר צוריק די סקאַנדאַליעזע בעלער, איז געווען אַ פּראָדוקט פון אַ ניהיליסטישער צייט־אָפּשניט אויף דעם היגן אַמעריקאַנער באָדן, אַריבערגעברענגט דורך דעם עמיגראַציע שטראָם פון רוסלאַנד, פוילן און אַנדערע לענדער, ווי צוגלייך מיטן ווילן אַראָפּצוואַרפן דעם קייסער אין רוסלאַנד, האָט מען אויך דאָ פּרובירט קעמפן מיט אַ "קעניגרייך" וואָס האָט ניט באַשטראָפט די קעמפער מיט שמייסן און איינזעצן זיי אין טורמע, נאָר דאָס הימלישע קעניגרייך האָט רואיק געוואַרט צו אַ צייט, ווען די קעמפער וועלן זיך "אויסטשוכען" פון זייערע משוגעתן, און די קינדער און אייניקלעך זייערע וועלן בויען ישיבות און בתי מדרשים מיט כשרע מחיצות...

אַוודאי האָט דער ״פֿאָרווערטס״ אַלס וועלטלעכע טאָג־צייטונג, ספּעציעל אין זיינע ערשטע העלפֿט יאָרן, געבלאָנדזשעט און געמאַכט זיג־זאַגן ביים אָפּשאַצן און פּרובירן נעמען אַ שטעלונג צו די פּראָבלעמען און פֿראַגן וואָס האָבן געמאַטערט דאָס יידישע לעבן צו יענער צייט.

דער געשיכטלעכער וועג פֿון ״פֿאָרווערטס״ איז ענג פֿאַרבונדן מיט דער אייב קאַהאַן עפּאָכע, אַלס לאַנגיאָריקער רעדאַקטאָר און בויער פֿון דער אַמאָליקער פֿאָרווערטס אימפּעריע, וואו אַ סך מפֿונקים אַפֿילו פֿון וועלטלעכן לאַגער האָבן אים באַקעמפֿט און אויסגעלאַכט פֿאַר אַריינברענגען אַנגלאָציזמען און אַ געוויסן ״פּאָטעיטאָ״ יידיש אויף זיינע שפּאַלטן.

עס איז אָבער אַ פֿאַקט אַז דווקא אייב קאַהאַן, דער וועלטלעכער ניט רעליגיעזער ייד, האָט אַדורכגעפֿירט געוויסע זאַכן אין דער צייטונג פֿאַר וועלכע אויך פֿרומע יידן, אויב זיי האָבן נאָר אין זיך, אַפֿילו אַ קליינעם ניצוץ פֿון ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער, דאַרפֿן אים מכיר טובה זיין.

איז דאָך אייב קאַהאַן און טאַקע דער ״פֿאָרווערטס״ אין די אָנהייב צוואַנציקער יאָרן געוואָרן דער טשעמפּיאָן אין דעם קאַמף קעגן דער נגע צרעת פֿון דער קאָמוניסטישער סם פּראָפּאַגאַנדע מיט וועלכע עס זיינען אָנגעשטעקט געוואָרן גרויסע טיילן פֿון דער יידישער אינטעליגענץ, שרייבער, אַרבעטער און פּשוטע פֿאָלקס־מענטשן.

דער עמיגראַציע שטראָם, וואָס איז געקומען פֿון פּוילן, ליטע און רוסלאַנד, האָט זיך אין די ערשטע יאָרן ביז מען האָט זיך איינגעאָרדנט געפֿילט הילפֿלאָז און פֿאַרלוירן אין די שווערע סוועט־שאָפּ באַדינגונגען וואָס האָבן צו יענער צייט געהערשט אין אַמעריקע. ראַדיקאַלע רעוואָלוציאָנערע פּראָזעלאָגיע האָט דאָ געפֿונען אַ גוטן באָדן.

אויך דער אידעאַל פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע און די צוגעזאָגטע אָפּשאַפֿונג פֿון אַלע גזירות און שיקאַנעס קעגן דער יידישער באַפֿעלקערונג אין רוסלאַנד דורך דעם צאַרישן דעספּאָטיזם, האָט פֿאַרבלענדעט די אויגן ניט צו זען די אַלע איבלען מיט וועלכע דער קאָמוניסטישער טאָטאַליטאַריזם איז געוואָרן דורכגעפּרעסן שוין פֿון זיין סאַמע אָנטשטייאונג. אייב קאַהאַן און דער ״פֿאָרווערטס״ האָבן געבראָכן דעם קאָמוניסטישן פֿראָנט סיי אין די יוניאָנס, סיי אין די פֿאַרשידענע פֿראָנט־אָרגאַניזאַציעס וואָס די קאָמוניסטן האָבן דאָ געהאַט אויפֿגעשטעלט.

צוזאַמען מיט זיין מוטיקן קאַמף קעגן קאָמוניזם האָט דער ״פֿאָרווערטס״ שפּעטער אויפֿגענומען די גרויסע אויפֿקלערונגס־אַקציע קעגן דעם דאַמאָלסדיקן זייער פּאָפּולערן יידישן שרייבער שלום אַש, אָנגעפֿירט דורך

דעם באַגאַבטן רעליגיעזן פובליציסט חיים ליבערמאַן, קעגן אַש׳ס חנדלען זיך צו דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע אין זיינע לעצטע ווערק.

די לעצטע העלפט יאָרן פון ״פאָרווערטס״ ווי מיר אַלע זיינען שוין געווען עדות, איז געשטאַנען אונטער דעם צייכן פון דער גרויסער אויסוואַנדלונג און דעם מוראדיקן חורבן וואָס איז פאָרגעקומען מיטן אומברענגען מיליאָנען יידן.

עס ליגט פאַר מיר אַ ״פאָרווערטס״ פון 1943, וואו מיט פייערדיקע גרויסע ברענענדיקע אותיות ווערט איבערגעגעבן דער וויי־געשריי פון די יידן אין דער וואַרשעווער געטאָ. דווקא אַלס ניט ציוניסטישע צייטונג האָט דער ״פאָרווערטס״ געקענט זיין אומאָפּהענגיק פון דעם ציוניסטישן ״עסטאַבלישמענט״ וואָס האָט צו יענער צייט געהערשט אויף דער יידישער גאַס, און פרובירט זוכן אַנדערע וועגן און מעטאָדן צו ראַטעווען יידן פון דעם נאַצישן גיהנום.

נאָך לאַנג פאַר דעם אויפקום פון דער יידישער מדינה האָט דער ״פאָרווערטס״ געגעבן זיין פולע לויב און אַנערקענונג די חלוציש־קיבוצישע באַוועגונג אין ארץ ישראל און דערמיט אויסגעטראָטן דעם וועג פון צוריק אַריינברענגען אין דעם יידיש נאַציאָנאַלן שטראָם די טויזנטער לייענער און נאָכפאָלגער, וואָס זיינען צו יענער צייט געווען אָנגעשטעקט פון אַן אַסימילאַטאָריש־קאָסמאָפּאָליטישן געדאַנקען גאַנג, וואָס וואָלט זיי אינגאַנצן אָוועקגעריסן פון יידישן שטאַם.

מיט דער עסטאַבלירונג פון דער יידישער מדינה האָט זיך דער ״פאָרווערטס״ איינגעגלידערט אין דעם גרויסן רוב פון כלל ישראל אידנטום אין דער וועלט, אַלס איר ענטוזיאַסטישער פאַרטיידיקער, שטיצער און העלפער אין איר פּאָליטישן און עקאָנאָמישן געראַנגל פאַר איר זעלבסטשטענדיקייט און עקזיסטענץ.

עס קענען זיין און עס זיינען דאָ מיינונגס־פאַרשידנהייטן מיט געוויסע סימפּאַטיעס פּריאָריטעטן צו די וועלכע שטייען היינט אָדער וועלן שטיין מאָרגן ביים רודער אין ישראל, אָבער דער גורל פון דער מדינה אַלס אַ יש און דער פאַרטיידיקונג און אפּווער קעגן אויסערלעכע און אויך אינערלעכע שונאים פון דער מדינה (ווי נטורי קרתא און די לינקע וכדומה), זיינען שטענדיק געווען די פּריאָריטעט פון דער יידישער – יאָ – מיט טייערע יידישע אותיות געדרוקטע טאָג־צייטונג, דער ״פאָרווערטס״.

איז דאָס טאַקע גערעכט צו פאַרקאַטשערן די פּאָלעס און טאַנצן אַ ״האָפּקאַ״ אויף דעם אונטערגאַנג פון אַ יידישע טאָג־צייטונג?...

און צום סוף, ר׳ אליעזור האַלבערשטאַם, אין זיינע ווערטער, ״היינט, אַז מיר האָבן זוכה געווען צום אונטערגאַנג פון דאָזיקן עמוד הטומאה״ (וועגן ״פאָרווערטס״ לא־עלינו), איז אָבער מיט אַ 70־80 שורות ווייטער אין זיינע ווערטער, ״דער פאָרווערטס־רעדאַקטאָר הלל ראָגאָף האָט געחלשט דרוקן מיינע אַ זאַך, נאָר בתנאי כ׳זאָל פון מיין ״ביילייך״ אַראָפּנעמען דעם טיטול ״הרב״ און איך האָב דערצו ניט מסכים געווען״.

פרעגט זיך אַ פראַגע, אויב דער רעדאַקטאָר הלל ראָגאָף וואָלט מסכים געווען איבערצולאָזן דעם ״ביילייך״ הרב, וואָלט דער ״פאָרווערטס״ דערמיט אויפגעהערט צו זיין דער ״עמוד הטומאה״? און אויב ניט, איז עס טאַקע ״כשר״, און פאַר אַ רב גאָר דערצו, צו האָבן חשק זיך צו לאָזן דרוקן אין אַ ״טומאה׳דיקער צייטונג״?

**אַפּריל, 1983**

# צום אונטערגאַנג פון אַ יידישער צייטונג

דעם היינטיקן ערב ראש־השנה תשמ״ט, האָט די היגע וועכנטליכע צייטונג די ״מאָרגן־פרייהייט״, אָנגעזאָגט אירע לייענער די טרויעריקע בשורה, אַז דאָס איז די לעצטע אויסגאַבע וואָס די צייטונג גיט אַרויס און די צייטונג שליסט זיך און וועט מער נישט דערשיינען.

עס זענען אין דער צייטונג נאָך געווען די טראַדיציאָנעלע יאָר יערליכע לשנה טובה באַגריסונגען און גוטע וואונטשן אין פאַרשידענע נוסחאות צום נייעם יאָר תשמ״ט, וואָס אַלע האָבן אויסגעדריקט דעם געדאַנק און וואונטש פאַר אַ יאָר פון שלום, פרידן און ווייטערדיקן המשך. קיינער וואָלט פון אָט די האָפענונגספולע זייטן פאַר אַ ניי גוט יאָר, נישט געקענט אַרויספילן, אַז דער המשך פון דער צייטונג איז נאָך פון דעם יום־כיפור חתימה׳דיקן אָפּשלוס, שוין געווען געצייכנט...

כ׳בין זיך מודה, איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין צו גרויסער ליבהאָבער, חסיד און אַפילו אַ פרעקווענטער לייענער פון דער ״מאָרגן פרייהייט״, און אַוודאי נישט אירס אַ מיטאַרבעטער.

אָבער וואַרט, ביים שרייבן אָט די שורות, האָט ביי מיר אויפגעטויכט אין זיכרון אַן אינצידענט וואָס האָט פּאַסירט מיט איבער 50 יאָר צוריק, וואָס ווייזט יאָ וועגן עפּעס אַ פּערזענלעכע ״שייכות״ מיט דער ״מאָרגן פרייהייט״, וואָס האָט מיך שיעור געקאָסט אַז מען זאָל מיך אַרויסוואַרפן פון מיין לעגיטימע יוגנט פּאַרטיי ״פּועלי־ציון״ (רעכטע) אין פּוילן. כ׳גלויב, אַז עס וועט אפשר זיין אַן אינטערעסאַנטער קוריאָז פאַר די לייענער פון די שורות, צו פאַרציילן דערוועגן.

געווען איז עס ווי געזאָגט מיט איבער 50 יאָר צוריק אין די דרייסיקער יאָרן. אין פּוילן זענען דאַן פאָרגעקומען גרויסע סטרייקן מיט בלוטיקע אומרוען. געווען איז עס אַ פּאָר יאָר פאַרן אויסברוך פון קריג. די עקאָנאָמישע לאַגע אין פּוילן, ספּעציעל פון די אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג איז געווען זייער אַ צרות׳דיקע. מיט די סטרייקן האָבן אָנגעפירט די פּאָפּולערע דאַמאָלס סאָציאַליסטישע אַרבעט־פּאַרטיי פּ.פּ.ס. צו וועלכע עס האָבן זיך שפּעטער אָנגעשלאָסן אויך די קאָמוניסטישע מיטלויפער צווישן די פּוילישע אַרבעטער.

געלעבט האָב איך דאַמאָלס אין אַ שטעטל נישט ווייט פון וואַרשע, פון וואַנען אַ סך יוגנטליכע האָבן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. געווען צווישן זיי מיינס אַ פריינט, וואָס אָנקומענדיק קיין אַמעריקע האָט ער געפונען באַשעפטיקונג אין דער דאַמאָלס נאָר וואָס ענטשטאַנענער נאָך מיטאָג צייטונג

די "פרייהייט" (שפעטער אין יאָר 1937, האָט זי זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מאָרגן צייטונג אונטערן נאָמען די "מאָרגן פרייהייט"). אין אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט דעם פריינט האָט ער מיר פאָרגעלייגט אַז איך זאָל אָנשרייבן וועגן די געשעענישן וואָס קומען פאָר אין פוילן פאַר דער "פרייהייט". כ'האָב נישט געזען קיין שום שלעכטס דערין, כאָטש כ'בין דאַמאָלס, ווי אין אַלע מיינע ווייטערע יאָרן, געווען אידעאיש פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי "פועלי־ציון" (רעכטע).

זייענדיק אַ יונגער בחור צו יענער צייט, האָט עס מיר געשמייכלט ווען קריגענדיק אַן אויסשניט פון דער צייטונג האָב איך געזען מיין נאָמען געדרוקט אין די בלעטער... האָב איך זיך דערמיט אַרומגעטראָגן ביז - ס'איז אָנגעקומען אויף מיר אַ "מסירה" צום צענטראַל־קאָמיטעט פון "פועלי־ציון", אַז כ'שרייב פאַר אַ קאָמוניסטישער צייטונג. ס'האָט מיך געדראָט צו ווערן אויסגעשלאָסן פון דער פאַרטיי, אָבער נאָך השתדלותן ביי די אָנפירנדע חברים צו יענער צייט, ווי ישראל ריטאָוו ע"ה, אַברהם ביאַלאָפּאָלסקי און אַנדערע האָב איך בלויז געקראָגן אַ וואָרנונג מער נישט צו שרייבן פאַר אַ קאָמוניסטישער צייטונג, און דערמיט האָט זיך מיין דאַמאָלדיקע "זשורנאַליסטישע" קאַריערע געענדיקט.

קומענדיק קיין אַמעריקע, האָב איך מיט באַדויערן אָבסערווירט די "קאַזשעלקעס" וואָס די "מאָרגן פרייהייט" האָט דאָ אַ שיינע פאָר יאָר מיטגעמאַכט, די זשאַבעס וואָס זיי האָבן דאָ געשלונגען, אָנהויבנדיק מיטן פאַרטיידיקן דעם שענדליכן סטאַלין־היטלער אָפּמאַך, שפּעטער מיט "רעכטפאַרטיקן" דעם משוגענעם איינפאַל פון סטאַלינען אין דעם טרויעריקן בלבול פון די יידישע דאָקטוירים אין 1952, ביז אַפילו דאָס פאַרשווייגן און לייקענען דעם מאָרד פון די יידישע שרייבער און קינסטלער אַ שיינע פאָר יאָר, ביז בלעם'ס אייזעל אין געשטאַלט פון ניקיטאַ כרושטשאָוו האָט אין יאָר 1956 געעפנט דאָס מויל...

כרושטשאָווס אויפדעקונגען פון דער סטאַלין עפּאָכע, מיט דער באַטייליקונג אַפילו פון די זעלבע כרושטשאָווס אין די שווידערלעכע פאַרברעכנס צו יענער צייט אין רוסלאַנד, איז פאַר די "פרייהייטס" מענטשן געווען אַ דראַמאַטישער איבערברוך און שאָק. ווי אבלים האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט און פאַרבראָכן די הענט נאָך די געשעענדעטע און פאַרלוירענע אידעאַלן און געטשקעס אין וועלכע זיי האָבן געגלויבט, און געוואָלט אַז אויך אַנדערע זאָלן גלויבן אין זיי.

שפּעט און שפּעטליך... אָבער דאָך האָט מען שוין געקענט לייענען פון די מאָגערע און שוין שיטערע בלעטלעך פון די "מאָרגן פרייהייט", אַנדערע טענער, אַנדערע געזאַנגען, און אַפילו אַנדערע היימישע יידישע זיפצן.

זייערע אַמאָליקע קאָמוניסטישע חברים אין רוסלאַנד און אַמעריקע האָבן זי אָנגערופן רענעגאַטן און פאַררעטער. מען האָט זיי אויסגעשלאָסן פון דער חברותא פאַר וועלן דאָס מאָל שוין זען סאָציאַליזם אין אַ מענטשליך פנים, וואָס איז נאָך פאַר יענע חברה, אַפילו אין דער היינטיקער גלאַסנאָסט און פערעסטרויקאָ עפּאָכע, אַ צו געשמאַקער בורזשואזער לוקסוס...

זיי האָבן זיך דערנענטערט און אָנגעהויבן צוטוליען צו אונזערע נאָענטע היימישע אידעאַלן, מדינת ישראל, סאָלידאַריטעט מיט יידן אין גאָר דער וועלט פאַר דער זיכערקייט פון ישראל, קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם אומעטום און אויך אין רוסלאַנד, איז געוואָרן אַ באַשטאַנד טייל פון זייער טראַכטן און פרעדיקן. עס האָט זיי דערנענטערט מיט געוויסע זיגזאַגן צו אונזערע לעגיטימע טרייע, נאַציאָנאַל קעמפערישע פּאַרטייען פאַר ישראל, ווי מפ״ם, מערך און אַנדערע.

זיי האָבן מיט אָפּגעשוואַכטע כוחות אין זייערע אייגענע רייען, זיך באַמיט צו קעמפן קעגן אַסימילאַציע שטרעמונגען און פאַר דער חשיבות פון דער יידישער שפּראַך און קולטור. אָבער וואָס זאָל מען טאָן, אַז די עלטער שקיעה האָט געקלאַפּט אין פענסטער...

ס׳איז געווען רירענד צו לייענען אין דעם לעצטן דערשינענעם נומער פון דער צייטונג ערב ראש־השנה, ווי פסח נאָוויק דער וועטעראַן און יאָרן לאַנגער רעדאַקטאָר פון דער ״מאָרגן פרייהייט״, וועלכער איז געשטאַנען ביים וויגעלע פון דער צייטונג, איז איצט אויף זיין גורל אויסגעפאַלן צו האַלטן די הספד רעדע ביים פאַרמאַכטן ארון.

ער באַקלאָגט זיך אויף דעם ביאָלאָגישן פּראָצעס וואָס האָט שיטערער געמאַכט די רייען פון די לייענער און ממילא אויך פון די געטרייע שטיצער פון דער צייטונג, וואָס האָבן נישט געקענט אויסגלייכן די דעפיציטן און חובות אין וועלכע די צייטונג האָט זיך געבאָרן די לעצטע יאָרן. ער איז זיך מודה און קלאַפּט זיך על חטא אויף די טעותים, בלאָנדזשענישן און ״נישט דערזעענישן״, וואָס ער, די צייטונג און די באַוועגונג וואָס די צייטונג האָט רעפּרעזענטירט, האָבן אַדורכגעמאַכט אין משך פון די יאָרן פון זייער עקזיסטענץ.

ס׳איז אָבער אַ פאַקט, אַז טעותים און גייסטיקע בלאָנדזשענישן, זענען געבוירן געוואָרן שוין גלייך ביים וויגעלע פון דער צייטונג, מיט 66 יאָר צוריק און זיינען אין די ווייטערע יאָרן געוואָרן אַ באַשטאַנד טייל אין זייער אינהאַלט און ווירקונג. די טעותים און בלאָנדזשענישן, זענען אפשר געווען איינער פון די גורמים, וואָס די וואָרצלען וועלכע האָבן גענערט און אויסגעטראָגן די באַוועגונג וואָס די ״מאָרגן פרייהייט״ האָט רעפּרעזענטירט, זענען געוואָרן

איינגעדאַרט און אויסגעטריקנט, נישט האָבנדיק דעם זאַפט און די מעגלעכקייט אויסצוהאָדעווען יורשים און נאָכפאָלגער, וואָס זאָלן אויסגלייכן און פאַרגיטיגן דעם נאַטירלעכן ביאָלאָגישן פּראָצעס מיט וועלכן מיר אַלע לעבן ־ און לעבן זיך אויס.

מיר מאַכן אָבער דאָ נישט קיין משפּט איבער דער אונטערגעגאַנגענער צייטונג. ס'איז אַן אמת, אַז אין דעם זעלבן קריזיס און דראָענדער געפאַר פון אונטערגאַנג זענען אויך "פאַרמישט" גרויסע טיילן פון דעם וועלטלעכן סעקטאָר אויף דער יידישער גאַס, מיט אונזער טייערן יידישן לשון, אַ ירושה פון דורות, וואָס די יורשים אירע רייסן זיך נישט אָפּצונעמען די ירושה...

מיר האָבן היינט פאַר זיך דעם פאַקט פון דעם אונטערגאַנג פון אַ יידישע צייטונג ־ איינע פון די ווייניגע וואָס איז נאָך געבליבן אויף דער יידיש־יידישער גאַס, וואָס טראָגט אירע אַנדערשקייטן און אַפילו בלאָנדזשענישן, האָט די דאָך פאַרטראָטן אַ געוויסן טייל פון דער יידישער געזעלשאַפט, וואָס האָט, ספּעציעל אין די לעצטע יאָרן פאַרטיידיקט די חשיבות פון דער יידישער שפּראַך און קולטור, טאַקע אין דעם לשון פון אונזערע טייערע פּיערקאַנטיקע יידישע אותיות, וואָס האָבן ווידער מיטן שליסן זיך פון אַ יידישער צייטונג, ווייטער פאַרלוירן אַ פּאָזיציע אינעם געראַנגל פון ווייטערן המשך פון דער יידישער שפּראַך און קולטור.

וואָלט עס דערפאַר געווען אַ געזונטע און ריכטיקע דערשיינונג, אַז די אַמאָליקע יידישע לייענער וואָס די "מאָרגן פרייהייט" האָט באַדינט, כאָטש קוואַנטיטיוו נישט קיין סך, בכדי נישט צו פאַרלירן זיי פון דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן אַרום, צו באַווירקן, אַז זיי זאָלן ווערן די שטיצער און לייענער פון די נאָך היינט עקזיסטירנדיקע יידיש פּערי‌אָדישע צייטונגען און זשורנאַלן, דערמיט אויך פאַרלענגערן זייער ווייטערדיק לעבן און עקזיסטענץ; ביז אפשר בעסערע צייטן וועלן קומען. בעסערע צייטן דאַרפן און קענען קומען. מיר וואָלטן דאָך נישט געווען קיין רעאַליסטן ־ ווען מיר וואָלטן נישט געגלויבט אין ניסים...

# פיר צייטונגען אונטער איין דאַך

## צום 10׳טן יובילעאום פון ״אַלגעמיינעם זשורנאַל״,

## 1972-1982

ר׳ יואל לעווינשטיין איז געווען דער גביר פון שטאָט. אַ חוץ די גרויסע אייזנוואַרג קראָם אין מיטן מאַרק, וואָס איז שטענדיק פול געווען מיט קונים ספּעציעל אין די וועכנטלעכע ירידים־טעג, ווען פּויערישע וועגענער פון אַלע זייטן האָבן פאַרבלאָקירט דעם אַריינגאַנג צום געוועלב, איז ער נאָך אויך געווען אַ ״מטופל״ מיט אַנדערע געשעפטן אין שטאָט, וואָס דאָרט האָט שוין בלויז דאָס געלט אַליין ״געאַרבעט״ פאַר אים, צו ווערן אַ וואָס גרעסערער גביר.

נאָך פון די ערשטע יאָרן נאָך דער חתונה האָט ער פון די בלויזע אייזנוואַרג קראָם אָפּגעשפּאָרט אַ סאָלידע געמויערטע הויז פון 2 שטאָק, וואָס האָט ווי מיט אַ ביסל ביטול אַראָפּגעקוקט צו די אַרומיקע הילצערנע, אָרימלעכע שוין גאָר נישט יונגע, אין פאַרשידענע קאָלירן, געפאַרבטע הייזקעס.

ר׳ יואל איז געווען אַ חסידישער ייד מיט אַ הדרת פּנימדיקן אויסזען, באַקאַנט אין שטאָט ווי אַ נדבן, נישט איבער דער מאָס, אָבער נישט קשה, געלאָזט זיך קאָסטן פאַר די נויטיקע הצטרכותן פון דער שטאָט. אַ גערער חסיד. געפאָרן צום רבין אויף אַלע יום־טובים און פון רבין האָט ער איין מאָל געהערט זאָגן אַז די חסידים זאָלן זעען צו קויפן און לייענען די אָרטאָדאָקסישע טאָג צייטונג, וואָס האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין וואַרשע אונטערן נאָמען ״דאָס יידישע טאָגבלאַט״. די צייטונג האָט פון דאַמאָלס אָן באַקומען דעם אויבן אָן אין די ברויח׳דיגע סאַלע פון ר׳ יואל לעווינשטיין.

צו יענער צייט האָט ר׳ יואל שוין געהאַט 3 אונטערגעוואָקסענע קינדער, 2 זין און אַ טאָכטער. דער ״עלטערער״, יהודה לייב און אברהם משה זיינען געווען אַ צווילינג, געהייסן האָט ער דער ״עלטערער״ ווייל ער איז געבוירן געוואָרן אַ מינוט פריער פאַר דעם יונגערן, און דאָס, ערשט אַ 5 יאָר נאָך דער חתונה פון ר׳ יואל מיט צפורה לאה, וואָס האָט זיך די 5 יאָר ״געדאָקטערוועט״ און שוין זיך כמעט ווי מייאש געווען פון האָבן אַ קינד. ר׳ יואל אָבער אַ ייד אַן עקשן האָט נישט אויפגעגעבן די האָפענונג און טראָץ די ״שטאַמלענישן״ פון די דאָקטוירים אין אויסלאַנד וואו צפורה לאה איז געפאָרן יעדעס יאָר צו נעמען בעדער, האָט ר׳ יואל ״געאַרבעט״ אויף אַ ״צווייטן פראָנט״. אַלע מאָל ביים פאָרן צום רבין האָט ער נישט פאַרפעלט זיך ״מזכיר״ צו זיין וועגן אַ בן זכר און שטענדיק אַהיימגעפאָרן פול מיט האָפענונג, זעענדיק אויף דעם רבינס פּנים אַן אויסגעלייטערטן שמייכל מיט דער פאַרזיכערונג אַז ג־ט וועט העלפן.

און ווירקלעך ג־ט האָט געהאָלפן. דעם טאָג אָבער ווען צפורה לאה האָט אַ בלאַסע און פאַרוואונדערטע אים געזאָגט אַז עס דאַכט זיך איר אַז זי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן, האָט זיך די שטוב אים אָנגעהויבן דרייען פאַר די אויגן. נאָך דערצו ווען געקומען אויף דער וועלט איז אַ צווילינג, איז אַלס דאַנקבאַרקייט און פרייד צום רבין האָט ער דעם איין מינוט׳דיקן ״בכור״ אַ נאָמען געגעבן יהודה לייב, כאָטש 2 ניידעס פוןביידע צדדים האָבן געוואַרט אויף אַ נאָמען. מיט אַ 2 יאָר שפּעטער האָט אים צפורה לאה אויך געבוירן אַ טאָכטער מרים, וואָס איז געוואָרן דאָס שיינדל פון שטוב מיט איר שיינקייט און חן.

אויך די בחורים זיינען געוואָקסן וואויל און פיין, לערנענדיק ביי די בעסטע מלמדים אין שטאָט, שפּעטער האָט זיי ר׳ יואל אַוועקגעשיקט אין אַ ישיבה אין אַ שכנותדיק שטעטל אָפּנעמענדיק פון זיי די בעסטע גרוסן אַז זיי וואַקסן אין תורה און חכמה. וועלנדיק זיך טיילן מיט דעם נחת, האָט ער זיי מיטגענומען כמעט אויף אַלע ימים־טובים צום רבין, כאָטש די ווייב האָט נישט איין מאָל געהאַט פאַריבל אויף אים פאַר נישט געבן איר אויך די געלעגנהייט צו קענען שעפּן נחת פון די קינדער ביי זיך אין דער היים.

אָבער, ווי אַ סך מאָל אַן אָבער איז דאָ אַ צרה... איינמאָל האַרט פאַר פסח האָט ר׳ יואל באַקומען אַ בריוול פון ראש הישיבה וואו די בחורים האָבן געלערנט, אַז צום קומעדיקן זמן וויל ער נישט האָבן אין דער ישיבה די 2 זין זיינע ווייל שוין מער ווי אַ יאָר צייט ווי זיי האָבן באַוויזן אָנצושטעקן מיט אַפּיקורסות אַ געוויסע צאָל תלמידים אין דער ישיבה, און אַלע באַמיאונגען מיט גוטן און בייזן זיי מחזיר למוטב זיין זיינען געוואָרן אַרויסגעוואָרפן.

אַ פאַרשטערטער פסח איז דאָס מאָל געווען ביי ר׳ יואלן אין שטוב. ביידע זין האָבן מודה געווען אַז לערנענדיק אין דער ישיבה האָבן זיי זיך באַקאַנט מיט אַ גרופּע יונגוואַרג וואָס האָבן פאַרלייגט אַ הכשרה קיבוץ אין שטעטל, מען האָט געשמועסט, דיסקוטירט און פּרובירט איבערצייגן איינער דעם צווייטן. די ישיבה בחורים האָבן אין אָנפאַנג גערן אָנגענומען די ביכער און בראָשורן וואָס די הכשרה׳ניקעס האָבן זיי פאַרגעלייגט צו לייענען, גלויבנדיק אַז דערמיט זיינען זיי אפשר מקיים דעם פּסוק ודע מה שתשיב לאַפּיקורס, אָבער ביז וואַנען זיי האָבן זיך צוגעגרייט צום ודע מה שתשיב, זיינען זיי געבליבן שטעקן ביי דעם לעצטן וואָרט פון פּסוק...

אין דער ביז איצטיקער, שלום ושלוה׳דיקער, נגידיש חסידישע שטוב וואו בלויז דאָס אָטראָדאָקסישע ״יידישע טאָגבלאַט״ האָט געהאַט איר פולע השפּעה, האָט מען איצט געהערט אָמפּערייען און וויכוחים איבער ציוניזם, באָראָכאָוויזם, גורדוניזם, ווייל די 2 ברידער וואָס זיינען אַוועק פון דער ישיבה, האָבן זיך אויך נישט געקענט איינקן וואו ווייטער צו גיין? פאַר דעם

"עלטערן" יהודה לייב האָט דער הרצליאָנער ציוניזם באַשמאָלצן מיט דעם אָרעאָל פון יידישער מלוכה׳שאפפט און זשאַבאָטינסקי גייסט, פּאַרענטפערט אַלע יידישע פּראָבלעמען. פאַר אברהם משה׳ן האָט נאָר דער "סטיכישער פּראָצעס" לויט די פּראָראיסזעאונגען פון דעם דאַמאָלס יונגן "פּאָלטאָווער גאון" און באַגרינדער פון דעם טעריטאָריאַלן ציוניזם, בער באָראָכאָוו, אָדער גאָר פון דעם יידישן "טאָלסטויאַנער" א.ד. גורדון, דער פּרעדיגער פון גערדאַנק פון דת־עבודה – אַז בלויז דורך די רעליגיע פון אַרבעט קען קומען די אויסלייזונג פון אידן.

דערווייל אָבער ביז זיי ווען קומען צו אַ טאָלק ווער עס וועט ברענגען די יידישע אויסלייזונג האָט זיי דער טאַטע אַריינגענומען אין דער אייזנקראָם אַלס געוויינטלעכע פּאַרקויפער מיט דעם געדאַנק אין דער נאָענטסטער צייט אַראָפּכאַפּן זיך צום רבין זיך שואל עצה זיין וואָס ווייטער צו טאָן וועגן די קינדער.

פון די פאַרדינסטן וואָס דער טאַטע האָט זיי צוגעטיילט פאַר זייער אַרבעט אין קראָם, האָט יהודה לייב יעדן טאָג אַהיימגעברענגט די ציוניסטישע טאָג צייטונג "היינט" און משה לייב האָט זיך אויסגעשריבן פון וואַרשע די נאָר וואָס אָנגעהויבן דערשיינען טאָג צייטונג פון "פּועלי־ציון", "דאָס וואָרט". אַזוי אַרום האָט דאָס יידישע טאָגבלאַט, וואָס האָט ביז איצט געקעניגט אין די הויפּט סאַלע פון ר׳ יואל, זיך געפונען אין דער געזעלשאַפט פון 2 נייע "פריינד" וואָס האָבן אפשר זיך קענגנזייטיק געוואונטשן, דעם צווייטנס פאַרשווינדן...

אָבער אויך דער סטאַטוס־קוואָ פון די 3 צייטונגען האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. ווי באַמערקט פריער האָט ר׳ יואל אויך געהאַט אַ טעכטערל, אַ פיין און וואויל מיידל וואָס האָט זיך געלערנט אין דער גימנאַזיע פון שטאָט מיט דער פּריווילעגיע נישט צו דאַרפן קומען צו די לעקציעס אין שבת, און כאָטש דער גאַנצער ענין גימנאַזיע איז ר׳ יואלן געווען דערווידער, וויסנדיק אַז פון די "שקאָלעס" קומט קיין גוטס אַרויס, האָט אָבער דער געוואַלדיקער עקשן אין אַנדערע ענינים, זיך דאָס מאָל געלאָזן בויגן פון זיין צפּורה לאה, וואָס אַ חוץ די "צאינה וראינה" אין די שבת פּאַרנאַכטן, האָט זי אויך ליב געהאַט צו לייענען אין די וואָכעדיקע טעג פּוילישע ביכלעך און ראָמאַנען.

האָט געטראָפן אַז אין גימנאַזיע וואו מרים האָט געלערנט, האָט זי זיך באַפריינדט מיט אַ מיידל גראָד נישט פון קיין פרומער שטוב וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ כלה פאַר אַ יידישן לערער וואָס איז אַראָפּגעקומען פון וואַרשע ווען אין שטאָט האָט זיך אויפגעעפנט אַ יידישע וועלטלעכע "צישאָ" שולע.

דער לערער, אַ פֿאַרברענטער בונדיסט, האָט פֿאָרגעלייגט די כלה זיינע און מרים אויסצולערנען זיך שרייבן און לייענען אַ "פערפעקטן" יידיש, און אַלס לייכט לייען מאַטעריאַל פֿאַר יידיש אָנפאַנגער זיי פאָרגעלייגט אַרטיקלען און סקיצן פֿון דער קליינער "פֿאָלקס צייטונג" וואָס איז געווען אַ וועכנטלעכע ביילאַגע צו דעם בונדישן אָרגאַן פון וואַרשע, די "פֿאָלקס צייטונג".

פון קליין איז שפּעטער געוואָרן גרויס... אַזוי מיט דער צייט האָט זיך די פּראָלעטאַרישע "פֿאָלקס צייטונג" געפּילט גאַנץ היימיש אין דער נגידיש חסידישער שטוב.

נישט אַלע צייטונגען אין פּוילן האָבן זוכה געווען צו פייערן צען יעריקע יובילעאומס, די יידישע לייִנערשאַפט וואָס איז געווען אַ מאָל שפּע׳דיק גרויס, האָט זיך געמאַכט אירע אייגענע סעלעקציעס וועמען זי האָט געוואָלט האָבן פֿאַר זייערע פּירשפּרעכער און טאָן געבער. דער יום־טוב און דער וואָכן, פֿון דעם יידיש־יידישלעכן לעבן האָט זיך אין די יידישע צייטונגען ווי אין אַ פֿאַנטאַסטישן רעגנבויגן אָפּגעשפּיגלט אין אַלע זיינע קאָלירן און פֿאַרבן. ס׳איז דאַכט זיך ווייניק צו זאָגן ווי מיר בענקען נאָך דעם.

זאָל אָבער דער גלאָרייכער אַמאָל נישט פֿאַרזעען דערגרייכונגען אויך פֿון היינט, נאָך דערצו ביי אַ 10 יעריקן שווערן וועג פון באַרג אַרויף.

**יוני, 1982**

# 18 יאָר אין דינסט פון כלל ישראל

## צום 18-טן — ח״י — יובל זינט דער גרינדונג פון ״אַלגעמיינעם זשורנאַל״

מיט 18 יאָר צוריק, ווען דער ״אַלגעמיינער זשורנאַל״ האָט געמאַכט זיין דעביוט אויף דער יידישער גאַס, האָט שוין דעמאָלט די יידישע פּרעסע בכל אתר ואתר דורכגעמאַכט אַ צאַנקענדיקן און שווערן קריזיס פון כסדר פאַרליִרן לייענער, און די סטאַבילע באַזע פון אַן עקאָנאָמישער פּאָזיציע, וואָס זאָל קענען אָן דרויסנדיקער הילף אויפהאַלטן די עקזיסטענץ פון די יידישע צייטונגען. רעטונגס־אַקציעס, אַפּילו און סובסידיעס פון געזעלשאַפטלעכע פאָנדן, זיינען געווען די איינשפּריצונגען און די אויפהאַלטונגס־מעטאָדן, מיט וועלכע די פּרעסע האָט ״געלעבט״ און זיך געראַנגלט כדי נישט צו ווערן פאַרשוואונדן פון דער יידישער גאַס.

מען האָט געדאַרפט האָבן פיל אָפּטימיסטישן גלויבן, אַן אידעאַליסטישן צוגאַנג און אַן אייזערנעם ווילן, נישט צו ווערן באַהערשט פון די אונטערגאַנגס־שטימונגען לגבי די מעגלעכקייטן און די אויסזיכטן אין דער צוקונפט, פאַר אַ נייעם יידישן אָרגאַן אויף די חורבות פון די אַלטע, כדי אַרויסצוגעבן אַ נייע צייטונג, וואָס זאָל אָפּלייקענען די דעפעטיסטישע און יאוש־שטימונגען וואָס האָבן דאַן געהערשט (און הערשן נאָך, לײדער, היינט) בנוגע אַ אידיש־יידישער צייטונג, אויף אַ קאַלטער יידישער גאַס.

ווייזט אָבער אויס, אַז דער רעדאַקטאָר פון ״אַלגעמיינעם זשורנאַל״, גרשון יעקבסאָן, פאַרמאָגט אָט די אויבן־אויסגערעכנטע, פּאָזיטיווע מעלות, און אַמאָל נאָך מער.

אין איינעם פון די לעצטע נומערן פון דער צייטונג, פרייטיק, יוני, 29, 1990 האָט גרשון יעקבסאָן דערציילט וועגן ספּעציעלע באַערונגען און גרויסע פאַרציעס כבוד, וואָס זיינען אים צוגעטיילט געוואָרן פון אַ שפּאַר ביסל שיינע און בכבודיקע יידן, אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין אָנפירן מיט דער צייטונג שוין איבער 18 יאָר.

איך גלויב באמונה שלימה, אַז ר׳ גרשון האָט כשר פאַרדינט די זשמעניעס כבוד, וואָס זיינען אים צוגעטיילט געוואָרן, כאָטש ווי עס ווייזט אויס, האָבן די גאָר חשובע און שיינע יידן איגנאָרירט דעם באמת שיינעם מאמר חז״ל ״מקצת שבחו אומרים בפניו״, און זיינען געווען מער אונטער דעם איינפלוס פון דעם מאמר פון בעל הגדה ״וכל המרבה הרי זה משובח״...

נישט צוליב פאַרגרעסערן אָדער פאַרשענערן דעם אימפּאָזאַנטן בלומען־ווערטער קראַנץ, פאַר דעם רעדאַקטאָר, גרשון יעקבסאָן, און אַ רייע

מיטאַרבעטער און שרייבער פון דער צייטונג, וועלכע האָבן טאַקע אויף די שפּאַלטן פון דער צייטונג אַרויסגעבראַכט דעם גרויסן אויפטו און בייטראָג פון רעדאַקטאָר, אַרויסצוגעבן אַזאַ יידישע צייטונג, אין אַזאַ שווערער צייט, בין איך אויסן.

וואָס עס ווילט זיך מיר יאָ אַרויסהויבן, און דאָס מיט דער פולער אחריות פאַר דעם געזאָגטן, און מיט דער פולער אָנערקענונג פאַר דעם רעדאַקטאָר אין זיין אָנפירונג מיט דער צייטונג – איז דאָס אויפהויבן אין משך פון 18 יאָר דעם "אַלגעמיינעם זשורנאַל" צו אַ מדרגה פון אַ כלל־ישראל־אָרגאַן אין בעסטן זין פון וואָרט; שוין בלויז דערמיט, וואָס כאָטש די צייטונג פאַרטרעט די אידעאָלאָגישע ליניע פון אָרטאָדאָקסישן אידנטום, אַפילו מיט אירע פּאָליטישע פּריאָריטעטן, צו אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע ענינים, סיי בנוגע ישראל, סיי בנוגע אונזערע דאָאיקע פּראָבלעמען מחוץ ישראל, איז די צייטונג, און איר רעדאַקטאָר, געגנוג טאָלעראַנט און פרייגיביק פאַר אויסגעשפּראָכענע מיינונגען און אַרויסזאָגונגען פון וועלטלעכע שרייבער און זשורנאַליסטן, וואָס דריקן אויס נישט דווקא די שיטה, וואָס דער רעדאַקטאָר אָדער דער "אַלגעמיינער זשורנאַל" אַלס אַזעלכער פאַרטרעט, אין די אָדער יענע פראַגן פון געזעלשאַפטלעכן פאַרנעם.

צום זכות פון רעדאַקטאָר, גרשון יעקבסאָן, איז כדאי און אינטערעסאַנט צו דערמאָנען, אַז נאָך מיט יאָרן צוריק האָט דער "אַלגעמיינער זשורנאַל" געגעבן פּלאַץ אויף זיינע שפּאַלטן פאַר די מאמרים פון דעם אַמאָליקן פירער פון אצ"ל, נתן יעלין מור ע"ה, וועלכער האָט זיך שפּעטער אַריבערגעקאָלערט אויף עקסטרעם לינקס, און געוואָרן אַ הייסער פאַרטיידיקער פון אידייען און קאָנטראָווערסאַלע מיינונגען איבער פאַרשידענע אַספּעקטן פון ישראל'דיקע פּראָבלעמען, וועלכע זיינען געווען, און זיינען אויך היינט, אין פולשטענדיקן ווידערשפּרוך צו די אָנגענומענע מיינונגען פון גרויסן רוב פון דעת הקהל, אין דעם ישראל־אַראַבישן קאָנפליקט.

דאָס געבן פּלאַץ פאַר נתן יעלין־מור'ס מאמרים אויף די שפּאַלטן פון "אַלגעמיינעם זשורנאַל" צו פאַרטיידיקן זיינע אַרויסזאָגונגען, האָט געגעבן פּרעסטיזש און כבוד דער צייטונג און דעם רעדאַקטאָר, וואָס האָט זיך געקענט דערהויבן און וועלן אויסהערן און נישט מבטל זיין די מיינונג אַפילו פון אַ קליינעם מיעוט אין דער יידישער געזעלשאַפט, מיט וועמען מען איז אַפילו טאָטאַל נישט מסכים.

אַוודאי ווייסן מיר, אַז פיל לייענער פון "אַלגעמיינעם זשורנאַל" זיינען שומרי תורה ומצוות, און זיי וואָלטן געוואָלט, אַז די צייטונג זאָל ווערן אויסגעפילט בלויז אין גייסט פון תורה ומסורה שטאַנדפּונקט; אָבער פאַר אַ צייטונג וואָס גילט, און מיט רעכט, אַלס כלל־ישראל־צייטונג, מוז מען

געדענקען, אַז כלל ישראל נעמט אַריין אין זיך כל ישראל, אַפילו ווען זיי זיינען נישט קיין שומרי תורה ומצוות, אָבער אַ חלק אין עולם־הבא האָבן זיי יאָ, לויט דער פאַרזיכערונג פון: "כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא", אָבער ביז זיי וועלן קריגן זייער פּאָרציע עולם־הבא, וואָלטן זיי געוואָלט אויך געניסן פון אַביסל עולם הזה, און פאַר זיי זיינען די מאמרים, סיי פון די רבנים, סיי פון דער גרופּע וועלטלעכע שרייבער אין משך פון די 18 יאָר, געווען זייער פּאָרציע עולם־הזה, מיט וועלכער זיי האָבן זיך געקוויקט און הנאה געהאַט.

קען זיין, אַז זייער פאַרגעניגן האָט זיך אַמאָל אויסגעמישט מיט אַביסל ביטערניש, ווען זיי האָבן געלייענט אין דער צייטונג אַז מענטשן אָדער באַוועגונגען פון קעגנערישע לאַגערן, ווי אַ שטייגער "מערך" אָדער "מפ"ם", מיט וועלכע געוויסע שרייבער אָדער שרייבערינס פון "אַלגעמיינעם זשורנאַל" זיינען מחולק און "צעקריגט" פּאָליטיש, באַנוצן זיך אין טראַנס פון זייער פּאָלעמיק אָדער "אַראָפּרייס" פון אָט די באַוועגונגען און די מענטשן וואָס שטייען בראש פון די באַוועגונגען, מיט אַזעלכע עפּיטעטן ווי "פאַררעטער", "פאַרקויפטע נשמות" און ענלעכעס, נישט שוינענדיק אַפילו אַזעלכע פאַרדינסטפולע מענטשן פאַר דער מדינה ווי דוד בן־גוריון ע"ה אָדער משה דיין ע"ה.

נישט איין מאָל האָבן זיי געהאַט פאַראיבל אויף דעם רעדאַקטאָר, גרשון יעקבסאָן, פאַר לאָזן די שרייבער אָדער שרייבערינס אין דער צײַטונג וואַרפן זיך אויף דעם קעגנער מיט בלאָטע און פאַרלוימדונג, אַנשטאָט מיט ווערטער פון איבערצייגונג. צי איז דאָס לאָזן זיך וואַרלגיין אויף דעם חשבון פון קעגנער מיט "שטאַרקע" ווערטער פון פאַרלוימדונג און אינסוניאַציעס, דער פּרייז און דער צינז, וואָס מיר אַלע צאָלן פאַר די "רעכטן" פון פרייע אַרויסזאָגונגען, פרייהייט פון וואָרט, און אַנדערע "פרייהייטן"? אויב אַזוי, איז דער פרייז גאָר אַ הויכער.

ס'איז אַ פאַקט, אַז גרויסע טיילן פון די אַזוי־גערופענע וועלטלעכע יידן, וואָס זיינען לייענער פון די יידער אַזוי ווייניקע און איינגעשרומפּענע פּעריאָדישע צייטונגען און זשורנאַלן פון אַ וועלטלעכן כאַראַקטער, זיינען אויך געשמאַקע לייענער פון "אַלגעמיינעם זשורנאַל", זוכנדיק, און מיט רעכט, די פּלוראַליסטישע קאָ־עקזיסטענץ פון אַ וועלטלעכן און רעליגיעזן צוגאַנג אין יידישן לעבן, וואָס זאָל אַרויסהייבן מער דאָס פּאָזיטיווע וואָס פאַראייניקט, ווי דאָס נעגאַטיווע וואָס צעשפּליטערט.

מיט זיין אידעאַליסטישער אהבת יידיש און אַהבת יידן, האָט גרשון יעקבסאָן, צוזאַמען מיט זיין סימפּאַטישער אשת חיל, צבי', באַוויזן אויפצושטעלן אין דעם אָפּט מאָל גאָר נישט פריינטלעכן און קאַלטן ניו־יאָרק, אַ קליינע אימפּעריע פון אַ יידיש־פּאָזיציע, וואָס זיינע צווייגן נעמען אַרום

קאָנטינענטן און לענדער, מיט זיין קרוין־צווייג – ישראל. מיט פראָמינענץ און גרויס זאָרג ווערן טאַקע אויף די שפּאַלטן פון "אַלגעמיינעם זשורנאַל" באַהאַנדלט די פּראָבלעמען און פראַגן אַרום און וועגן ישראל.

מען קען זיין מחולק מיט אַ סך אויספירונגען פון אַ ריי שרייבער, און אַפילו פון רעדאַקטאָר, בנוגע פיל ענינים. ווייל צום זכות פון גרשון יעקבסאָן, און אין די בעסטע טראַדיציעס פון אַ פרייען מיינונגס־אויסטויש, קענט איר אויף די שפאַלטן פון "אַלגעמיינעם זשורנאַל" אויך לייענען אַנדערע שיטות, וואָס דריקן אויס, לויט זייערע מיינונגען, די בעסטע אינטערעסן פון כלל־ישראל, פאַר ישראל.

איז דעריבער, צום ערשטן ח"י־יום־טוב פון דער צייטונג, ווינטשן מיר קודם־כל דעם רעדאַקטאָר, גרשון יעקבסאָן, געזונט און כוח אויף נאָך ווייטערע און לאַנגע יאָרן אויפצוהאַלטן אָט די אויפגעבויטע יידיש־יידישע פּאָזיציע, אַלס אַ צייטונג אין דינסט פון די ברייטסטע קרייזן און שיכטן פון יידישן פאָלק, וואָס מיר באַצייכענען מיטן בכבודיקן נאָמען – כלל ישראל.

זייט געבענטשט מיט הצלחה, ר׳ גרשון.

**אויגוסט, 1990**

# אַ וועלטלעכע משיח וויזיע?

צוזאַמען מיט אַ פּאָר הונדערט יידן אין מיאַמי האָב איך געהאַט דאָס פאַרגעניגן אויסצוהערן די לעקציע פון דר. העשיל קלעפפיש (אַגב: אַ יוגנט חבר, אַ בן עיר פון דער שטאָט זשיראַרדאָוו, שפּעטער אויסגעוואַנדערט למרחקים געוואָרן אַ באַקאַנטער שרייבער און געלערנטער פון אַ גרויסן פאַרנעם), ער באַשיינט יעדעס יאָר די "ייוואָ" פאָרומס אין מיאַמי מיט לעקציעס און רעפעראַטן וואָס האָבן גרויס דערפאָלג.

צו די קריטישע באַמערקונגען פון שרייבער פריינט ניסן גאָרדאָן ("אַלגעמיינער זשורנאַל", פעברואַר 22, 1980) אויפן ראַנד פון דר. קלעפפיש רעפעראַט און די דיסקוסיע אַרום די משיח וויזיע, פאָדערן זיך אייניגע קריטישע אויסזעצונגען.

עס איז אַ טרויעריגער אמת אַז מיטן אומברענגען פון איבער 90 פּראָצענט פון פוילישן אידנטום איז טאָטאַל אָפּגעווישט געוואָרן דאָס שפּרודלדיגע רייך גייסטיג קולטורעל וועלטלעכע און אָרטאָדאָקסישע אידנטום.

עס זיינען אָבער דאָך איבערגעבליבן שפּליטערן פון פוילישן אידנטום וועלכע האָבן זיך אין משך פון יאָרן איינגענעסטיגט אין פאַרשידענע לענדער און קאָנטינענטן און געפּרואווט אויפבויען און ממשיך צו זיין דאָס גייסטיגע לעבן פון וועלכן זיי זיינען געווען עדות און עס איז פאַר זייערע אויגן אַזוי ברוטאַל חרוב געוואָרן.

פאַר אָרטאָדאָקסישע יידן ווי אויך פאַר פיל גלויביקע יידן איז דער פּראָצעס געווען פיל לייכטער, ווייל תורת משה, געמישט מיט אַ שטאַרקן ווילן און עקשנות, קען שלאָגן וואָרצלען וואו נאָר ערגעץ וואו אַן עדה יידן געפינען זיך.

פאַר די אַזוי־גערופענע וועלטלעכע יידן, איז דער גייסטיקער איבערבויאונג פּראָצעס געווען פיל שווערער, ווייל צוזאַמען מיט זייערע גייסטיקע און פּידישע אינסטיטוציעס וועלכע זיינען אָפּגעווישט געוואָרן פון דער אויבערפלאַך, האָבן זיך אויך גענומען שאָקלען די מאָראַלישע ווערטן און גלויבונגען מיט וועלכע מען האָט זיך יאָרן לאַנג אַרומגעטראָגן.

די שניי ווייסע קעפּ וועלכע פּילן אויס די "ייוואָ" פאָרומס און אַנדערע יידישע קולטור אונטערנעמונגען האָבן דאָרט אין דער אַלטער היים צוזאַמען מיט די יאָרן אויך איבערגעלאָזן אַ סך אַנטוישונגען פון דאָגמעת און אידעען וועלכע מען האָט ווי אַן אומגויטיקער באַגאַזש געפּרואווט אין די ערשטע יאָרן נאָך מיטברענגען אין דער נייער היים.

די היימען זיינען אָבער דערפון געוואָרן נאָך מער אויסגעליידיקט פון אַ וועלכן עס איז יידישלעכן אינהאַלט און אין דער צווישן צייט איז אַ דור

געוואָרן פאַרלוירן אין דעם וואַקיום פון זוכעניש אין אַן אָנהאַלט פון אַ גייסטיקן און מאַטעריעלן אָנשפּאַר אין לעבן.

וואָרטזאָגער און קולטור קרייזן וועלכע האָבן זיך, אויב נישט מיט פיינטשאַפט איז מיט ביטול און חוזק באַצויגן צו רעליגיע און טראַדיציע, האָבן מיט דער צייט איינגעזען אַז רעליגיע און טראַדיציע זיינעןווירקזאַמע אינסטרומענטן אויפצוהאַלטן דאָס יידישע לעבן פון נישט ווערן פאַרגרעבט און פאַרגוי'איש.

די גלייכגילטיקע וועלט וואָס האָט זיך רואיק צוגעקוקט ווי אַ פאָלק ווערט אויסגעשאָכטן האָט אויך געעפנט די מוחות פון אונזערע אָפּגעפרעמדעטע און ווייטע, ברענגענדיק זיי צו אַ גייסטיקע איבערוואַנדלונג פון קומען צום שורש, אָפּזאָגנדיק זיך פון אַ סך פסולת'ן מיט וועלכע מען האָט זיך און אַנדערע געקאָרמעט.

אויך דער גרויסער "נס" פון דער אַנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה האָט געשפּילט און שפּילט נאָך ווייטער אַ גרויסע ראָלע פאַר דער אויסקריסטאַליזירונג פון אַ יידיש נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין ביי די אַזוי גערופענע וועלטלעכע יידן.

דערפאַר איז דאָ נישט ריכטיק די מיינונג פון פריינד ניסן גאָרדאָן "אַז פאַר דעם יידישיסטישן קולטורעלן עלעמענט פון דער שארית הפליטה איז די מדינה נאָך אַלץ אַ קנאַפּע טרייסט". אויף צו פאַרגלייכן אַ באַקאַנטן זאָג פון אחד העם "אַז נאָכמער ווי די יידן האָבן אָפּעהיטן שבת, האָט שבת אָפּגעהיטן די יידן", קען מען זאָגן, אַז נאָך מער ווי די יידן היטן אָפּ די מדינה, האָט די מדינה אָפּגעהיטן אַז גרויסע טיילן פון דעם יידישן פאָלק זאָלן נישט אַריינפאַלן אין די אָרעמס פון אָפּפרעמדונג גלייכגילט און אַסימילאַציע.

די שארית הפליטה יידן וואָס האָבן צוריק אויפגעבויט זייער היים אין דער יידישער מדינה, האָבן געגעבן זייער ביישטייער צו דער אויפהאַלטונג און פּרעזערווירונג פון אַ יידיש גייסטיק לעבן ווי אַ פאָרטזעצונג פון דעם אַמאָל, דורך דער גרויסער נעץ פון ערציאונגס אינסטיטוציעס, ישיבות און רעליגיעזע אַנשטאַלטן וואָס דאָס אָרטאָדאָקסישע יידנטום האָט אויפגעבויט אין ישראל.

אָבער אויך דער אַזוי גערופענע וועלטלעכער סעקטאָר אין ישראל האָט זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן, די וויכטיקסטע שליסל פּאָזיציעס, איינגעשלאָסן רעגירונגס אַמטן און פריוואַטע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס ווערן דאָמינירט און אָנגעפירט דורך די גייסטיקע און פיזישע יורשים אָפּשטאַמיגע פון דעם אַמאָליקן שפּרודלדיגן מזרח אייראָפּעאישן יידנטום.

די *שארית הפליטה* ייִדן, אומאָפּהענגונג פֿון זייער זײַן אָרט מחוץ די גרענעצן פֿון ישׂראל, האָבן אין זייער געדאַנקען גאַנג אַריינגענומען ווי אַ מצוה און אַ חוב מיטצוהעלפֿן אויפֿצוהאַלטן און פֿאַרפֿעסטיקן אַ ייִדיש היים־לאַנד אין ישׂראל, וואָס זאָל אַפֿילו אין אַ צוקונפֿטיקע וויזיע זײַן אַן ׳אור לגויים׳ און קריגט אויך צוריק פֿון דאָרטן זיינע זאַפּטיקע וואָרצלען, וועלכע וועלן אומשטאַנד זײַן, האָפֿענטליך, אויפֿצוהאַלטן אים פֿון נישט ווערן פֿאַרשוווּנקען אין די אַרומיקע אַסימילאַציע כוואַליעס וואָס באַדראָען דעם ייִדישן קיום אין אַ סך לענדער אין די תּפֿוצות.

די עלטערע קולטורעלע ייִדן מיט די *שני* ווייסע קעפּ אין דער זוניקער מיאַמי, קומען נישט בלויז אויסהערן אַ לעקציע וואָס זאָל פֿאַרענטפֿערן זייערע ייִדישקייט פּראָבלעמען, נאָר איר האָט זיי געקענט טרעפֿן ביי 3 אונטערנעמונגען נאָכאַנאַנד אין מיאַמי, אין אַ גאָר גרויסע צאָל מאַסן באַטייליגונג, אין איינעם פֿון די גרויסע האָטעלן ביי הסתּדרות קאָנפֿערענצן, וואו זיי האָבן אויף אַ פֿיינעם געזעלשאַפֿטלעכן אופֿן גערענטפֿערט אויף אַ רוף זיך צו סאָלידאַריזירן און אויסצופֿירן געוויסע התחייבֿותן וואָס זענען אין דער בעסטער טראַדיציע פֿון וועלטלעכן פּוילישן־ייִדנטום.

עס קען זײַן, אַז דאָס איז אויך דער ענטפֿער אויף דער אַלעגאָרישער "משיח וויזיע" וואָס דר. העשיל קלעפּפֿיש האָט דערמאָנט אין זײַן שיין געבויטן רעפֿעראַט וועגן דון יצחק אַברבנאל. די *משיח* וויזיע פֿונקט ווי די וויזיע פֿון *באחרית הימים* האָבן זיך זייערע פֿאַרשידענע אויסטייטשונגען אין אונזערע רעליגיעזע פֿילאָזאָפֿישע און קבלה ספֿרים און זיי זענען זיך חלילה איינס דעם צווייטן נישט סותר. זאָל אויך זײַן דערלויבט צו די פֿאַרשידענע ווערסיעס אויך אַ וועלטלעכער אויסטייטש פֿון אָט דער "וויזיע".

**פֿעברואַר 1989**

# שריי כינע!

כינע, דאָס גרויסע רידיקע לאַנד, וואָס איר באַפעלקערונג דערגרייכט שוין לויט דער לעצטער ציילונג ביז אַ ביליאָן מיט 100 מיליאָן מענטשן, איז היינט (מאַי־יוני, 1989) אויף די ערשטע זייטן פון דער וועלט־פרעסע, ראַדיאָ, טעלעווידיע און אַלע קאָמוניקאַציע און אינפאָרמאַציע־מיטלען פון דער וועלט.

די סטודענטישע דעמאָנסטראַציעס פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אינמיטן אַפריל אין בעידזשינג (פעקינג), וואו הונדערטער און טויזנטער סטודענטן האָבן אונטערגעשטיצט זייערע פאַרלאַנגען און פאָדערונגען צום היינטיקן רעזשים אין כינע מיט אַ פערזענלעכן הונגער־שטרייק, האָט זיי געבראַכט אַ כוואַליע פון סימפּאַטיע און אונטערשטיצונג פון מיליאָנען אַרבעטער אין זייער לאַנד, און דאָס זעלבע אויך פון מיליאָנען מענטשן אין אַלע וועלט־טיילן.

די רעגירנדיקע קרייזן אין כינע מיט קסיאאָפּינק און לי פענק בראש, קעגן וועמען די שטרייקנדיקע סטודענטן האָבן אויסגעדריקט זייער פּראָטעסט און פאַרלאַנגט רעפאָרמען, האָבן עטלעכע וואָכן כמעט ווי איגנאָרירט און זיך פאַסיוו צוגעקוקט צו די הונדערטער טויזנטער דעמאָנסטראַנטן אויף דעם צענטראַלן זאַמל־פונקט טיאַנאַמען, אין האַרץ פון בעידזשינג סקווער.

איז עס דערפאַר געווען ווי אַן אויפטרייסלענדער שאָק פאַר דער וועלט און אוודאי פאַר די פרידלעכע דעמאָנסטרירנדע סטודענטן אויף זייער זאַמל־פונקט אין בעידזשינג, ווען עטלעכע טאַנקען מיט באַוואָפנטע מיליטער־טרופּן האָבן אָן וואָרענונג געעפנט אַ שיסערייַ אויף די סטודענטן, פאַרוואַנדלענדיק דעם טיאַנאַמען פּלאַץ אין אַ בלוט־באָד פאַר הונדערטער און מעגלעך טויזנטער יונגע שוצלאָזע מענטשן וואָס זייער איינציקער פאַרלאַנג איז דער ווילן צו לעבן פריי קעגן אַ בלוטיקן רעזשים פון דיקטאַטור און אונטערדריקונג.

איר קענט זיי היינט זען אויף די טעלעוויזיע־עקראַנען און אויף די פאָדערשטע זייטן פון אַלע וועלט־צייטונגען, אָט די יונגע סטודענטן וואָס האָבן איבערגעלאָזט אויף דעם שלאַכט־פעלד זייערע יונגע חברים דערשאָסענע און פאַרברענטע, יאָ, פאַרברענטע, ווייל ווי עס ווייזט זיך אַרויס האָבן די רעגירונג־טרייע זעלנער געקראָגן אַ באַפעל נישט בלויז צו דערשיסן די פרידלעך דעמאָנסטרירנדע סטודענטן, נאָר אויך שפּעטער זיי אונטערצינדן און פאַרברענען, בכדי עס זאָל נישט בלייבן קיין שפור פון זייער אָפּגעטועגער אַרבעט.

די אָבער וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק זיך אָפּצוראַטעווען, לויפֿן אַרום מיט פֿאַרבראָכענע הענט און פֿאַרווייִנטע פּנימער, מיט אַ ווילדן אויסגעשריי אויף זייערע ליפּן, פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס האָבן די זעלנער, אונזערע אייגענע כינעזישע ברידער אַדורכגעפֿירט אַזאַ בלוט־באָד קעגן אייגענע חברים, וואָס זייער איינציקע זינד איז באַשטאַנען אין דעמאָנסטרירן פֿאַר פֿרייהייט און דעמאָקראַטיע?

עס קאָן זײַן, אַז אין דעם געגעבענעם מאָמענט גיבן זיך די יונגע סטודענטן נישט אָפּ קיין חשבון, אַז די געבײַלטע פֿויסטן און דער ווײַ־געשריי זייערער איז געוואָנדן קעגן די אייגענע לערער און דערציער וואָס האָבן זיי יאָרן לאַנג געלערנט די תורה פֿון קאָמוניזם און קלאַסן־קאַמף, די תורה וואָס גייט נאָך צוריק צו יענע "אור־אַלטע" צײַטן, ווען גרויסע טיילן פֿון דער יוגנט און אויך עלטערע, סײַ אויף דער גוי׳אישער און אפֿשר נאָך מער אויף דער ייִדישער גאַס האָבן געגלויבט אין דעם *משיח׳ישן* קאָמוניזם וואָס וועט אויסלייזן די וועלט פֿון אַלע איבלען און פּלאָגן.

וועט אפֿשר זײַן אינטערעסאַנט צו מאַכן אַ געוויסן פּאַראַלעל פֿון די הײַנטיקע *שטורמישע* געשעענישן אין כינע, ווען די גרויל־מעשים פֿון די כינעזישע הערשער ווערן אַזוי *שטאַרק* פֿאַרדאַמט פֿון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט, דורך אָפּשטויבן פֿון אַ געשיכטלעכער פֿאַרגעסנהייט עפּעס ענלעכעס וואָס איז זיך פֿאַרלאָפֿן מיט אַ 50־55 יאָר צוריק אויך אין דעם זעלבן כינע, אין דעם זעלבן בעידזשינג, וואָס האָט נאָך דאַמאָלס געטראָגן דעם אַלט־פֿאַרצײַטיקן נאָמען פּעקין און אויך אין אַנדערע גרעסערע שטעט און דערפֿער פֿון דעם גרויסן לאַנד כינע.

געווען איז עס, ווי געזאָגט אין די דרײַסיקער יאָרן, אַ פּאָר יאָר פֿאַר דעם אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די הימלען אין אייראָפּע, אין מזרח ווי אין מערב זײַנען דאַמאָלס שוין געווען פֿאַרוואָלקנט און כמורנע צוליב דעם אויפֿשטײַג פֿון היטלעריזם און אַנדערע בייזע כוחות וואָס האָבן געהעצט צו עקספּאַנסיע און מלחמה. כינע אָבער, איז אין יענע יאָרן געווען "באַפֿרײַט" פֿון אָט די *שטימונגען*, פּשוט דערפֿאַר ווײַל די מלחמה, אָדער בעסער געזאָגט דער בירגער־קריג אינערהאַלב דעם לאַנד איז געווען דאַמאָלס שוין אין זײַן פֿולער "פּראַכט". די נאַציאָנאַלע אַרמייען פֿון טשאַנק־קײַ־שעק האָבן העפֿטיק געקעמפֿט קעגן די רעגולערע אָדער נישט־רעגולערע באַוואָפֿנטע כוחות פֿון דער ציווילער באַפֿעלקערונג אין כינע וואָס זײַנען דאַמאָלס געווען באַהערשט פֿון דער קאָמוניסטישער דאָקטרינע, פֿון זייער גרויסן "ברודער" יאָסיף סטאַלין וואָס האָט געקעניגט ביד־חזקה אין סאָוועטן פֿאַרבאַנד און זײַן "גײַסטיקע" השפּעה האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער לענדער און קאָנטינענטן אײַנגעשלאָסן אויך אין דעם ווײַטן כינע.

ווי באַוואוסט, איז דער פֿאַרמעסט פֿון טשאַנק־קײַ־שעק איבערצוגעמען גאַנץ כינע געוווען אַ דורכפֿאַל. די קאָמוניסטישע כוחות, די היינטיקע פֿאָלקס־רעפּובליק אין כינע האָבן אים באַזיגט. ער האָט געמוזט עוקר זײַן פֿון כינע און זיך באַגנוגענען מיט אַ קליינער פּראָווינץ־טייל פֿון כינע, מיט טײַוואַן אַלס "זײַן" הויפּטשטאָט.

געוווען אָבער צײַטן, אַפֿילו יאָרן, ווען זײַנע נאַציאָנאַליסטישע כוחות און אַרמייען האָבן באַהערשט גאַנץ גרויסע כינעזישע פּראָווינצן און זיך בלוטיק נוקם געוווען אין דער ציווילער באַפֿעלקערונג וואָס האָט, געהיים אָדער אָפֿן געשטיצט די קאָמוניסטישע כוחות.

די קאָמוניסטישע פֿאַרטייען און זייערע נאָכלויפֿער אין פֿאַרשידענע לענדער, אײַנגעשלאָסן אויך אין פּוילן, וואָס האָבן צו יענער צײַט געהאַט אַ סך לינקע און קאָמוניסטישע סימפּאַטיקער, האָבן מיט גרויס פּאָמפּע, רעש און פּראָפּאַגאַנדע, געטומלט דורך דער ראַדיאָ און פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער קאָמוניסטישער און לינקער פּרעסע, גרויל־בילדער פֿון כינע ווי אַרבעטער, פֿרויען און קינדער ווערן געמאָרדעט און געפּייניקט פֿון די נאַציאָנאַליסטישע אָנהענגער פֿון טשאַנק־קײַ־שעק ווען זיי פֿאַרנעמען אַ שטאָט אָדער דאָרף.

אויפֿן גרונט פֿון אָט די יאָמער און וויי־געשרייען פֿון דער ציווילער באַפֿעלקערונג קעגן די נאַציאָנאַליסטישע באַדריקער, האָט אַ פּיפּיקער שרײַבער אָנגעשריבן אַ פּיעסע וואָס איז געשפּילט געוואָרן אויף דער יידישער בינע אין וואַרשע, און אויב איך מאַך נישט קיין טעות אויך אויף דער פּוילישער בינע, אונטער דעם נאָמען "שריי כינע!". עס ווערט דאָרט אין דער פּיעסע אויף אַ דראַמאַטיש־פּאָליטיש פּראָפּאַגאַנדע אופֿן איבערגעגעבן ווי די אָרעמע ציווילע באַפֿעלקערונג אין כינע ווערט פֿאַרפּאָלגט, פּאָגראָמירט און געפּייניקט ווען די נאַציאָנאַליסטישע אַרמייען פֿאַרנעמען די פּאָזיציעס אין די שטעט און דערפֿער וואָס ווערן איבערגענומען פֿון די קאָמוניסטן און זייערע סימפּאַטיקער. די ציווילע אָרעמע באַפֿעלקערונג ווערט זיך קעגן זייערע באַדריקער דורך שרייען און פּראָטעסטירן קעגן די עוולות וואָס געשעט זיי. דערפֿאַר האָט דער פֿאַרפֿאַסער וואָס שילדערט דאָרט די גרויל־מעשים וואָס קומען פֿאָר אין כינע – אַ נאָמען געגעבן די פּיעסע "שריי כינע"!

די פּיעסע איז געוואָרן פּאָפּולער און האָט זייער אָנגעריסן אין די לינקע קרײַזן. אויך די יידישע וואַרשע וואָס האָט צו יענער צײַט געהאַט אַ סך אָרעמקייט, און לינקע ראַדיקאַלע סימפּאַטיעס זײַנען דאָרט געוווען אַ שם דבר, האָט ברייט און אָפֿן אויסגעדריקט אירע געפֿילן מיט אָנפּאַקן און אָנפֿילן יעדן אָוונט דאָס טעאַטער וואו די פּיעסע איז געוואָרן אויפֿגעפֿירט דורך אַ גרופּע אַרטיסטן פֿון דעם 'יונג־טעאַטער', אַ דאַמאָלס זייער פּאָפּולערע טרופּע אין דער יידישער וואַרשע.

דאָס האָט טאַקע אויסגענוצט אַ געוויסער אַדאָלף נאָוואָטשינסקי, אַ וויסטער שונא ישראל, אַ מיטאַרבעטער פון אַ געמיין פּאָגראָם בלעטל אונטערן נאָמען 'דווא־גראָשע', וואָס איז אַרויס אין וואַרשע, וואו ער האָט אָפּגעדרוקט אַ סאַרקאַסטיש־אַנטיסעמיטישן פעליעטאָן, פאַרציילנדיק ווי טאָג־טעגלעך פּאַקן אָן די זשידעס (די יידן) אַ טעאַטער וואו עס ווערט געשילדערט די גרויזאַמקייטן וואָס די כינעזישע נאַציאָנאַלע אַרמייען באַגייען זיך קעגן די קאָמוניסטן, "און די זשידאָווסקע מיידלעך, די סאָלטשעס און בראָנקעס וואָס פילן אָן דעם טעאַטער, קלאַפּן מיט די הענט און טופּן מיט די פיס, אין פּראָטעסט און עקזאַלטאַציע קעגן די נאַציאָנאַליסטישע באַדריקער, אַז זיי מאַכן אַפילו נאַס זייער אונטערוועש". פאַרשטייט זיך אַז דער אַנטיסעמיטישער מנוול האָט זיך אין דער צייטונג באַנוצט מיט אַ ווייט נאָך שמוציקערן לשון...

היינט, נאָך 50 יאָר, האָט זיך די סצענאַריאָ פון דער געשיכטע פולשטענדיק געביטן. די קאָמוניסטישע מושלים וואָס געוועלטיקן אין דעם היינטיקן קאָמוניסטישן כינע באַשטייען אין זייער גרויסן רוב פון אַ גרופּע 'סיניאָר־סיטיזענס', וואָס דער אינגסטער פון זיי האָט שוין לאַנג דערגרייכט דעם 'ריטייערמענט' עלטער. די ציווילע באַפעלקערונג קוקט זיך צו הילפלאָז ווי די טאַנקען און טרופּן־מיליטער פירן אַדורך אַ שחיטה איבער טויזנטער סטודענטן וואָס דעמאָנסטרירן פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע. זיי רופן זיך איבער מיט די הונדערטער טויזנטער כינעזער וואָס זיינען מיט בערך 50 יאָר צוריק אויך געווען קרבנות פון טעראָר און אונטערדריקונג, זייער פיין מיט דער לאָזונג "שריי כינע"!

עס ווייזט זיך אַרויס נאָכאַמאָל, אַז דיקטאַטור – רויט, צי שוואַרץ, איז קאָלירלאָז און רופט אַלעמאָל אַרויס אַ רעאַקציע פון ווייטאָג און פּיין. עס קען אפשר אויסגעמיטן ווערן, ווען די גרויסע וועלט וועט מיט אַ וואָרענונג זיך צוהערן צו דעם שריי כינע!!!

**יוני 1989**

# ווען מיר זיינען מספּיד אונזערע קדושים...

אַלס איינער פון די טויזנטער יידן, וועלכע האָבן אויסגעפילט דעם גרויסן דזשאַוויץ צענטער זונטיק דעם 26־טן אַפּריל 1992 בעת דער הזכרה־פאַרזאַמלונג איינגעאָרדנט פון "וואַגראָ", בין איך געווען באַהערשט פון טרויער און דערהויבונג.

טרויער? צי קען דען זיין אַנדערש? צי קען מען דען זיצן מיט טרוקענע אויגן און טראַכטן "נאָרמאַלע" מחשבות, בעת עס מאַרשירן אַריין אין זאַל צענדליקער יונגע קינדער מיט אָנגעצונדענע ליכט אין די הענט, מיט דער באַגלייטונג פון חזן יוסף מאַלאָוואַני׳ס האַרץ־רייסנדן ליד: "עס שפּילן זיך שוין ניט מער היינט אונזערע אברהמ׳לעך,בערעל׳עך, רבקה׳לעך"... אָדער זיין אויסגעווייטיקטן "א־ל מלא רחמים", באַגלייט מיט אַ קדיש בציבור פון 5,000 יידן?

אָבער די מאָמענטן פון צער און ווייטיק האָבן זיך אויסגעמישט מיט "ראַציאָנעלע" געדאַנקען און מחשבות, קוקנדיק אויף די קיין־עין־הרע, גרויסע עדה יידן, וועלכע איז געקומען פון אַלע עקן שטאָט.

אַ סך האָבן אַפילו מיטגעבראַכט זייערע קינדער און אייניקלעך, זיי זאָלן אויך הערן און אָנזאַפּן אין זיך דעם ווייטיק און צער וועלכן זייערע טאַטעס און זיידעס האָבן אַדורכגעמאַכט, ווערנדיק געיאָגט און געפּלאָגט ווי ווילדע מייז, און איצט זע און קוק: עס שטייען אויף דער טריבונע די העכסטע פאָרשטייער פון דער גוי׳אישער וועלט: דער וויצע־פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן; דער גאָווערנאָר און מעיאָר פון דעם פילמיליאָניקן סטעיט און שטאָט ניו־יאָרק, און אַלע, מיט געבויגענע קעפּ, דריקן־אויס חרטה אויף דער גרויסער זינד פון דער קריסטלעכער וועלט, פאַר ניט אויסשטרעקן אַ האַנט פון הילף די שוצלאָזע יידן, ווען מען האָט זיי געטריבן איבער אַלע וועגן און שטעגן פון מזרח־אייראָפּע צו זייער "ענדגילטיקער לייזונג" אין די קרעמאַטאָריע־אויוונס אויף דער פאַרשאָלטענער דייטשער ערד.

דער וויצע־פּרעזידענט, דען קווייל, מיט זיין פרוי; דער גאָווערנאָר, מאַריאָ קואָמאָ; דער ניו־יאָרקער שטאָט־מעיאָר, דעיוויד דינקינס האָבן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און מיט שטאַרקע בליקן זיך צוגעהערט, ווי אונזער אליעזר וויזעל, דער ג־ט־געבענטשטער שליח־ציבור פון די מיליאָנען פאַרשניטענע יידישע לעבנס, און דער ווירדיקער פאָרשטייער פון די שארית־הפליטה־יידן איבער גאָר דער וועלט, האָט מיט אַ קוים־געהערטע שטימע, אָבער מיט געפיל און שטאָלץ געוואָרפן דער קריסטלעכער וועלט, די פּאָליטישע פירער פון דער מלחמה־צייט און היינט, זיין גרויסן "קַיִן"־פראַגע: וואו זיינען זיי געווען, ווען

יידישע לעבנס זיינען געווען הפקר, צו שאַנד און שפּאָט פון דער אַזוי גערופענער "ציוויליזירטער" וועלט?!

זיין היסטאָרישער "זשע אַקיוז" (איך באַשולדיק) די גוי׳אישע וועלט, האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק ניט בלויז אויף די מיט צער און פּיין 5,000, פּאַרוויינטע יידישע פּנימער, נאָר אויך אויף די פּאָר גוי׳אישע איינגעלאַדענע געסט, אַלע פון די הויכע קריסטלעכע, פּאָליטיש־איינפלוסרייכע וועלט.

דאָס קען זיין אויך דער ענטפער, אונזער אַלעמענס גוטן פריינד, דעם פיינעם קאָלומניסט זושא האַרצשטאַרק, אויף זיין אַרטיקל אין "אַלגעמיינעם זשורנאַל" פון דעם 1־טן מאַי 1992: צי דאַרפן מיר "גוי׳אישע מספּידים אויפן יידישן חורבן?", אין וועלכן ער פרעגט־אָפּ די נוצלעכקייט און נויטווענדיקייט פון גוי׳אישער באַטייליקונג אויף יידישע יזכור־פאַרזאַמלונגען, דערגייענדיק אַפילו ביז דער פעסטשטעלונג, אַז: "גוי׳אישע באַטייליקונג ביי אונזערע יזכור־פאַרזאַמלונגען, זיינען אַ חילול השם און אַ דערנידעריקונג פון כבוד ישראל".

איך ווייס ניט, צי פריינד האַרצשטאַרק איז געווען אויף דער לעצטער הזכרה־צונויפקום פון דער "וואַגראַ" אין דזשאַווירץ צענטער און זיך צוגעהערט צו די אַרויסטרעטונגען פון די דריי גוי׳אישע רעדנער, דער וויצע־פּרעזידענט דען קוועיל, דער גאָווערנאָר מאַריאָ קואָמאָ און דער ניו־יאָרקער שטאָט־מעיאָר דעיוויד דינקינס, אַלע דריי, אין זייער פולשטענדיקן סאָלידאַריזירן זיך מיט די יידישע מספּידים אין דער שטאַרקער פאַרדאַמונג פון די רציחות קעגן שוצלאָזע מיליאָנען יידן, וועלכע זיינען בעסטיאַליש דערמאָרדעט געוואָרן פון די דייטשן, ביי דער שטומער שטיל־שווייגעניש פון דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט.

צי קען מען אַזעלכע אַרויסטרעטונגען אָנרופן מיט אַזעלכע באַצייכענונגען ווי "חילול השם", אָדער "אַ דערנידערונג פון כבוד ישראל"?!...

זושא האַרצשטאַרקן איז דאָך זיכער באַקאַנט די לעצטע גוי׳אישע אַנטיסעמיטישע וואַקכאַנאַליע, אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט־פּרעסע, אַז יידן האָבן פשוט אויסגעטראַכט די דייטשע קרעמאַטאָריעס און דעם אומקום פון 6 מיליאָן יידן. אָט די פשוטע פאַרלייקענונג פון דעם געשיכטלעכן אמת, איז אַן אמתער שדים־טאַנץ אויף די קברים פון אונזערע 6 מיליאָן קדושים.

צי דאַרפן מיר ניט די מיטהילף פון דער בעסערער גוי׳אישער וועלט (יאָ, בעסערער, אָן גענזן־פיסלעך, אַפילו ווען זיי דערקלערן זיך ניט אין ליבע צום יידישן פאָלק, נאָר זיינען נייטראַל אָן פאָראורטיילן) אָפּצושטעלן אָט דעם

אומזין פון פעלשונג און פאַרלייקענונג און דערמיט אויך די לעסטערונג פון זייער קדושים־אומקום.

יאָ, דער שכל הישר זאָגט גראָד פאַרקערט. דוקא אין דער צייט פון אונזערע יזכור־פאַרזאַמלונגען, ווען מיר קומען זיך צונויף מספיד צו זיין דעם אומקום פון אונזערע נאָענטסטע און טייערסטע, דאַרפן מיר לאָזן קומען צום וואָרט, אויך די פון דער קריסטלעכער וועלט, וועלכע זאָלן מיט זייער אָנוועזנהייט און וואָרט באַשטעטיקן, אַז זייערע קריסטלעכע "ברידער" זיינען שולדיק אַ גרויסן מאָראַלישן חוב דעם יידישן פאָלק, ניט בלויז דורך מאָרדן און שעכטן זייערע קרבנות, נאָר אויך מיט דעם אָפּלייקענונג זייער אומקום, לעסטערן זיי אויך דעם כבוד אַפּילו פון די מיליאָנען לעבעדיקע יידן איבער גאָר דער וועלט.

אַוודאַי זיינען מיר נאָך ניט דערגאַנגען צו דער פולער פערפעקציע פון אָפּצייכענען מיט פולן יראת הכבוד דעם אומקום פון אונזערע קדושים. סיבות זיינען דאָ פאַרשידענע.

ניט זעלטן ווירקט זיך אויס, וואָס ליידער געפינען זיך שרייבער אין אונזער סביבה, וועלכע ווילן פאַרלייקענען אָדער מינימיזירן דעם טיילווייזן, אָבער ניט זעלטענעם אָפּוועך פון אונזערע קדושים, וועלכע האָבן אין די שווערסטע אומגלויבלעכע אומשטענדן אין וועלכע זיי האָבן זיך געפונען, באַוויזן אַ געוואַלדיקן מוט און אויסדויער, זיך ניט אונטערצוגעבן די טרויעריקע ווירקלעכקייט.

נעמט דאָס קאַפּיטל יידישע פּאַרטיזאַנער, באַקאַנט זיך מיט די 5 בענדער שריפט אַרויסגעגעבן פון דעם יידישן פּאַרטיזאַן יצחק קאָוואַלסקי, און איר וועט נתפעל פון דעם העראָאישן מוט און ווידערשטאַנד פון יידישע מענער און פרויען ניט צו "לאָזן זיך פירן ווי שאָף צו דער שחיטה".

לאָמיר ניט אַריינפאַלן אין קיין שפלות־שטימונג ביים מספיד־זיין אונזערע קדושים. זאָלן גוי'אישע צוהערער זיך אויך באַקענען, מיט אפשר ביז איצט פאַר זיי אומבאַקאַנטע קאַפּיטלען פון אונזער מאַרטירעלאָגיע.

**מאַי, 1992**

# פאַרוואָס פאַרלייקענען
# דעם יידישן ווידערשטאַנד?

מיר שטייען היינט צווישן פסח און שבועות. צוזאַמען מיט די ספירה טעג וואָס האָט זיך איינגעבירגערט אין יידישן טראַדיציאָנעלן לעבן מיט אירע פרייד באַגרעניצונגען (מיטן אויסנאַם פון ל״ג בעומר), זיינען מיר די לעצטע יאָרן עדות ווי אין אָט די טעג צווישן פסח און שבועות זענען אויך אויפגעקומען די טרויער דאַטעס וואָס די יידישע וועלט בכל אתר ואתר דערמאָנט מיט ווייטאָג און טרויער; דעם אומקום דורך די דייטשע רוצחים פון זעקס מיליאָן יידן, אנשים נשים וטף.

אין ישראל איז דער טאָג פון כ״ז ניסן באַצייכנט אַלס דער טרויער טאָג ווען אַלע עפנטליכע פריילעכע צוזאַמענקומען זיינען פאַרבאָטן. אין דעם טאָג ווערט דורך אַ צוויי מינוטיקן שטילשטאַנד אָפּגעשטעלט וועלכן עס איז עפנטליכן פאַרקער. גרויסע און קלענערע טרויער פאַרזאַמלונגען קומען פאָר אין אַלע עקן לאַנד, ווי אויך אין די מערסטע קיבוצים און יישובים.

אין אַמעריקע, ווי אין אַנדערע לענדער וואו עס לעבן יידן, ווערט די ״שואה״ און דער אומקום פון זעקס מיליאָן קדושים אָפּגעצייכנט מיט גרעסערע אָדער קלענערע באַטייליגונגען פון גרופּן יידן. ס'איז נאָר צום באַדויערן, וואָס אין אָט די עפנטליכע טרויער פאַרזאַמלונגען, ווי בכלל אין די טרויער יאָרצייטן, זעט זיך וויניק אָן דער אָנטייל פון דעם רעליגיעז־אָרטאָדאָקסישן סעקטאָר אין אַמעריקע, וועלכער שטייט ווי פונדערווייטנס ווען עס רעדט זיך וועגן דעם אומקום פון אונזערע ברידער און שוועסטער, ווי אָפּמאַכנדיק ביי זיך, אַז ״דערמיט״ דאַרפן זיך פאַרנעמען נאָר וועלטליכע יידן...

אָט למשל, שוין אַ שיינע פאָר יאָר ווי אין די וואָך פון כ״ז ניסן קומט פאָר אין ניו־יאָרק אַ גרויסע יזכור־פאַרזאַמלונג איינגעאָרדנט פון דער שארית־הפליטה אָרגאַניזאַציע ״וואַגראַ״, מיט דער באַטייליקונג פון אַ 3־4 טויזנט יידן. עס זיינען געמאַכט געוואָרן גרויסע באַמיאונגען פון דער ״וואַגראַ״ אָרגאַניזאַציע און פון איר פרעזידענט בנימין מיד, צוציען צו אָט דער יערליכער יזכור פאַראַנשטאַלטונג פאַרשידענע רעליגיעז־אָרטאָדאָקסישע קרייזן, אַפילו דורך ענדערן דעם פלאַץ פון דעם צונויפקום און איינגלידערן אין דעם פראָגראַם טראַדיציאָנעל יידישע מאָמענטן, ווי אָן אל מלא רחמים, קדיש בציבור, און ספּעציעל ליטורגישע תפילות פון באַקאַנטע חזנים.

דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן צו ענדערן די נעגאַטיווע באַציאונג פון אָרטאָדאָקסיש־רעליגיעזן ציבור, זיך משתתף צו זיין בציבור מיט אָפהיטן און דערמאָנען דעם ווייטאָגלעכן אומקום פון די זעקס מיליאָן קדושים, און צוגלייך אויך דעם העראָאישן אומקום פון אַ געוויסע צאָל גיבורי ישראל אין דער וואַרשעווער געטאָ, וואָס האָבן מיט געווער אין די הענט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די דייטשע רוצחים, אין פּאַרטיידיקונג פון די לעצטע רעשטלעך אויסגעמאָרדעטע יידן אין דער וואַרשעווער געטאָ, פּאַרלאַנגענדיק אַז די דייטשע באַנדיטן זאָלן צאָלן אַ פּרייז פאַרן פאַרגאָסענעם יידיש־בלוט.

## יידישער ווידערשטאַנד קעגן די דייטשע רוצחים.

ס׳איז ביז גאָר פּאַרדריסלעך, וואָס כמעט יעדן בין־הזמנים, צווישן פּסח און שבועות, ווען יידן איבער גאָר דער וועלט באַווייגען מיט הזכרות און דערמאָנונגען, אין שריפט און וואָרט, דעם אומקום פון אונזערע קדושים, אַרויסהויבנדיק דערביי אויך אַ געוויסער געווער ווידערשטאַנד פון יידן קעגן די דייטשע מערדער, געפינט זיך אַ חשובער שרייבער און זשורנאַליסט ווי עס איז דר. הלל זיידמאַן, צו מינימיזירן און בכלל פּאַרלייקענען פון אַ וועלכן עס איז ווידערשטאַנד פון יידן קעגן די דייטשע רוצחים ימ״ש.

אָט לייענען מיר אין דעם 26טן אַפּריל נומער פון ״אלגעמיינער זשורנאַל״, אַן אַרטיקל פון דר. הלל זיידמאַן אונטערן נאָמען ״זקנים זאָגן קדיש נאָך בייביס״, וואו ער שרייבט: ״נאָכן האָלאָקאָסטומל מיט אגיל־ואשמח טריאומפן, ווי ס׳וואָלט געווען אַ מלחמה צווישן יידן און דייטשן, וויינט אין מיר מיין האַרץ פון קדיש זאָגן פון אַלטע אונגאַרישע יידן נאָך זייערע טייערע ליכטיקע קינדערלעך, געוואָרפענע לעבעדיקערהייט אין די גאַז־קאַמערן. די פּאַראַזיטן אויף אונזער מפּלה שעמען זיך מיטן כצאן לטבח יובל - וואָס מיר חזרן איבער יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, טוען זיי עס לייקענען, דורך אויפבלאָזן אויסער יעדער פּראָפּאָרציע די זעלטענע ווידערשטאַנד עפּיזאָדן אין געטאָ וואַרשע. איז אייך קיינמאָל נישט איינגעפאַלן צו פרעגן: אין פּוילן זיינען געווען יידישע אויפשטאַנדן (יעדן פּסח סעזאָן ווערן ערפונדן נייע...) אין אונגאַרן הערט מען נישט פון קיין אויפשטאַנדן. איז עס נישט קיין וואונדער? קיין אַנדערן ענטפער זע איך נישט ווי אָט דער: נישט געווען דאָרט קיין דערפינדער פון פאַלשע, פיקטיווע מלחמות פון יידן קעגן (להבדיל אלף הבדלות!) דייטשן ימ״ש. נישט געשטויגענע און נישט מעגלעכע! נישט אויפגעשטאַנען זיינען דאָרט האָלאָקאָסט־ליטעראַטן, זיינען נישט אויפגעשטאַנען דאָרט ״קאַמפן קעגן די דייטשן״. פּוילן איז יאָ געבענטש געוואָרן מיט דעם סאָרט פונקציעס און לעגענדעס־פּאַבריקאַנטן, אומקום

פּראָפּעסאָרן, וואָס פּראָדוצירן ווילדע פֿאַנטאַזיעס, און באַשאַפֿן ״האָלאָקאָוסט־ליטעראַטור״, וואָס זיינען מאַקאַבאַרישע געוויקסן אויף בלאָטיקע זומפּן״.

מיר האָבן געגעבן דאָ בלויז אַ קורצן תמצית פֿון דעם אַרטיקל פֿון הלל ויידמאַן, וואו ער מאַכט אַ גאַלאַפּ באַשולדיקונג קעגן אַלע די וואָס האָבן אין וואָרט און שריפֿט פּרובירט צו פֿאַרצייכענען און באַשרייבן די מסירות־נפש׳דיקע טראַגעדיעס פֿון אונזער זיין און אומקום, און צוגלייך אויך די גאָר נישט זעלטענע פֿאַקטן און פֿאַלן, פֿון בראווע ווידערשטאַנד קאַמפֿן קעגן די דייטשע רוצחים.

הלל ויידמאַן האָט דעם ״ציווילן־מוט״, צו סטעמפּלען די פֿאַרנאַטירער און באַשרייבער, און ספּעציעל פֿון דער ״פּוילישער עפּאָכע״ אַלס ״האָלאָקאָוסט ליטעראַטן״ און ״דערפֿינדער פֿאַר יעדן פּסח סעזאָן - מיט נייע יידישע אויפֿשטאַנדן״.

ס׳וועט דעריבער זיין אינטערעסאַנט, צו באַקענען זיך מיט דער גביית עדות פֿון צוויי אָנגעזעענע היסטאָריקער און מיטצייטלער פֿון דער ״שואה״ און וואַרשעווער געטאָ, וואָס זייער באַגלויבונגס ווערטיקייט, איז געשיכטלעך אָן שום ספק. דאָס זיינען דר. עמנואל רינגעלבלום, און מאַרק עדעלמאַן.

ווער ס׳איז געווען עמנואל רינגעלבלום איז דאַכט זיך פֿאַר יעדן איינעם וואָס האָט נאָר עפּעס ״געהערט״ פֿון אונזער חורבן, שוין גאָר גוט באַקאַנט. נאָך אַ פּאָר יאָר פֿאַר דעם מלחמה אויסברוך, איז דר. עמנואל רינגעלבלום שוין געווען באַוואוסט אַלס באַקאַנטער יונגער היסטאָריקער. ווען ער איז פֿאַרשפּאַרט געוואָרן אין דער וואַרשעווער געטאָ, האָט ער, צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר יונגע אינטעלעקטואַלן, געשאַפֿן אַן אונטערערדישע קולטור אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען: ״ייקאר״ (יידישע קולטור אָרגאַניזאַציע). די האָט געפֿירט אַ פֿאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט. אָרגאַנידירט ציקלען וויסנשאַפֿטלעכע לעקציעס, יובילײ־פֿייערונגען לכבוד יידישע שרייבער און באַרימטע גייסט מענטשן פֿון אונזער אַמאָל. צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים, האָט די יידישע קולטור אָרגאַניזאַציע זיך גערופֿן: ״עונג שבת חברה״. צוזאַמען מיט דער גרופּע יונגע אינטעלעקטואַלן, האָט דר. עמנואל רינגעלבלום געקליבן מאַטעריאַלן און דאָקומענטן וועגן דער מאַרטירעלאָגיע פֿון די יידן אין פּוילן. אַ דאַנק זייער אינטענסיווער אַרבעט, זיינען אויפֿגעקליבן געוואָרן ביי אַ צוויי צענדליק קאַסטנס מיט ווערטפֿולע דאָקומענטן, טאָג־ביכער, רעפּאָרטאַזשן, פֿאָטאָגראַפֿיעס א.א.וו. די אַלע מאַטעריאַלן זיינען באַגראָבן געוואָרן און זיינען נאָך דער מלחמה, אונטער די חורבות פֿון דער וואַרשעווער געטאָ אויפֿגעגראָבן געוואָרן און געפֿינען זיך היינט אין יידישן באַזיץ.

דעם 1טן מערץ 1944 האָט דר. עמנואל רינגעלבלום אָנגעשריבן אַן אויספירלעכן ראַפּאָרט וועגן דער העראָאישער טעטיקייט וואָס דער "עונג־שבת" קלוב האָט געפירט די גאַנצע צייט פון איר עקזיסטענץ. ער האָט דעם דאָזיקן היסטאָרישן דאָקומענט אַדרעסירט קיין ניו־יאָרק, צום "ייוואָ", צום פּען־קלוב, און צו אַ פּאָר יידישע שרייבער, אָבער נאָך איידער די אונטערערדישע באַוועגונג האָט באַוויזן דעם בריוו אַרויסצופירן פון פוילן – דעם 7טן מערץ 1944 – האָט די "געסטאַפּאָ" אַנטדעקט דעם אונטערערדישן קעלער, אויף דער אַרישער זייט, אין וועלכן רינגעלבלום האָט געלעבט צוזאַמען מיט זיין פרוי און זייער 12־יאָריקן זון, און מיט נאָך אַנדערע 35 פערזאָנען. זיי זענען אַלע אומגעקומען אין קאָנצענטראַציע לאַגער.

מיר ברענגען דאָ בלויז אַ גאָר קורצן אויסצוג פון דעם לאַנגן און היסטאָרישן ראַפּאָרט, און אָט ווי ער לייענט זיך:

"טייערע פריינד: מיר שרייבן צו אייך אין אַ מאָמענט, ווען 95 פּראָצענט פוילישע יידן זיינען שוין אומגעקומען אין מורא׳דיקע פייניקונגען אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע אוישוויץ און אַנדערע, אָדער זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן בשעת די "ליקווידיר־אַקציעס" אויף דעם שטח פון די געטאָס און לאַגערן.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פּעריאָד פון די מערדערישע "דעפּאָרטאַציעס", איז די לאָזונג פון יידישן געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו געוואָרן "לעבן מיט ווירדע – און שטאַרבן מיט ווירדע". אין שפּיץ פון דעם קאַמף האָט זיך אַרויסגערוקט אונזער העלדישע יוגנט פון אַלע ריכטונגען און אין דער ערשטער רייע, פון די פּראָ־פּאַלעסטינישע אָרגאַניזאַציעס. עס האָט זיך אָנגעהויבן די פּרעכטיקע עפּאָפּייע פון יידישן באַוואָפנטן קאַמף אין פוילן: די העלדישע פאַרטיידיקונג פון וואַרשעווער געטאָ, דער פּרעכטיקער קאַמף אין ביאַליסטאָק, די פאַרניכטונג פון די עינוויים־ערטער אין טרעבלינקע און סאָביבור, די קאַמפן אין טארנע, בענדין און אַנדערע פונקטן. יידן האָבן געוויזן דער וועלט, אַז זיי קענען קעמפן מיט געווער אין די הענט, אַז זיי ווייסן ווי צו שטאַרבן מיט כבוד אין קאַמף מיטן טויט־פיינד פון יידישן פאָלק און פון דער גאַנצער מענטשהייט".

ווי געזאָגט איז עס נאָר אַ קורצער אַרויסזאָג פון דר. עמנואל רינגעלבלום וועגן די בראַווע ווידערשטאַנד אַקציעס פון יידן קעגן די דייטשע רוצחים, וואָס לייקענען פולשטענדיק אָפּ די באַשולדיקונג פון דר. ויידמאַן וועגן "אומקום פּראָפּעסאָרן", וואָס פּראָדוצירן ווילדע פאַנטאַזיעס, און באַשאַפן "האָלאָקאָוסט ליטעראַטור".

לאָמיר זיך אויך באַקענען מיט אַ צווייטן אויטענטישן עדות, אַ לעבן געבליבענער קעמפער אין דעם וואַרשעווער געטאָ אויפשטאַנד, מאַרעק עדעלמאַן.

מאַרעק עדעלמאַן איז געווען אַ פירער און איינער פון די קאָמענדאַנטן פון דעם געטאָ אויפשטאַנד אין וואַרשע וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען ערב פסח 1943, און אָנגעהאַלטן קנאַפע דריי וואָכן.

די אויפשטאַנדלער, האָבן מיט געווער און אייגן פאבריצירט אויפרייס מאַטעריאַל, געקעמפט קעגן דער נישט גלייכער מאָטאָריזירטער דייטשער אַרמיי. ערשט נאָכן אונטערצינדן די געטאָ פון אַלע זייטן, זיינען די מוטיקע געטאָ קעמפער באַזיגט און אויסגעהרגעט געוואָרן. ס׳זיינען אָבער דערביי אין דעם נישט גלייכן קאַמף דערהרגעט געוואָרן אַ פאָר הונדערט דייטשע זעלנער.

מיר ברענגען דאָ אַ קורצן אויסצוג פון מ. עדעלמאַנס אַ בראָשור אַרויסגעגעבן פון דער ״ייווא״ אונטערן נאָמען ״די געטאָ קעמפט״:

״אויף די עקן פון נאַלעווקעס און גענשא קומט פאָר די צווייטע שלאַכט. צוויי קאַמפס גרופן לאָזן נישט צו די דייטשן צום שטח פון די געטאָ. דער קאַמף דויערט שוין איבער זיבן שעה. די דייטשן בויען באַריקאַדן פון מאַטראַצן וואָס זיי געפינען צופעליק, אָבער צוליבן געדיכטן פייער פון די קעמפערס מוזן זיי זיך עטליכע מאָל צוריקציען. די גאַס טרינקט זיך אין דייטשיש בלוט. די דייטשע אַמבולאַנסן האַלטן אין איין פירן זייערע פאַרוואונדעטע צום זאַמלפונקט, דאָרט ליגן זיי אויסגעלייגט אויפן טראָטואַר, וואַרטנדיק אויף דער רייע אַריינצוקריגן זיך אין שפּיטאָל.

אויף מאָרגן פּרובירן ווידער די דייטשן אין אַ געשלאָסענער איינהייט, צוקומען צום טויער פון די בערשטער, (אַ געגנט אין דער וואַרשעווער געטאָ, אין וועלכער ס׳האָט זיך געפונען אַ גרויסע בערשטער־פאַבריק), זיי ווייסן נישט אַז אין זעלבן מאָמענט האָט איינער פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע פאַרלייגט אַ מינע צום עלעקטרישן קאָנטאַקט ווען אַ דייטש וויל עפענען דעם טויער רייסט אויף די מינע און אַ הונדערט ס.ס.־לייט קומען אום פון אויפרייס. די איבעריקע ציען זיך צוריק באַגלייט מיט דער שיסעריי פון אונזערע קעמפערס.

ערשט אין צוויי שעה שפּעטער פּרובירן די דייטשן ווידער אַ מאָל זייער מזל. איצט שוין אַנדערש. פאָרזיכטיק, איינער הינטערן אַנדערן, אין מיליטערישער אָרדענונג, באַמיען זיי זיך אַריינקריגן אויפן שטח פון די בערשטער. אָבער אויך צום צווייטן מאָל באַקומען זיי אַ געהעריקע אויפנאַמע פון דער קאַמפּס־גרופּע, וואָס וואַרט אויף זיי. פון די דרייסיק דייטשן, וואָס האָבן זיך אַריינגעקראָגן אויפן שטח, קריגן זיך אַרויס אויף צוריק קוים

עטלעכע, די איבעריקע ווערן געהרגעט פון די אויפרייסן פון אונזערע גראַנאַטן און צינד־פלעשער. און ווידער ציען זיך צוריק די דייטשן, און די קעמפערס פייערן זייער צווייטן פולשטענדיקן זיג.

אויפן דריטן און פערטן טאָג פון אויפשטאַנד, בעת די דייטשן ווערן באַהאָגלט מיט קוילן ביים אַריינדרינגען אין געטאָ, און ליידן אַ שפּאָר ביסל פּאַרוואונדעטע, קומט איצט פּאָר עפּעס אַזוינס, וואָס איז נאָך ביז איצט קיין מאָל נישט געשען. דריי דייטשישע אָפיצירן דערנענטערן זיך מיט אַראָפּגעלאָזטע אויטאָמאַטישע ביקסן און מיט ווייסע שלייפן אין די לאַצן. זיי זיינען פּאַרלאַמענטאַרן, זיי ווילן פירן אונטערהאַנדלונגען מיט דער קאָמענדאַטור פון די קעמפער. זיי שלאָגן פּאָר אַ וואָפנשטילשטאַנד אויף 15 מינוט צייט, כדי אַרויסצונעמען די פּאַרוואונדעטע און געהרגעטע. זיי זיינען גרייט צוצוזאָגן אַלע געטאָ איינוואוינער, צו קענען רואיק אַרויספאָרן אין די לאַגערן פון פּאַניטאָווו און טראַווניק צוזאַמען מיט אַלץ, וואָס זיי פאַרמאָגן. די תשובה דערויף איז אַ שיסעריי. יעדעס הויז איז אַ פייַנטלעכע פעסטונג. פון יעדן פענצטער שיטן זיך קוילן אויף די פאַרהאַסטע דייטשע העלמען, אין די פאַרהאַסטע דייטשע ברוסטן".

ווי געזאָגט, איז דאָס נאָר אַ קליינער שפּליטער אויסצוג פון מאַרעק עדעלמאַנס בראָשור "די געטאָ קעמפט".

דער אויפשטאַנד אין דער וואַרשעווער געטאָ, האָט פון ערשטן מאָמענט ביז היינט צו טאָג, אַרויסגערופן אָנערקענונג און באַוואונדערונג צווישן אַלע פעלקער אין גאַר דער וועלט. דעם ערשטן אָפּרוף פון אַ קאָמפּעטענטן קוואַל געפינען מיר אין דער ווענדונג פון קאָמענדאַנט פון די פּוילישע אונטערערד־כוחות, גענעראַל קאָנאַר, וואָס האָט גלייך 3 טעג נאָכן אָנהויב פון אויפשטאַנד געשריבן: "דאָס פּוילישע מיליטער פון וואַרשע באַגריסט די יידן - אַ וועלט ווערט געוואויר וועגן העלדישן קאַמף פון די יידן אין געטאָ וואַרשע, מיר סאַלוטירן די יידן". ענלעכע ווערטער פון אָנערקענונג און לויב צום וואַרשעווער געטאָ אויפשטאַנד, זיינען געוואָרן אַרויסגעזאָגט אין פאַרשידענע יאָרצייט־פּראָקלאַמאַציעס פון די העכסטע מלוכה מענער אין דער וועלט; ווי דער געוועזענער פּרעזידענט קענעדי, פּרעזידענט אייזענהויער, טרומאַן, עלינאָר רוזוועלט, בערטראַנד ראַסעל און אַנדערע.

וועגן וואַרשעווער געטאָ אויפשטאַנד האָט מען שוין געשריבן הונדערטער ביכער, סיי וויסנשאַפטלעכע, סיי בעלעטריסטישע אין פאַרשידענע שפּראַכן. דיכטער פון פאַרשידענע לענדער, האָבן אויף דער טעמע פאַרפאַסט שאַפונגען - אין גרעסטן טייל פון אַ הויכער קוואַליטעט.

אַ ביז גאָר באַזונדער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דעם יידישן ווידערשטאַנד קעגן די דייטשע רוצחים, האָבן אַריינגעשריבן די יידישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן געקעמפט זעלבסטשטענדיק, אָדער צוזאַמען מיט פּוילישע אָדער סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונגען. באַקאַנט זיך מיט די גיגאַנטישע 5 בענדער שאַפונגען פון דעם יידישן פּאַרטיזאַן יצחק קאָוואַלסקי און איר וועט איבעראַשט ווערן פון דעם העראָאישן קאַפּיטל פון יידישן ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן, אין די פּאַרטיזאַנער גרופּן.

איז עס דעריבער נישט צו פאַרשטיין, פון וואַנען נעמט זיך עס, וואָס אַ יידישער שרייבער, זשורנאַליסט און אַ היסטאָריקער דערצו, ווי עס איז דר. הלל זיידמאַן, זאָל מיט אַזאַ סאַרקאַסטיש־איראָנישער פען שרייבן (יעדן פּסח סעזאָן ווערן ערפונדן נייע יידישע אויפשטאַנדן...) וועגן דעם יידישן ווידערשטאַנד קעגן אונזער אומקום, אין דעם טאָן פון "נישט געשטויגן, נישט געפלויגן", ווייס איך וואָס; אַ ביסל אויסגעטראַכטע מעשיות פון גוט באַצאָלטע "האָלאָקאָוסט ליטעראַטן" (איצטער ווייסט איר שוין אויף וואָס יידישע גבירים לאָזן זיך קאָסטן געלט...).

צי האָבן מיר נאָך ווייניק צרות פון די אַנטיסעמיטישע פאַרלוימדער און פאַרלייקענער, וואָס זאָגן אַז די "שואה" איז נאָר אַ יידישע אויסטראַכטעניש צו צאַפּן געלט פון די דייטשן? דאַרפן מיר זיי נאָך געבן אַ פּתחון־פּה אַז אויך דער יידישער ווידערשטאַנד איז אַן אויסטראַכטעניש? (זעט אויף וואָס יידן זיינען אַלץ פעאיק!) זעט נישט דר. זיידמאַן, אַז מיט זיינע "רעוועלאַציעס" וועגן אַ יידישע אָפּנאַרעריי דורך פּראָדוצירן פאַלשע, אויסגעטראַכטע "האָלאָקאָוסט־ליטעראַטור", שפּילט ער אַריין אין די הענט פון אונזערע גרעסטע שונאים און פאַרלוימדער?

# אַ ׳דורש אל המתים קולט׳?...

שוין אַ שיינע פּאָר יאָר ווי עס גייט־אָן אַ שטילער וויכוח אין דער ייִדישער געזעלשאַפט, בעל־פּה ובכתב, צי ייִדן דאַרפן באַזוכן די ערטער אין פּוילן, די אומקום־פּלעצער פון אונזערע טייערסטע און נאָענטסטע, די מזבחות, וואו די גוים האָבן פאַרברענט ייִדן, טרויעריק באַקאַנט אַלס טרעבלינקע, אוישוויץ, מײַדאַנעק און אַנדערע טויט־לאַגערן.

נישט קריגנדיק קיין ענדגילטיקן פּסק, זיינען ייִדן סיי־ווי געפאָרן אַלס יחידים אָדער אָרגאַניזירטע גרופּן, וועלכע האָבן ביי דער געלעגנהייט זיך ״אַריבערגעכאַפּט״ אין די פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן צו באַזוכן די בית עולמס, וועלכע זיינען אין מערסטן טייל פאַרוואָרלאָזט און צעשטערט.

פאַרשידענע יחידים, אָפּשטאַמיקע פון די דאָזיקע שטעט, האָבן אויף זייער אייגענער איניציאַטיוו, אָדער מיט דער מיטהילף פון די נאָך־״לעבעדיקע״ לאַנדסמאַנשאַפטן דאָ, אין אַמעריקע, זיך באַמיט צו רעסטאַווירן, אויף וויפל ס׳איז מעגלעך, אַז די מצבות און די קברים זאָלן צוריק פאַרריכט ווערן.

מיט די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען אין פּוילן, מיטן אונטערגאַנג פון דעם סעקטאַנטיש־קאָמוניסטישן רעזשים, וועלכער איז פאַרביטן געוואָרן מיט דער ״סאָלידאַרנאָשטש״־באַוועגונג, צוזאַמען מיט דעם היינטיקן פּרעזידענט פון פּוילן, לעך וואַלענסאַ, וועלכער האָט צוגעזאָגט אַריינצושרייבן אַ ״ניי קאַפּיטל״ אין די ייִדיש־פּוילישע באַציאונגען, קען, האָפנטלעך, קומען אַ ״בעסערונג״ פאַר די טויטע ייִדן אין פּוילן... ווייל קיין לעבעדיקע זיינען דאָך שוין כמעט ווי נישטאָ. די אויפזיכט איבער די פאַרוואָרלאָזטע בית־עולמס וועט וואַרשיינלעך איבערגענומען ווערן פון די זעלבסט־פאַרוואַלטונגען אין יעדער שטאָט און שטעטל. ס׳איז באַקאַנט, אַז געוויסע אונטערהאַנדלונגען אויף דעם געביט מיט קאָמפּעטענטע אינסטאַנצן אין פּוילן ווערן שוין געפירט פון פּערזאָנען און גרופּן אין אַמעריקע.

דאָס וואָס איך וויל דאָ באַהאַנדלען, איז נישט די פראַגע וועגן די באַזוכן פון יחידים אָדער גרופּן פון אַמעריקע אָדער ישראל, וועלכע קומען קיין פּוילן, ווי מ׳רופט עס אָן, אויף ״קבר אבות״, אויף די טיילמאָל נאָך־נישט־אינגאַנצן צעשטערטע בית עולמס, וואו זיי קענען נאָך אַמאָל אָנטרעפן אַ נישט־צעשטערטן קבר, אָדער אַ פאַראיינזאַמטע אַלטע מצבה פון זייערע עלטערן אָדער זיידע־באָבע, לאָזן דאָרט אַ טרער, שעפּטשען אַ שטילן, איינזאַמען, יחידישן קדיש אויב זיי קומען דאָרט אַליין, אָדער אַ קדיש בציבור, אויב זיי קומען מיט אַ גרופּע.

דער וויכוח, וועלכער ווערט אָבער לעצטנס אַרויסגעהויבן, איז: צי דאַרפֿן יידן בכלל באַזוכן פּוילן, און ספּעציעל די גיהנום־פּלעצער טרעבלינקע, מיידאַנעק, אוישוויץ, וועלכע געפינען זיך אין פּוילן און זיינען פֿאַר יידן היינט אַן "אומהיימלעכע טעריטאָריע".

ס'איז אַ פֿאַקט: לעצטנס קומען־פֿאַר אָרגאַניזירטע יידישע גרופּן־רייזעס צו אָט די ערטער אין פּוילן, פֿון פֿאַרשידענע לענדער, און בעיקר פֿון אַמעריקע און ישראל. אָט האָט די יידישע טעלעגראַפֿן־אַגענטור ("איטאַ") אַרויסגעגעבן אַ קאָמוניקאַט אונטערן קעפּל: "פֿינף טויזנט יידישע יוגנטלעכע באַזוכן אוישוויץ", אין וועלכן זיי גיבן איבער, אַז העכער פֿינף טויזנט יידישע יוגנטלעכע, לעבן־געבליבענע פֿון חורבן און צענדליקער אינטערנאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייטן, האָבן באַערט די קרבנות פֿון דער שואה מיטן באַזוכן די נאַציִשע טויט־לאַגערן אין אוישוויץ און בירקענאו.

די דערמאָנונגס־צערעמאָניע איז געווען דער הויכפּונקט פֿון דעם זיבן־טאָגיקן באַזוך פֿון די פֿינף טויזנט יידישע יוגנטלעכע אין פּוילן. די יוגנטלעכע זיינען געקומען פֿון 42 פֿאַרשידענע לענדער, און יעדע דעלעגאַציע האָט געטראָגן די נאַציאָנאַלע פֿאָן פֿון איר היימלאַנד.

דער געדענק־טאָג האָט זיך אָנגעהויבן אין אוישוויץ, און פֿון דאָרט האָבן אַלע אַוועקמאַרשירט איבערן צוויי־מייליקן וועג קיין בירקענאו. האַלטנדיק זיך ביי די אָרעמס, זיינען זיי געגאַנגען אין די פֿוסטריט פֿון די הונדערטער טויזנטער יידן, וועלכע זיינען אין די חורבן־טעג געטריבן געוואָרן צו די גאַז־קאַמערן.

דער מאַרש האָט זיך אָנגעהויבן מיט בלאָזן שופר. אַ קליינע צאָל פּאָלאַקן, וועלכע וואוינען אין יענער געגנט, האָבן זיך צוגעקוקט צו די מאַרשירנדיקע יידן, אָבער אַלע איינוואוינער פֿון פּוילן האָבן עס געזען אויף טעלעוויזיע, אָדער געלייענט אין די צייטונגען.

נאָך דעם ווי די מאַרשירנדיקע יוגנטלעכע זיינען אָנגעקומען קיין בירקענאו, האָבן עטלעכע פֿון זיי הויך געלייענט די נעמען פֿון זייערע פֿאַמיליעס, וועלכע זיינען אומגעקומען אין נאַצישן חורבן. אַנדערע האָלאָקאָוסט־איבערלעבער, יידישע קהילה־פֿירער און מיטגלידער פֿון דער ישראל־כנסת, האָבן אָנגעצונדן די זעקס דערמאָנונגס־פֿאַקלען.

דער הויפּט־רב פֿון תל־אָביב, הרב ר' ישראל מאיר לאַו, אַליין אַ געראַטעוועטער פֿון חורבן, האָט גערעדט צו די פֿאַרזאַמלטע און קריטיקירט די קאַטוילישע קירכע, וועלכע זאָגט זיך אָפּ צו אַנערקענען די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר איר ראָלע אין דער שואה.

אַ טייל פון די יוגנטלעכע האָבן זיך אויסגעדריקט: ״מיר זיינען דאָ געקומען זען אַליין וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אונזערע נאָענטע, ווייל בילדער און ביכער זיינען נישט גענוג״.

נאָך דער צערעמאָניע האָבן אַ סך באַטייליקטע ״געפלאַנצט״ הילצערנע ברעטלעך אין דער ערד, מיט די נעמען פון זייערע אומגעקומענע פאַמיליע־מיטגלידער. אויף איינער פון די הילצערנע טאָוולען איז געווען אויסגעקריצט: ״פאַר דעם קינד, וועלכער וועט קיינמאָל מער נישט זען אַ שמעטערלינג״. אויף אַן אַנדערן טאָוול איז געווען אויפגעשריבן: ״אין אָנדענק פון די זעקס מיליאָן, וועלכע זיינען אומגעקומען פון די נאַציס, זייערע לעבנס זיינען נישט געווען אומזיסט״.

אויף צו באַקרעפטיקן דעם לאַקאָנישן, כמעט־״טרוקענעם״ באַריכט פון ״איטאַ״ וועגן די פינף טויזנט יידישע יוגנטלעכע וועלכע האָבן באַזוכט אוישוויץ, האָב איך לעצטנס געקראָגן אַ בריוו פון מיינעם אַ פריינט און אַ בן־עיר, יוסף יאַקובאָוויטש פון ישראל, וועלכער איז היינט אַ סעקרעטאַר אין דעם קיבוץ אפק, אַז שוין צום דריטן מאָל ווי די הסתדרות און די קיבוצישע יוגנט־באַוועגונג אָרגאַניזירן אַ גרופּן־אַרויספאָר פון אַ פּאָר הונדערט יוגנטלעכע פון דער קיבוצישער באַוועגונג, וועלכע פאָרן באַזוכן די קאָנצענטראַציע לאַגערן אוישוויץ, טרעבלינקע און אַנדערע.

דער ערשטער אַרויספאָר איז אָרגאַניזירט געוואָרן ווי אַן עקספּערימענט, צו זען ווי אַזוי די קינדער וועלן אויפנעמען מיט זייערע אויגן די פלעצער וואו זייערע נאָענטע זיינען געגאַנגען זייער לעצטן וועג, איידער זיי זיינען אומגעקומען אויף אַזאַ שוידערלעכן אופן.

ווי עס גיט מיר איבער מיין פריינט, דער מנהל פון אָט־די גרופּן, איז דער רעזולטאַט פון די באַזוכן געווען אַן אויסערגעוויינלעכער. די קינדער זיינען געוואָרן געוואַלדיק באַאיינדרוקט פון דער פאַרניכטונגס־אַטמאָספערע, וועלכע הערשט נאָך היינט דאָרט, וואו זייערע נאָענטע האָבן ״געלעבט״ און שפּעטער דאָ אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם. אַ סך האָבן געוויינט אויפן קול, און די איבעריקע האָבן אין שטיל־שוייגעניש מיטגענומען מיט זיך די איינדרוקן אויפן גאַנצן וועג פון זייער צוריקפאָר. זיי זיינען געוואָרן ווי מיט יאָרן עלטער, און דאָס וועט זיי געבן אַ סך צו פאַרטראַכטן וועגן דעם מאַרטירער־וועג פון דעם דור השואה.

ס׳איז דאָך אַ פאַקט, אַז ביזן אייכמאַן־פּראָצעס אין ירושלים מיט 30 יאָר צוריק, האָט די יידישע ״סאַבראַ״־יוגנט אין ישראל געהאַט אַ פאַרקריפּלטע פאָרשטעלונג וועגן דעם אומקום פון די יידן אין די היטלער־יאָרן. דער אומגליקלעכער זאָג: ״ווי שאָף צו דער שחיטה״, האָט אָנגעטאָן גרויסע

שאָדנס אין די מוחות פון דער אונטערוואַקסנדער יוגנט אומעטום, און באַזונדערס אין ישראל.

דער אייכמאַן־פּראָצעס, און די מער־אַקטיווערע ראָלע אין בילד און וואָרט פון "יד ושם" אין ישראל, ווי אויך דאָס אויפקלער־און־חורבן־מאַטעריאַל פון שארית הפליטה יידן איבער דער וועלט, האָבן געשאַפן אַ קלאָרער בילד וועגן דער שואה אין דער יידישער געזעלשאַפט, אַ בילד וואָס האָט זיך אויך איבערגעטראָגן צו אונזער אונטערוואַקסנדער יוגנט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרלאַנג פאַר מער אויפקלערונג און פאַראינטערעסירונג צו אַלץ וואָס איז געשען אין "יענער צייט".

איז עס דעריבער דער חוב און פליכט פון דער יידישער געזעלשאַפט, בפרט פון די שארית הפליטה גרופן, וואו זיי זאָלן זיך נאָר געפינען, אויפצוהיטן און אַקטיוויזירן אָט די פאַראינטערעסירונג, סיי אין וואָרט, סיי אין שריפט, נאָך פאַר אונזער דור, און אַוודאי נאָך מער פאַר די דורות נאָך אונז.

איינע פון די דאָזיקע אַקטיוויטעטן איז דאָס פאָרן באַזוכן די פאַרניכטונגס־פלעצער, וואו אונזערע קדושים האָבן געוואָרפן זייערע לעצטע בליקן איידער זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען, אין פייער און אין רויך, צום כסא הכבוד. עס האָט אין זיך, אויסער די סימבאָלישע באַהעפטונג מיט די לעצטע געדאַנקען פון אונזערע נאָענטע, אויך אַן אַרויספאָדערונג און פראָטעסט קעגן דער נבזה׳דיקער האַלטונג פון אַ טייל פון דער פוילישער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן מיט אַ שאָדן־פרייד זיך צוגעקוקט צום טויטן־מאַרש פון זייערע יידישע שכנים, מיט וועלכע זיי האָבן געלעבט הונדערטער יאָרן טיר־ביי־טיר.

היינט, ווי מיר לייענען אין די באַריכטן, זיינען אויך הונדערטער פאָלאַקן געשטאַנען אויף די זייט־וועגן פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, בעת די יוגנטלעכע פון ישראל האָבן מיט שטאָלצע טריט און אויפגעוויקלטע טראַנספּאַראַנטן געזונגען העברעאישע לידער פון קאַמף אין אָנדענק פון זייערע נאָענטע און טייערע, ווען די זעלבע פאָלאַקן האָבן "דעמאָלט" באַגלייט, אין בעסטן פאַל, מיט קאַלטע, גלייכגילטיקע בליקן צו זייער וועג פון פיין און טויט.

ווען אַפילו עס זאָל זיין אמת, ווי עס גיט איבער אַ צייטונג, אַז דעם 30־סטן אַפּריל 1992, בעת דעם באַזוך פון די פינף טויזנט יוגנטלעכע אין אוישוויץ, האָבן אַ פּאָר פוילישע שקצים זיי באַפאַלן מיט חוזק־זידלערייען און געשפּיגן אויף זיי; איז זייט זיכער, אַז אונזערע "סאַבּרעס" זיינען זיי נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער. עס דעקט זיך אַוודאי אויך מיט דעם, וואָס דער חשובער הרב ר׳ ישראל מאיר לאַו, איינער פון די פינף טויזנט אָנטיילנעמער

אין דעם באַזונך, האָט געזאָגט אין זיין רעדע: "זאָלן אונזערע שונאים זיין זיכער, אַז זיי קענען אונז מער נישט באַדראָען, ווייל מיר האָבן מער פאַר זיי נישט קיין מורא".

ס'איז אָן שום ספק: די פּאָלאַקן, וועלכע האָבן זיך צוגעקוקט צו די קינדער פון ישראל, וועלכע זיינען געקומען אָפּצייכענען מיט כבוד און שטאָלץ דעם אָנדענק פון זייערע טאַטעס און זיידעס, באָבעס און מומעס, וועלן פון היינט אָן, זען מיט אַנדערע בליקן אין געדאַנק זייערע געוועזענע שכנים, די יידן פון "דעמאָלט", און זיכער נאָך מער, אויב דער גורל וועט זיי צונויפפירן מיט אונזערס אַ היינטיקן ייד.

איצט שטעלט זיך די פראַגע: צי קען מען באַצייכענען אָט דעם סענטימענט פון די יוגנטלעכע יידן, וועלכע פאָרן באַזוכן די ערטער וואו זייערע נאָענטע זיינען אַזוי ברוטאַל אומגעקומען אַלס אַ "דורש אל המתים־קולט" אָדער אַ "מאַקאַבערישע" טוריסטיק, ווי עס טוט כסדר דער חשובער וועטעראַן־זשורנאַליסט דר. הלל זיידמאַן, אויף די שפּאַלטן פון "אַלגעמיינעם זשורנאַל"? איז עס דען נישט אַ פאַרקריפּלונג פון אמת און לאָגיק, אָנצוהענגען פאַלשע "לעיבלס" אויף דעם געדאַנקען־גאַנג פון די טויזנטער יידן, יונג און אַלטע, ווי אויך חשובע מיטגלידער פון דער כנסת, מיט אליעזר וויזעל און הרב לאַו בראש, אַז זייער פאָרן קיין אוישוויץ, טרעבלינקע און אַנדערע מקומות השחיטה, זיינען נאָר "לוסטיקע פּיקניק־עקסקורסיעס"? ("אַלגעמיינער זשורנאַל", מאַי 1, 1992).

לייענען מיר אין "אַלגעמיינעם זשורנאַל", פון מאַי 29, 1992, ווי אַ שטאָלצער פאָטער, ר' מאיר ווייץ פון ניו־דזשוירזי, באַשרייבט אָט די "פּיקניק־עקסקורסיע": "קנאַפּע זעקס טויזנט יידישע קינדער, צווישן זיי מיין 17־יאָריקע טאָכטער, האָבן מאַרשירט פון אוישוויץ קיין בירקענאו אין אָנדענק פון די קדושים אין אַ 'מאַרש פון די לעבעדיקע', און זיך צוגעהערט צו אליעזר וויזעל און אַנדערע פערזענלעכקייטן".

די 17־יאָריקע טאָכטער פון פריינד ווייץ וועט זיכער אויפנעמען מיט אַ יוגנטלעכער פאַרוואונדערונג (אויב נישט נאָך שטאַרקער) די פאַלשע, פאַרקריפּלטע אויסטייטשונג, אַז איר "מאַרש פון די לעבעדיקע", צוזאַמען מיט די טויזנטער יוגנטלעכע, זאָל האָבן אין זיך עפּעס אַ ניצוץ פון אַ "דורש אל המתים" קולט.

אויב מתים וואָלטן געהאַט אַ כוח צו בענטשן, וואָלטן זיי זיכער געבענטשט די שטאָלצע טריט פון די טויזנטער טייערע יידישע קינדער...

**יוני, 1992**

# אַ חילול השם און חילול המתים

איך גיב זיך אָפּ אַ חשבון, אַז איך ריר זיך צו צו אַ טרויעריקער, סענסיטיווער טעמע. און אפשר איז דאָס וואָרט "סענסיטיוו" "טרויעריק", צופיל ליטעראַריש – היינט-וועלטיק? בעסער וועט זיין צו זאָגן – אַ טעמע וואָס איז פריש אייטערדיק און אָפן וואונדיק, טראָץ איר 50-יעריקער צייט-שטח, וואָס האָט געדאַרפט אַרויפציען אויף דער וואונד, כאָטש אַ הייטל פון היילונג און פאַרבעסערונג.

איך רעד וועגן לעצטן חורבן און דעם אומקום פון זעקס מיליאָן יידן קדושים. אָבער ווען איך האָב אַרויפגעבראַכט אויפן פּאַפּיר דאָס וואָרט "דער לעצטער חורבן", האָט עפּעס ווי אַ שטראָפנדע האַנט מיט אַ ווייז-פינגער זיך געוואָנדן צום שרייבער פון די שורות און ווי אים אַריינגעפּליסטערט אין די אויערן אַריין: "מיין נישט, אַז דאָס איז שוין דער לעצטער חורבן אייערער".

כ'ווייס נישט צי ער האָט געזאָגט "אייערער", אָדער "אונזער" חורבן, ווייל לויט דעם טאָן, נוסח און געדאַנקען-גאַנג פון דעם גאון און ראש ישיבה פון בני ברק, וועלכער האָט געזאָגט אויף אַ גרויסער אסיפה אין בני ברק, וויל ער אפשר בכלל זיך נישט מצרף זיין צו דעם גרויסן כלל ישראל פושעים, וואָס וועלן מיט זייערע מעשים און חטאים, אין דער נאָענטער אָדער ווייטער צוקונפט, לויט זיין נביאישער וויזיע, פאַראורזאַכן און ברענגען אויף זיך און אַלע יידן אַ נייעם חורבן.

לאָמיר זיך אַביסל פאַרטראַכטן. מיר שטייען שוין היינט כמעט ביים אָפּשליסן דאָס פופציקסטע יאָר זינט דעם גרויסן חורבן און דעם אומקום פון דער מורא'דיקער ציפער פון זעקס מיליאָן אנשים, נשים וטף. די צאָל יידן, די לעבעדיקע עדות, וואָס האָבן געהאַט דאָס "גליק" צו לעבן און איבערלעבן דעם חורבן, ווערט לײדער וואָס אַמאָל ווייניקער און ווייניקער.

אין די אָנהויב-יאָרן נאָך דעם גרויסן אומגליק, האָבן די שארית-הפליטה יידן, סיי די וואָס זיינען שוין געשטאַנען ביים ראַנד פון די ברענענדע קאַלך-אויוונס, סיי די וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון אומקום אין דער לענג און ברייט פון סאָוועטן-פאַרבאַנד, זיך באַמיט אויפצוהיטן דעם אָנדענק פון זייערע נאָענטע און דעם זכר לחורבן פון אַ דריטל פון אונזער פאָלק, דורך געהעריקע פובליקאַציעס, יזכור-ביכער, מעמואַרן, שריפטן און זכרונות פון די איבערגעלעבטע און אַנדערע. עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, טרויער-מיטינגען

און געטאָ־יאָרצייטן, כאָטש אין נישט־איינהייטלעכע דאַטעס, זיינען דאָך פאָרגעקומען צו געדענקען און פאַראייביקן זייער פאַרשניטן לעבן.

נישט אַלעמאָל, אויף גאַנצע הונדערט פראָצענט, זיינען אָט די פאַראַנשטאַלטונגען געווען אויף דער געהעריקער הויך, אָבער אין גרויסן רוב, יאָ.

וואָס עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, און אַרויסגערופן פאַרוואונדערונג אין משך פון דער גאַנצער צייט נאָך דעם חורבן ביזן היינטיקן טאָג, איז געווען וואָס דאָס אָפּהיטן און געדענקען דאָס לעבן און דעם אומקום פון די זעקס מיליאָן קדושים, איז, מיט ווייניק אויסנאַמען, געוואָרן אַדורכגעפירט פון דעם סעקולערן טייל פון פוילישן און אַלוועלטלעכן אידנטום. און דאָס, אָן שום פראָפּאָרציע פון דער צאָל, פאַרנעם און געמיינשאַפטלעכן טראַגישן גורל פון דעם אָרטאָדאָקסישן רעליגיעזן אידנטום, מיט די פרייע און וועלטלעכע יידן בעת דער היטלער און חורבן צייט.

די דייטשע רוצחים און זייערע מיטהעלפער האָבן נישט געמאַכט קיין אונטערשיד צווישן אַ וועלטלעכן און רעליגיעזן ייד. זיי האָבן געשיקט אַלע צוזאַמען, און זיי זיינען טאַקע געגאַנגען צוזאַמען, פרומע און פרייע, אויף זייער לעצטן וועג. זיי האָבן געטיילט צוזאַמען די האַרטע פריטשעס אין דעם עמק הבכא פון קאָנצענטראַציע לאַגער. אני הגבר ראיתי זאת. אין די פאַרמאַכטע, פאַרהאַמערטע "באָד־קאַמערן" האָבן זיי צוזאַמען אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם, דעם וועלטלעכן – ווי דעם רעליגיעזן... איז פאַרוואָס אַזאַ פונאַנדערטייל און אונטערשיד אין אָפּהיטן דעם אינטערעס און אידענטיפיקאַציע מיט אומגעבראַכטע, וואָס זייענען דאָך, לויט אַלע מסורה׳דיקע פוסקים, אויב זיי זיינען אומגעקומען אַלס יידן, פאַררעכנט אַלס קדושים?

ס׳איז מיר באַקאַנט, אַז עס זיינען געמאַכט געוואָרן פאַרשידענע פרואוון אַריינצוציען דעם רעליגיעזן אידנטום אין אַמעריקע אין געמיינזאַמע פאַראַנשטאַלטונגען און פראָיעקטן צו פאַראייביקן דעם חורבן דורך אַ יזכור־טאָג און פאַרשידענע אַנדערע אויסדרוקן פון חשיבות און כבוד המתים. עס קען זיין אַז עס זיינען דאָ גורמים און סיבות וואָס האָבן צוגעווירקט, אַז דאָס אָרטאָדאָקסישע אידנטום אין גאָר דער וועלט האָט ביז איצט – דערווייל– אָנגענומען אַ פאַסיווע שטעלונג אָפּצוהיטן אַ ספּעציעלן חורבן־טאָג ווי אַ תשעה־באב) לזכר דער שואה.

ס׳איז אויך אַ פאַקט, אַז פון צייט צו צייט זיינען דערגאַנגען אין דער עפנטלעכקייט פאַרשידענע אַרויסזאָגונגען פון אויטאָראַטיווע רעליגיעזע מנהיגים וועגן דעם חורבן און די אומגעקומענע אין חורבן, וואָס האָבן אַרויסגערופן פאַרוואונדערונג און פאַרדרוס ביי די שארית־הפליטה יידן אין ישראל און אין די תפוצות.

אָבער דאָס וואָס עס האָט זיך לעצטנס דערלויבט צו זאָגן אַ באַקאַנטער גאון און מנהיג פון דער פאָניעוועזשער ישיבה אין ישראל, הרב ר׳ אלעזר מנחם מן שך, האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם פון פאַרדרוס, פּראָטעסט און אויפרעגונג ביי אַלע וואָס האָבן פאַרלוירן, דורך דער רוצחישער שווערד, די טאַטעס און מאַמעס, באָבעס און זיידעס, ברידער און שוועסטער, די האַרציקע קינדערלעך, די משה׳לעך, שלמה׳לעך און רבקה׳לעך, וואָס זיינען, דורך מורא׳דיקע יסורים, פאַרפייניקט, פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרן.

צו סטעמפּלען אָט די האַרציקע נאָענטע און טייערע קינדער, ווי בכלל די זעקס מיליאָן אומגליקלעכע יידן, וואָס האָבן אַוודאַי אין גרויסן רוב, מיט אַ ״שמע ישראל״ אויף זייערע ליפּן, אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם – צו סטעמפּלען אָט דער גרויסער עדה יידן אַז: ״זיי זיינען אומגעבראַכט געוואָרן צוליב זייערע זינד, און מיט זייער אומקום האָבן זיי באַצאָלט דעם חשבון. דער חורבן וועט זיך מעגלעך איבערחזרן צוליב די עבירות פון יידן״. שומו שמים!... צי טראַכט נישט דער פאָניעוועזשער ראש ישיבה, אַליין אַ מחנך פון יידישע קינדער, אַז זיינע ווערטער זיינען אַ חילול הקדושים? און זייענדיק, אָן עין־הרע, אַ ייד אַ זקן, וואָס גלויבט דאָך אַוודאַי אין דער השגחה עליונה, צי וועט ער אין דער געהעריקער צייט זיך קענען פאַרענטפערן פאַר דעם זלזול המתים פון זעקס מיליאָן יידן?

אויך זיינע נביאישע פּראַגנאָזן וועגן אַ ״מעגלעכער נייער שואה״ (חס ושלום!) רופן אַרויס, צוזאַמען מיט אַ שוידער, אויך דעם באַקאַנטן פּסק פון אונזערע חז״ל אַז, ״במקום שיש חילול השם, אין חולקין כבוד לרב״.

ס׳איז דאָ אַ באַקאַנט שפּריכוואָרט: ״אין אַ טראָפּן וואַסער זעט מען דעם גאַנצן ים״. דערלויבט מיר אַ פּערזענלעכע דיגרעסיע. טיילמאָל (צום גליק נישט אָפט מאָל), אין שלאָפלאָזע נעכט, זע איך פאַר זיך מיין פאָטער ע״ה, אַן איש תמים, אַ גערער חסיד, וועלכער איז יומם־ולילה געזעסן און געלערנט. ביז האַרט פאַרן קריגס־אויסברוך, אַ חשובער טיש־זיצער ביים גערער רבין. אַ ייד אַ קדוש וטהור. און מיין שוועסטער׳ס אַ קינד, אַ מיידעלע פון 6 יאָר. איר שיינקייט און איידלקייט זיינען געווען אַ שם דבר אין שטעטל. דאָס קינד האָט ליב געהאַט דעם זיידן ממש אָן אַ שיעור. אין ספּעציעלע מאָמענטן, ווען מען

פלעגט זיי זען אין גאַס צוזאַמען, פלעגן גויים און יידן מיט אַ שמייכל זיי באַגלייטן, דעם ייד מיט דער הדרת־פנים׳דיקער, פּאַטריאַרכאַלישער באָרד, מיט דעם שיינענדיקן מיידעלע.

איך זע זיי זייער אָפט, בייטאָג און ביינאַכט. איך קען זיך נישט העלפן צו זען זיי אויך אין זייערע לעצטע קאנוואולסיווע מינוטן אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע אָדער מיידאַנעק. זיינען זיי אויך געווען צווישן די זעקס מיליאָן "זינדיקע", וואָס צוליב זיי האָט דער אויבערשטער געבראַכט דעם חורבן אויף יידן?

**יאַנואַר, 1991**

# אַ ׳באַנקראָטירטע׳ אידייע, וואָס האָט באַוויזן וואונדער

ס׳איז אַ פאַקט, אַז כ׳בין געוואוינט צו באַקומען אָפטע אָפּרופן אויף פאַרשידענע אַרטיקלען, וואָס דערשיינען אין ״אַלגעמיינעם זשורנאַל״, אין וועלכע איך דריק־אויס די שטעלונג, וועלכע איך האַלט פאַר ריכטיק. אין גרעסטן טייל זיינען זיי אַ חיזוק און דערמונטערונג, באַזונדערס אין די פראַגן, אין וועלכע ס׳איז נישט מעגלעך קיין קאָנצענזוס, און פרינציפּעלע חילוקי־דעות זיינען אַ נאָרמאַלע דערשיינונג.

נישט זעלטן באַקום איך אויך אָפּרופן אויף אַרטיקלען וואָס דערשיינען אין דער צייטונג, מיט געוויסע טענות פון לייענער, וועלכע זיינען נישט מסכים מיט די שרייבער, און דריקן אויס פאַרדרוס אויב, לויט זייערע אויפפאַסונגען, די שרייבער זיינען, אין אַ פאָלעמיק מיט די קעגנער, אַריבער געוויסע גרענעצן, וואָס זיינען, לויט זיי, ״נישט דערלאָזבאַר״ און ״נישט אָנשטענדיק״, אַפילו אין אַ וויכוח מיט אַ קעגנער, מיט וועמען מען איז נישט מסכים.

אין אַזעלכע פאַלן שיק איך די ״בעלי־הטענות״ צום רעדאַקטאָר, גרשון יעקבסאָן, ער זאָל ״אויסגלייכן די קנייטשן״, אויב זיי כאַפּן זיך טאַקע אַריין אין דער צייטונג. היינטיקע וואָך, אָבער, איז געווען אַן אויסנאַם.

אויף אַ פאַרזאַמלונג פון אַ געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע, וועלכע טוט אַ נוצלעכע און גוטע אַרבעט פאַר ישראל, דורך זאַמלען פאָנדן פאַר דעם ״יונייטעד דזשואיש אַפּיל״ אָדער ישראל־באָנדס, בין איך געוואָרן אַרומגערינגלט פון אַ גרופּע עסקנים און פשוטע פאָלקס־מענטשן, וועלכע האָבן מיר געוויזן דעם ״אַלגעמיינעם זשורנאַל״ פון אויגוסט 17, 1990, וואו דער ציוניזם ווערט, אין אַן אַרטיקל, באַצייכנט אַלס ״באַנקראָטירטער און עבודה־זרה׳דיקער געטש״.

איך האָב אַראָפּגעלאָזן די אויגן פאַר בושה, צו קענען לייענען אין ״מיין״ צייטונג עפּעס, וועגן וואָס די גרופּע יידן אַרום האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע ווערטער ווי אַ חילול־השם און אַ פאַרשעמונג פון יידישע אותיות, צו שרייבן מיט די געהייליקטע 22 אותיות עפּעס אַזעלכעס, וואָס רופט אַרויס מער ווי צער און פאַרשעמונג.

קודם־כל, די שרכנישע צונויפפאָרונג פון ציוניזם מיטן קאָמוניזם. צי ווייסט נישט די שרייבערין (וואָס צוליב געוויסע סיבות וויל איך נישט אָנרופן איר נאָמען), אַז אויף די חורבות פון דער באַנקראָטירטער קאָמוניסטישער באַוועגונג, מיט וועלכער דער ציוניזם האָט געפירט, יאָרן לאַנג, פאַרביטערטע און אידעאָלאָגישע שטרייטן, איז אויפגעקומען מדינת ישראל, וועלכע איז אַ

קינד פון אָט דעם ״באַנקראָטירטן״ ציוניזם, מיט די אָן עין־הרע פיר מיליאָן יידן אין ישראל, וועלכע איז געוואָרן אַ היים פאַר די צעשטויבטע, צעניזק׳טע, פאַרפאָלגטע שארית־הפליטה־יידן. און וועט, האָפנטלעך, אויך ווערן די היים פאַר נאָך הונדערטער טויזנטער, און אפשר נאָך אַ מיליאָן יידן פון סאָוועט־רוסלאַנד, וועלכע זוכן זיך צו ראַטעווען אין דעם איינציקן לאַנד וואָס שטייט פאַר זיי אָפן און פריי אַדאַנק דעם ״באַנקראָטירטן״ ציוניזם, וועמענס וויזיאָנער האָט, נאָך מיט 93 יאָר צוריק, פון דער טריבונע אין באַזעל פראָקלאַמירט דעם חזיון פון אַ יידישער מלוכה נאָך 50 יאָר.

כמעט צו דער צייט איז דער חזיון געוואָרן אַ ווירקלעכקייט.

אַוודאַי האָט מען אונז נישט געשאָנקען די יידישע מלוכה אויף אַ זילבערנער טאַץ. עס זיינען געווען צענדליקער יאָרן פון אומדערמידלעכע שווערע חלוצישע פּיאָנערן־אַרבעט, פון אויסקויפן אַראַבישן באָדן, אויסגעטרוקנטע זומפּן, באַקעמפן מאַלאַריע־קראַנקהייטן, קעמפן קעגן אַראַבישע איבערפאַלן און פּאָגראָמען, און שפּעטער קעמפן סיי קעגן דער אַרויפגעצוואונגענער ענגלישער מאַנדאַטן־מאַכט, סיי קעגן פיר פאַראייניקטע אַראַבישע מלוכות, וועלכע האָבן פראָקלאַמירט דאָס אַריינוואַרפן די יידן אין ים בעת דער פראָקלאַמירונג דורך דוד בן־גוריון, כ״ט ניסן, די ווידער־אַנטשטייאונג פון מלכות־ישראל אַלס מדינת־ישראל.

ס׳איז אויך אַ פאַקט, אַז דער ציוניזם און די ציוניסטישע באַוועגונג האָבן אַריינגענומען אין זיך גרויסע טיילן פון דער אָרטאָדאָקסישער און רעליגיעזער וועלט. ס׳איז פאַלש צו שרייבן: ״די פרומע וועלט איז געוואָרן ברוגז און האָט זיך אויסגעלאַכט פון דער גאַנצער ציוניסטישער אידייע״. די ״מזרחי״־באַוועגונג, מיט אירע שענסטע גייסטיקע פירער, ווי הרב ריינעס, הרב מיימון ז״ל, און אַפילו, אויב נישט אָפיציעל, אָבער דאָך נאָענט צו דער רעליגיעזער ציוניסטישער באַוועגונג, איז אויך געווען דער גרויסער אויטאָריטאַטיווער גאון און גייסטיקער וועגווייזער פון רעליגיעזן אידנטום, הרב אברהם יצחק הכהן קוק זצ״ל, און אַ סך אַנדערע.

זיי אַלע, צוזאַמען מיט די שענסטע גייסטער פון וועלטלעכן אידנטום, ווי פראָפעסאָר חיים ווייצמאַן, דוד בן־גוריון, זאב זשאַבאָטינסקי, יוסף טרומפּלדאָר, א.ד. גאָרדאָן און נאָך און נאָך, זיינען געווען די פּאָליטישע און פּראַגמאַטישע פירער פון אָט דער ״באַנקראָטירטער״ ציוניסטישער אידייע, וואָס איידער זי האָט ״באַנקראָטירט״, האָט זי נאָך באַוויזן איבערצולאָזן פאַר דער יידישער וועלט און דעם יידישן פאָלק, די שענסטע מתנה נאָך דעם חורבן בית שני – מדינת ישראל.

אַוודאַי ווייסן מיר וועגן די צרות און שווערע פּראָבלעמען, מיט וועלכע די יידישע מדינה ראַנגלט זיך היינט. שוין נישט־רעדנדיק וועגן דעם באַלאַגערטן

צושטאַנד און סכנות מצד די אַראַבישע שכנים, וועלכע באַדראָען די מדינה. אָבער אויך אויף דעם אינערלעך־יידישן פראָנט איז וויט נישט היימלעך, און אפשר גאָר צופיל היימלעך... די צעשפּליטערונג פון די פּאַרטייען, דער מיאוסער קאַמף און שאַנטאַזש ביים שאַפן אַ רעגירונג, ביוראָקראַטיע און קאָרופּציע אין געוויסע ווינקלען פון טאָג־טעגלעכן לעבן און אַנדערע.

אָבער פאַרוואָס זען בלויז די שאָטן־זייטן? עס זיינען דאָך פאַראַן אַ סך ליכטיקע פונקטן, וועגן וועלכע מען שרייבט כמעט נישט.

לאָמיר בלויז פאַרצייכענען איינעם אַזאַ. בעת דער גרויסער עליה פון רוסישע יידן, וואָס קומען איצט אַריין אין לאַנד אין די טויזנטער, האָט מען אין די פאַר־פסח־טעג, אַריינגעגעבן מודעות אין די צייטונגען, אַז עס וואָלט געווען רעכט, אַז יעדע פאַמיליע וואָס וועט זיך זעצן צום סדר, זאָל האָבן אַן איינגעלאַדענע רוסיש־יידישע משפחה אַלס גאַסט ביים סדר. איז שטעלט אייך פאָר, אַז עס האָבן אויסגעפעלט רוסישע משפחות, וואָס זאָלן קענען אויספילן דעם פאַרלאַנג פון ישראלדיקע פאַמיליעס, וואָס האָבן געבעטן צו האָבן זיי אַלס געסט ביים סדר...

ס'איז אויך אַ פאַקט, וואָס קיינער קען נישט באַשטרייטן, אַז רעליגיעזע מוסדות, ישיבות, תורה־אַנשטאַלטן פון פאַרשידענע לאַגערן, ווי בכלל דער אַראָמאַט פון אַ טראַדיציאָנעל־רעליגיעזער אַטמאָספערע, זעט זיך מער אָן אַפילו אין די "פּרייסטע" שטעט און שטעטלעך אין ישראל, ווי אין די יידישע געגנטן אין ניו־יאָרק, מאָנטרעאָל, טאָראָנטאָ און אַנדערע.

עס וואָלט זיכער נישט געשאַדט, אַז אַנשטאָט מקטרג זיין אויף יידן און אויסגעפינען אַז זיי דינען עבודה־זרות און געטשקעס, זאָל די שרייבערין זיך פאַרטראַכטן אויף דעם באַקאַנטן מאמר חז"ל, וועלכער זאָגט, אין אַ פרייער איבערזעצונג, אַז "אַפילו דער זינדיקסטער ייד איז פול מיט מצוות, ווי קערנדלעך אין אַ מילגרוים". צו שרייבן פאַרלרימדונגען און מסירות קעגן דער "ציוניסטישער מדינה", גיין געאָרעמט אין דעמאָנסטראַציעס אין ווייסע זאָקן און שוואַרצע קאַפּעלושן, צוזאַמען מיט די אַראַבער אין פעסקעס און טורבאַנען ביים אַריינגאַנג צו דער ישראל־אַמבאַסאַדע אין ניו־יאָרק – אויף דעם זיינען דאָ, ליידער, גענוג אַנדערע קאָזאַקן, וועלכע טוען דאָס און קענען בעסער די מלאכה.

גיט בלויז אַ טראַכט, ווי אַזוי מיר וואָלטן היינט אויסגעזען, חלילה, אָן דער יידישער מדינה, געבוירן אַדאַנק דעם "באַנקראָטירטן" ציוניזם...

**דעצעמבער 1990**

# צי האָבן די ׳שילומים׳ געלט געמאַכט שלום מיט דייטשלאַנד?

די לעצטע געשעענישן אין דייטשלאַנד, וואו הונדערטער יוגנטלעכע ״סקינהעדס״, אָפּגעגאָלטע קעפּ, דער היינטיקער עמבלעם פון דער פאַשיסטיש־נאַציזשער יוגנט, ווי דער אַמאָליקער האַקנקרייץ פון דער היטלער־יוגנט, האָבן דורכגעפירט פּאָגראָם־אָנפאַלן אויף די טויזנטער פרעמדע, איינגעוואַנדערטע אַרבעטער אין דער לענג און ברייט פון דייטשלאַנד, וועלכע האָבן אין די לעצטע יאָרן אויסגעוואַנדערט אַהין צו געפינען דאָרט אַ היים פון אַרבעט און רו פאַר זיך און זייערע פאַמיליעס, האָבן אַרויסגערופן אומרו ביי יידן.

ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז יידן איבער גאָר דער וועלט האָבן גענוג סיבות צו זיין מער סענסיטיוו צו אָט די פאָגראָם־אויסברוכן איבער די ״פרעמדע״ מענטשן אין דער היינטיקער דייטשלאַנד, נאָך דערצו ווען מזרח־דייטשלאַנד איז, נאָך לאַנגע יאָרן פון צעשיידונג, אַריינגעפאַלן אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון מערב־דייטשלאַנד ביי דער פולער אַקאָמפּאַנימענט פון יובל און שמחה פון דער אַזוי־גערופענער ״דעמאָקראַטישער״ וועלט, וועלכע האָט געזען אין אַ פאַראייניקטער דייטשלאַנד אַ פאָרם פון אַ דעמאָקראַטישער נאָרמאַליזאַציע.

ווי די ״נאָרמאַליזאַציע״ האָט אויסגעזען אין דער ווירקלעכקייט, האָט מען זיך איבערצייגט גאָר שנעל, ווען מערב דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבן אַדורכמאַכן אַ שווערן עקאָנאָמישן קריזיס, מיט אַלע זיינען באַגלייט־דערשיינונגען, וואָס האָבן זיך פינאַליזירט מיט אַ גרויסער אַרבעטסלאָזיקייט.

עס זיינען דאַן אויפגעקומען די נעאָ־נאַצישע גרופּעס (וועלכע זיינען קיינמאָל נישט געווען ״פרעמד״ די דייטשן, אַפילו נאָך היטלערס פגירה), וועלכע האָבן אָנגעהויבן מאַכן איבערפאַלן קעגן די פרעמדע אַרבעטער, מיטן אויסרייד אַז זיי נעמען־צו די אַרבעטס־פּלעצער פון די ״ריינע״ דייטשן.

עס האָט שוין געקאָסט אַ שפּאָר ביסל קרבנות פון טויטע און צעשלאָגענע, ווי אויך פאַרברענטע פלעצער, וואו עס האַלטן זיך אויף די ״פרעמדע״.

ביי דער געלעגנהייט האָט מען אויך נישט ״פאַרגעסן״ די יידישע בית־עולמס אין בערלין און אין עטלעכע פּראָווינץ־שטעט, וואו צעשטערטע מצבות מיט העסלעכע היטלעריסטישע סלאָגאַנס האָבן זיך ווידער באַוויזן פאַר דער ליכטיקער שיין.

למען האמת דאַרף מען אָבער אויך פאַרצייכענען דעם פּאָזיטיוון פאַקט: צוזאַמען מיט די כוליגאַנישע אָנפאַלן פון די "סקינהעדס", זיינען אין בערלין, ווי אין צענדליקער אַנדערע שטעט אין דייטשלאַנד, פאָרגעקומען גרויסע מאַסן־דעמאָנסטראַציעס, מיט דער באַטייליקונג, ווי מען שאַצט, פון הונדערטער טויזנטער דייטשן קעגן די ווילדע אַרויסטריטן פון די נעאָ־נאַציס. און די דעמאָנסטראַנטן האָבן פאַרלאַנגט פון קאַנצלער העלמוט קאָהל אָנצונעמען שאַרפע מיטלען קעגן אָט די נעאָ־נאַצישע אַטאַקעס. איז ווי עס גיט איבער לעצטנס "איטאַ" פון באָן, ווייזט קאַנצלער קאָהל איצט אַרויס מער אַנטשלאָסנקייטביים פאַראורטיילן די נעאָ־נאַצישע געוואַלד־מעשים.

אין זיין ניי־יאָר "מעסעדזש", האָט קאָהל אויפגעפאָדערט אַלע דייטשן צו אונטערשטיצן די רעגירונג אין אירע באַמיאונגען אַ סוף צו מאַכן צו די ראַסיסטישע אַטאַקעס. קאָהל האָט דערביי פאַרזיכערט אַז די רעגירונג וועט טאָן אַלץ וואָס ... דייטשלאַנד אַרויסגערופן אַ באַאומרואיקונג אין דער יידישער געזעלשאַפט. מיר הויבן־אָן טראַכטן און נאָכקלערן וועגן די אָביעקטיווע סיבות, וועלכע האָבן געבראַכט דערצו, וואָס נאָך 50 יאָר, ווען מען האָט געגלויבט אַז מען האָט איינגעהאַמעוועט די דייטש־היטלעריסטישע חיות, איז פון וואַנען הויבן־אָן אויפסניי בלאָזן די נאַצישע ווינטן אין דייטשלאַנד?

זיינען אָבער דאָ מענטשן וועלכע דערטראַכטן זיך שנעל און זיי האָבן עס געכאַפּט! אַהאַ! שולדיק אין דעם נעאָ־נאַצישן אויפקום אין דייטשלאַנד זיינען די "שילומים", און דער שלום־אָפּמאַך, וואָס די "פאַררעטער" פון יידישן פאָלק, דוד בן־גוריון און שמעון פּערעס, האָבן געשלאָסן מיט דייטשלאַנד אין יאָר 1952... (אַגב, די "געננזן־פּיסלעך" אריפן וואָרט פאַררעטער זיינען מיינע, ווייל מיין יידישע פעדער קען נישט אַרויסברענגען דאָס וואָרט פאַררעטער ביי אַזעלכע צוויי היסטאָרישע פאַרדינסטפולע יידן אָן "געננזן־פּיסלעך")...

איז לאָמיר דערמאָנען אַ פּאָר היסטאָרישע פאַקטן: אין יאָר 1952 האָט קאָנראַד אַדענאַוער, דער ערשטער קאַנצלער פון מערב־דייטשלאַנד, געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט ישראל, וואָס אין איר שפּיץ איז דעמאָלט געשטאַנען דוד בן־גוריון, און מיט נחום גאָלדמאַן, וועלכער איז דאַן געווען דער אַנערקענטער פירער פון די יידן אין די תפוצות, אַז דייטשלאַנד פאַרפליכטעט זיך צו באַצאָלן ישראל און די יידן, די קרבנות פון די דייטשע רציחות, אַ סומע פון פיר און אַ האַלב ביליאָן מאַרק אַלס אַנטשעדיקונג פאַר די ליידן און פייניקונגען, און פאַרן אומברענגען מיליאָנען יידן און צורויבן זייערע פאַרמעגנס נאָך די בעסטיאַלישע רציחות איבער זיי.

דער אָפּמאַך איז אַריין אין דער געשיכטע פון אונזער מאַרטיראָלאָגיע אַלס דער "שילומים"־אָפּמאַך. ס'איז דערביי סיי דורך די יידן און סיי אַפילו פון די

דייטשן פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז דער אָפּמאַך, כאָטש מען האָט אים אויך גערופן דער "פאַרגיטיקונגס־אָפּמאַך", איז ביי קיין אופן נישט קיין אויסקויף אָדער פאַרגיטיקונג פאַר די זינד פון דייטשן פאָלק קעגן די יידן, נאָר איז בלויז אַ מינימאַלע אַנטשעדיקונג אָדער קאָנטריבוציע, ווי עס צאָלן באַזיגטע פעלקער בעת און נאָך אַ מלחמה וואָס דאָס געגעבענע פאָלק האָט דורכגעפירט קעגן דעם אַנדערן.

נעמענדיק, אין דעם פאַל, אויף זיך די פולע קאָלעקטיווע אַחריות פאַר די פאַרברעכנס, וועלכע דאָס דייטשע פאָלק האָט אַדורכגעפירט, ווי עס האָבן דערקלערט קאָנראַד אַדענאַוער, און די ... שארית הפליטה יידן אין די תפוצות און ישראל, צי יידן דאַרפן אַקצעפּטירן דעם אָפּמאַך און נעמען געלט ביי די דייטשן, אַ זאַך וואָס קען ווערן אויסגעטייטשט אַז דאָס איז אויסקויף־געלט פאַר די ליידן וואָס דאָס דייטשע פאָלק האָט געטאָן צו יידן.

ס'איז אָבער, ווי געזאָגט, אונטערגעשטראָכן געוואָרן ביים דיסקוטירן דעם אָפּמאַך, אַז דער אומברענגען פון די זעקס מיליאָן יידן קען נישט "גוט־געמאַכט" ווערן דורך געלט. ס'איז נאָר אַ טיילווייזע קאָמפּענסאַציע פאַר די קרבנות, וואָס שטרייכט דערביי אונטער די שולד פון די אויספירער פון די פאַרברעכנס.

די איבערוויגנדע מערהייט פון דעת הקהל, סיי אין ישראל, סיי אין די תפוצות, האָט טאַקע אַנערקענט, אַז די "שילומים" זיינען אַ קאָנטריבוציע־שטראָף פאַר די דייטשע מערדער, וואָס קען קיינמאָל מיט געלט נישט ווערן אויסגעקריפּט.

ס'איז אַ געשיכטלעכער פאַקט: די "שילומים"־געלטער נאָכן אָפּמאַך מיט דער ישראל־רעגירונג, האָבן קאָלאָסאַל פאַרבעסערט די שווערע ווירטשאַפטלעך־עקאָנאָמישע לאַגע, וועלכע האָט צו יענער צייט געהערשט אין ישראל. באַדייטנדע אינוועסטיציעס און נייע אינסטיטוציעס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אין ישראל, אַדאַנק אָט די געלטער. אויך הונדערטער און טויזנטער שארית הפליטה יידן אין ישראל און אין די תפוצות "האָבן זיך געשטעלט אויף די פיס", און פאַרבעסערט זייער עקאָנאָמישע סיטואַציע נאָכן באַקומען אויסגעצאָלט פערזענלעכע אַנטשעדיקונג פאַר זייער געזונט־פאַרלוסט אין די לאַגערן און באַהעלטענישן.

אַ קליינע מינדערהייט צווישן די שארית־הפליטה יידן, וועלכע האָבן, צוליב מאָראַליש־עטישע סיבות, ווי זיי האָבן עס דאַן באַגרינדעט, נישט געוואָלט נעמען די אַנטשעדיקונגס־געלטער ביי די דייטשן, האָבן שפּעטער אויסגעדריקט זייער חרטה, ווייל זייער אָפּזאָג האָט בלויז פאַרשטאַרקט די דייטשע קאַסעס, וועלכע האָבן מיט דעם נישט־אויסגענוצטן געלט פאַרבעסערט די דייטשע פּאָזיציעס צו יענער צייט.

דער געשלאָסענער אָפּמאַך צווישן אַדענאַוער און די יידישע אינסטאַנצן האָט געהאַט אַ פּונקט, אַז דריי ביליאָן מאַרק (צו יענער צייט אַ גאַנץ באַדייטנדע סומע) דאַרפן ווערן אויסגעצאָלט פון מערב דייטשלאַנד, און די איבעריקע אָנדערהאַלבן ביליאָן מאַרק דאַרפן באַצאָלט ווערן פון מזרח דייטשלאַנד, ווען עס וועט קומען צו אַ פאַראייניקונג מזרח און מערב דייטשלאַנד וועלן ווערן פאַראייניקט.

די היינטיקע דייטשע רעגירונג, אין שפּיץ מיט העלמוט קאָהל, פּרובירט זיך איצט אַרויסצודרייען פון דער דעמאָלסטיקער אַדענאַוער־פאַרפליכטונג מיט פאַרשידענע תירוצים, וואָס צווישן זיי איז אַוודאַי דאָמינירנד די שווערע עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכע לאַגע, אין וועלכער דייטשלאַנד געפינט זיך היינט.

אין אָנבליק, אָבער, פון די נויטן אין וועלכע ישראל געפינט זיך היינט, אין צוזאַמענהאַנג אויך מיט דער אַבסאָרבציע פון די טויזנטער ניי־געקומענע יידן פון די סאָוועטן־לענדער, וועלן יידן מוזן האַמערן אויף דייטשלאַנד, צו דעקן זייער געלט־פאַרפליכטיקונג, וועלכע איז נישט בלויז אַ מאַטעריעלע פאַרגיטיקונג אין באַצוג צו זייערע מערדערייען און רויבערייען, נאָר איז אויך אַ מאָראַלישע זעלבסט־באַשטעטיקונג פון זייער שולד און זינד לגבי די זעקס מיליאָן אומשולדיקע קרבנות פון יידישן פאָלק.

ריכטיק באַמערקט לוסי פערגאַמענט אין ״אַלגעמיינער זשורנאַל״, יאַנואַר דעם אַכטן האַיאָר: ״די אַנטשעדיקונגס־געלטער וואָס אַדענאַוער האָט זיך פאַרפליכטעט צו באַצאָלן ישראל און צו די יידישע קרבנות, האָבן בייגעשטייערט אַריינצודרינגען אין דעם באַוואוסטזיין פון קאָלעקטיווער אַחריות פון דייטשן פאָלק פאַר די פאַרברעכנס, וועלכע עס האָט אויסגעפירט זייער רעגירונג״.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, איז עס אַן אַבסורד און אומפאַראַנטוואָרטלעך זיך צו וואַרפן מיט אומגערעכטע ״פאַררעטערישע״ שרייבערייען אויף פאַרדינסטפולע מנהיגים, וועלכע האָבן אין 1952 אויסגעפירט אַ שליחות, וואָס האָט נישט בלויז דערפירט צו אַ שלום מיט דייטשלאַנד, נאָר פאַרקערט, געוויזן פאַר דער וועלט, אַז די דייטשן אָנערקענען זייער זינד און שולד, אַז יאָ, זיי האָבן געמאָרדעט, גערויבט, און אין צייכן פון חרטה זיינען די ״שילומים״. די ״שילומים״ קענען נאָך זיין ביז היינט דער בלאַנק־אונטערשריפט פאַר די וועלכע שרייען, אַז די שואה איז אַן אויסגעטראַכטער ״האוקס״ פון די יידן.

אין דעם זעלבן נוסח פון נישט־איבערגעטראַכטע שרייבערייען (אָדער בעסער געזאָגט, טינטלערייען) איז דאָס שרייבן אַז ״העלמוט קאָהל איז אַ

**צווייטער היטלער". שומו שמים... צי טראַכט נישט דער וועלכער שרייבט אָט די "שטאַרקע" ווערטער, אַז דערמיט דערנידעריקט ער נישט דעם קאָנצלער קאָהל, נאָר ער הויבט־אויף דעם בעסטיאַלישן מערדער, היטלער ימח שמו צו דער מדרגה פון אַ פּאָליטישן שטאַטסמאַן ...**

# ישראל, מיט די אויגן פון אַ טוריסט

צו קומען אויף אַ באַזוך קיין ישראל נאָך אַן הפסקה פון אַ פּאָר יאָר, איז ווי צו לייענען אַ בוך און אַדורכהיפּערן אַ פּאָר בלעטער וואָס וועלן אייך שפּעטער פעלן, אויב איר ווילט וויסן דעם ריכטיקן סיפּור המעשה. ווייל מיט יעדן טאָג ענדערט זיך די פּאַנאָראַמע פון לאַנד, פון דער סביבה, פון דעם גאַנצן אַרום, און אַפילו פון דעם טראַכטן פון די מענטשן וואָס שטייען אינמיטן פון טאָג־טעגלעכן לעבן און לייגן אַ ציגל צו אַ ציגל אויפצובויען אַ בנין וואָס וועט שפּעטער מיט זיך פאָרשטעלן דאָס נייע און היינטצייטיקע ישראל.

איז דעריבער למען השם, פאַרזוימט ניט די געלעגנהייט צו קומען כאָטש איין מאָל אין יאָר און האָבן הנאה פון אויסזוכן די גוטע ענדערונגען וואָס איר האָט געהאַט די געלעגנהייט צו זען זינט אייער לעצטן באַזוך. זאָלן אייך ניט אַרן די באַקלאָגענישן און טענות און דאָס "אויסרעדן" אויף דער ביוראָקראַטיע, דעם יקרות, די מלחמות און אַנדערע זאַכן, ווייל אין לעצטן סך־הכל וועלן אייערע קרובים און פריינט פאַרענדיקן: "ניט געזאָרגט, הלוואי ניט ערגער, ווען ניט די אַראַבער, די מלחמות און אינפלאַציע, וואָלט דאָך דאָ געווען אַ גן־עדן צו לעבן... איז ווען טראַכט איר צו קומען אַהער דאָ אויף אַ ביסל לענגער? און אפשר נאָך זיך איינגלידערן און באַזעצן אין לאַנד?"...

דערווייל אָבער זיינען מיר דאָך טוריסטן, און ווי אַ טוריסט ווילט זיך נאָכאַמאָל אַדורכשפּאַצירן די לענג און ברייט פון לאַנד, דאָס מאָל אין אַן אויטאָ אין דער געזעלשאַפט פון אַ צוויי צענדליק מענטשן מיט אַ וועגווייזער, וואָס וועט מיט אַ פּראָפעסיאָנעלער רוטין פון אַ "גאַיד", ניט אַדורכלאָזן יעדן וויכטיקן פונקט פון אַ גרינעם לאַנדשאַפט אין מיטן פון אַ זאַמדיק שטיינערדיקן וויסטן נגב, וואָס האָט ווי געענדערט די מאַפּע פון וויסטעניש, צו אַן אָאַזיס פון ברייטע גרינע, אָדער שמאָלע טעפּיכער, באַשפּרענקלט מיט קליינע הייזקעס, געמאָלן אין העלע ליכטיקע קאָלירן.

צוזאַמען אָבער מיט דער צופרידענער באַוואונדערונג פון דער מענטשלעכער, יאָ, אויך פון דער חלוצישער עקשנות, פון קענען זיך איינבייסן אין אָט דער רויטער וויסטעניש און אויפשטעלן דאָרט בליענדע ישובים, זעט זיך צוגלייך־אָן וויפל ניט אויסגענוצטע מעגלעכקייטן דער נגב האָט נאָך, ווען דער אויטאָ לויפט פאַרביי לאַנגע שטרעקעס פון וויסטע בערגלעך און טאָלן מיט געלן זאַמד וואָס שטרעקן ממש אויס די הענט צו די יידן און בעטן פאַר אַ "וויסטער אויסלייזונג"...

אויף דער גליל, וואו מיר האָבן געהאַט די מעגלעכקייטן אַדורכצושפּאַצירן אין זיין לענג און ברייט, האָט נאָך "זיין פּראַכט ניט פאַרמאַכט", און פאַרמאָגט נאָך גענוג באָדן פאַר יידישע מתישבים, וואָס זאָלן קומען זיך דאָרט צו

באַזעצן, און ניט קומען אין קאָנפליקט מיט אַראַבער וואָס זאָלן אַרויסקומען מיט טענות אַז מען טרייבט זיי כלומרשט אַראָפּ פון זייער באָדן דורך דער יידישער עקספּאַנסיע און אויסשפּרייטונג ווי אין די געביטן פון יהודה און שומרון.

אָבער אויך דאָרט אין יהודה און שומרון, וואו מיר האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו באַזוכן און אָבסערווירן פון דער נאָענט די גרינדונג און אויפקום פון אַ נייער זידלונג, פון בערך אַ 150 משפּחות, וואָס האָבן אויפגעגעבן די ״גליקן״ פון דער גרויסער שטאָט תל־אָביב, חיפה און אַנדערע, און געקומען דאָ מקיים־זיין די מצוה פון כיבוש הארץ, וואָס דערמאָנט אין געוויסע מאָמענטן דעם היסטאָרישן געראַנגל פון דער צווייטער און דריטער עליה פאַר כיבוש עבודה, אויך דאָרטן ווי דאָ, האָבן די ״כיבושניקעס״ געמוזט קעמפן אויף צוויי פראָנטן, סיי קעגן די יידישע פּרדסנים, וואָס דער אַראַבישער אַרבעטער, דעמאָלט נאָך ניט אָרגאַניזירט אין דער ״הסתדרות״, האָט מיט זיינע ביליקע הענט באַרייכערט און פאַרגרעסערט די פּראָפיטן פון די יידישע פּרדסנים, אָבער אויך קעגן דעם אַראַבישן קוויטש, אַז די יידישע ״מאַסקאַלעס״, ווי די אַראַבער האָבן גערופן די דעמאָלט־געקומענע חלוצים פון רוסלאַנד, ווילן פאַרכאַפּן און אַרויסשטויסן אַראַבישע אַרבעטער פון זייערע אַרבעטס־פּלעצער.

די מתנחלים פון יהודה און שומרון האָבן ווייט ניט קיין ״לייכטן שליטוועג״, סיי אין דער יידישער און אַוודאי ניט אין דער אַראַבישער געזעלשאַפט. אויב די יידישע עפנטלעכע מיינונג אין ישראל איז צעטיילט צי מען דאַרף אַריינקוועטשן יידישע זידלונגען וואָס זאָלן זיין אַרומגערינגלט פון געדיכטע אַראַבישע ישובים און זיין אויסגעשטעלט אויף אַראַבישע איבערפאַלן, זיינען די אַראַבער אין זייער גרויסן רוב אייניק, אַז מען דאַרף ״ברענען די טריט״ פון די יידישע ״אַריינדרינגער״. די שפּאַנונג האַלט־אָן. עס פאַלן קרבנות. דער טעראָר קעגן יידן שאַפט פאַרשטענדלעך אַ קעגן־טעראָר, דער יידישער אונטערגרונט. עס איז קיין סוד ניט אַז עס איז דאָ אַזעלכער.

עס זיצן אין די יידישע תפיסות יידן, וואָס האָבן אַלס ענטפער אויף דעם אַראַבישן טעראָר געפּרוּווט נעמען דאָס געזעץ אין אייגענע הענט און פאַרטראַכט אַפילו אויסצופירן טעראָר־אַקטן קעגן אַראַבער וואָס האָבן געקענט ברענגען אַ גרויס אומגליק פאַר יידן.

אין נאָרמאַלע צייטן דאַרפן די יידן לויטן אָנגענומענעם געזעצלעכן חומר־הדין – געמשפּט ווערן. זיינען אָבער אין די לעצטע וואָכן באַפרייט געוואָרן פון די תפיסות 1,150 טעראָריסטן, צווישן זיי אַ סך וואָס האָבן אויף זייער געוויסן צענדליקער יידישע קרבנות. די 1,150 אַראַבער זיינען באַפרייט

געוואָרן אין אַן אויסטויש פון בלויז 3 יידישע סאָלדאַטן וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט בעת דער לבנון־מלחמה.

אויך דאָ איז דער יידישער דעת הקהל אין ישראל צעטיילט צי די רעגירונג האָט געהאַט דאָס רעכט אַרויסצולאָזן פון די טורמעס פאַרמשפטע מערדערס און פּאָטענציעלע רוצחים וואָס קענען ברענגען נייע יידישע קרבנות. ווען אָבער אַראַבישע מערדער ווערן דורך יידן אַמנעסטירט און זיי דרייען זיך אַרום פראַנק־און־פריי איבערן לאַנד, איז די פראַגע, צי עס איז מאָראַליש גערעכט צו האַלטן אין תפיסות יידן וואָס האָבן ערשט פלאַנירט צו באַגיין פאַרברעכנס – גאָר אַ שטאַרקע.

עס פאַרשטאַרקט זיך אַ דרוק אין לאַנד, אַז עס זאָל געמאַכט ווערן אַן אַמנעסטיע סיי פאַר די וואָס זיינען שוין געמשפט געוואָרן, סיי פאַר די וואָס וואַרטן נאָך אויף אַ משפט. האָפנטלעך וועט אָט די "פרשה" אין קורצן געלייזט ווערן.

הלוואי וואָלטן מיר שוין אַזוי געהאַלטן מיט דעם עקאָנאָמישן קריזיס, די גאַלאָפּירנדע אינפלאַציע, דעם קראַנקן האַנדלס־באַלאַנס און אַנדערע צרות פון וועלכע עס זעט זיך ניט דערווייל קיין פאַרבעסערונג. אַוודאי האָט די רעגירונג אַדורכגעפירט געוויסע געזעצן, ווי פאַרפרירונג פון פרייזן, נייע שטייערן, באַגרענעצן און באַשווערן דאָס אַרויספירן דעוויזן קיין אויסלאַנד און אַזוי ווייטער. דאָס איז אַלץ ווי געלייגט אַ לאַטע אויף אַ לאַטע אויף דעם צעריסענעם בגד וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די עקאָנאָמישע צעפאָרנקייט אין לאַנד.

אינטערעסאַנט איז אָבער, אַז ביי דעם אַלעם, וועט איר אין אַ געזעלשאַפט מיט מענטשן וועלכע לעבן אין לאַנד, און אַוודאי ניט אין די געפּאַקטע 4 און 5 ־סטאַרדיקע האָטעלן, וועלכע זיינען פול מיט טוריסטן און ישראלים וועלכע קענען זיך דערלויבן, וועט איר ניט געפינען קיין צו גרויסן אָפּקלאַנג פון אומרו און זאָרג וועגן דעם שווערן צושטאַנד פון דער עקאָנאָמיע אין לאַנד. מען לאָזט איבער די אַלע זאָרגן וועגן היילן, סאָנירן, געזונט־מאַכן די עקאָנאָמיע אויף די פּלייצעס פון דער רעגירונג. זאָלן זיי זיך "קלאפּאטשען", אָננעמען געזעצן וועגן שפּאָרן דעוויזן, רעדוצירן די בודזשעטן, דערווייל זיינען די געשעפטן פון אַלע טאָג־טעגלעך ניטווענדיקע סחורות ווי אויך לוקסוס־אַרטיקלען, פול מיט קונים. מען קויפט און מען זוכט איבעריאָגן די פּרייז־העכערונגען מיט אַ קויף־גאַלאָפּ, כדי מאָרגן זאָל מען האָבן איינגעהאַנדלט אַ "באַרגעין"... פון וואַנען נעמט מען די געלט? אויף דעם וועט איר פון 10 מענטשן קריגן 10 פאַרשידענע ענטפערס, דער 11טער געמיינזאַמער ענטפער פון אַלע וועט זיין, אַ קוועטש מיט די פּלייצעס און אַ מאַך מיט דער האַנט...

און דערוויייל לעבט מען. מען אַרבעט, מען האַנדלט, די גאַסן אין די אָוונט־שעהן זיינען פול מיט שפּאַצירנדע. די קאַפּעען און די סקווערן אַרום ככר דיזנגוף זיינען פול מיט מענטשן. מען זיצט און דיסקוטירט די לויפנדע געשעענישן פון טאָג, ווי אַ שטייגער דעם לעצטן עטאַפּ פון דער אומגליקלעכער מלחמה אין לבנון, מען זיפצט איבער די גרויסע צאָל קרבנות, מען רעדט מיט פאַרביטערונג וועגן "דעם" גענעראַל וואָס האָט די קינדער געשיקט ווייט איבער פרעמדע גרענעצן צו פאַרטרייבן די טעראָריסטן, אַז קיינמאָל איז די מאָראַל אין דער אַרמיי ניט געווען אַזוי געפאַלן ווי אין דער לעצטער מלחמה אין לבנון. אויף דעם ענטפערן די פאַרטיידיקער פון "דעם" גענעראַל, אַז אויפן ככר דיזנגוף איז גרינגער צו רעדן וועגן "מאָראַל", ווי אין מטולה און מעלות, ווייל דאָרטן האָבן די קינדער ג־ט צו דאַנקען, 3 יאָר ניט געדאַרפט לויפן זיך באַהאַלטן אין די בונקערס און שעלטערס... און דער וויכוח גייט־אָן.

אויף די גאַסן פון ירושלים און תל אָביב, זעען זיך שטאַרק־אָן די פאַרשמייטעטע טוריסטן מיט די אַראָפּהענגענדע קאַמעראַס אויף די פלייצעס, וואָס האָבן געהאַט אַ ספּעציעלן "ביזי" חודש אין מאַי, קומענדיק פון אַמעריקע און אַלע עקן וועלט וואו יידן געפינען זיך, צו די פאַרשידענע צוזאַמענפאָרן, קאָנפערענצן, יובל־אָפּצייכענונגען, ווי צום ביישפּיל דער וועלט־צוזאַמענפאָר פון די יידישע פּאַרטיזאַנער און קאַצעטלער, צום 40טן יאָרטאָג נאָך דער באַפרייאונג, מיט רעדעס און דעמאָנסטראַציעס פון די שארית הפליטה יידן פון חורבן, צעשפּרייטע אין אַלע לענדער, צוזאַמען מיט די יידן פון ישראל, די געוועזענע אחים לצרה אין די געטאָס, לאַגערן און פּאַרטיזאַנער וועלדער.

אויך די מאמינים און חסידים פון יידיש, האָבן געהאַט זייערע גרויסע טעג, ביים צוזאַמענפאָר פון וועלט־ראַט פאַר יידיש, וואָס איז דאָ אָפּגעהאַלטן געוואָרן מיט דער באַטייליקונג פון דעלעגאַטן פון 15 לענדער, מיט אַן איינדרוקספולן, ביי אַ גאָר סימפּאַטישן אַרויסטריט פון פּרעזידענט חיים הערצאָג אויף דער דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ מיט אַ רעדע אין העברעאיש און יידיש – אַ ווייטער מהלך פון די אַמאָליקע סקאַנדאַליעזע פּאָגראָמען פון די פאַנאַטישע "גדוד־השפה'ניקעס", אויף קיאָסקן וואָס האָבן פאַרקויפט אַ יידישע צייטונג אָדער בוך.

באַמבאַסטישער עקסטרעמיזם, סיי אויפן פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן, סיי אויפן ווירטשאַפטלעך־עקאָנאָמישן פראָנט, האָט היינט ניט קיין גוטע מאַרקע ביים דורכשניטלעכן ישראלי. דערפון אפשר נעמט זיך, אַז די אחדות־רעגירונג, וואָס שטייט היינט ביים רודער אין ישראל, וואָס באַמיט זיך דורך קעגנזייטיקע פשרה־קאָנצעסיעס אין די אויפפּאַסונגען פון ברענגען צו אַ סטאַביליטעט פון

אָט די פּראָנטן, האָט הינטער זיך די שטימונג און די גוטהייסונג פון דעם גרויסן רוב פון דער ישראל־געזעלשאַפט, כאָטש אַלע זיינען מודה אַז די פּערעס־שמיר רעגירונג האָט ביז היינט ניט באַוויזן צו לייזן די פּראָבלעמען וועלכע זי האָט צוגעזאָגט לייזן, בעת איר אַרויפגעצוואונגענער אַנטשטייאונג.

די אַלטערנאַטיווע אָדער ענדערונג פון ברענגען צו דער מאַכט אַ נייע רעגירונג, פון מערך אָדער פון ליכוד, איז ניט פּאָפּולער און רייף היינט־צו־טאָג אין ישראל. די אחדות־רעגירונג איז ווי אַן אַרויפגעצוואונגענער שלום־בית צו פאַרהיטן די קינדער, וואָסביידע, טאַטע־מאַמע, האָבן ליב און ווילן ניט צעברעכן די היים. פון אַ ווייטערדיקער פּערספּעקטיוו אָבער, וועט אַוודאי מוזן קומען צו אַ מער ראַדיקאַלן אויסוועג.

**יולי, 1985**

# 10 יאָר נאָכן ישראל-עגיפּטישן שלום

דער 26־טער מערץ היי־יאָר (1989) איז געווען אַ היסטאָרישע דאַטע אין דער יידישער געשיכטע. ס׳איז געוואָרן 10 יאָר זינט ס׳איז אין ווייסן־הויז גע׳חתמ׳עט געוואָרן דער שלום־אָפּמאַך צווישן עגיפּטן און ישראל. דער אָפּמאַך איז באַקאַנט ווי דער קעמפּ דעיוויד אָפּמאַך צווישן ישראל מיט איינעם פון די וויכטיקסטע אַראַבישע לענדער. דווקא היינט, ווען ישראל שטייט פאַר גורל׳דיקע אַנטשיידונגען, ווי אַזוי צו פאַרענדיקן דעם קאָנפליקט מיט די אַראַבער, איז וויכטיק צו פאַרטראַכטן זיך וועגן אָט־דער היסטאָרישער געשעעניש.

ביי אַ סך איז נאָך אַוודאי פריש אין זכרון די צערעמאָניאַלע שעהן אין ווייסן הויז, ביי דער אָנוועזנהייט פון אַ גרויסן שטאַב רעפּאָרטערס און זשורנאַליסטן פון אַלע עקן וועלט. פאַרשטייט זיך, אַז די הויפּט מחותנים האָבן באמת געאַרבעט שווער, אַז דער שידוך זאָל צושטאַנד קומען. אין דער ערשטער רייע דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן אונזער געוועזענער פּרעזידענט פון אַמעריקע, דזשימי קאַרטער. אומאָפּהענגיק פון זיין ראָלע אויף אַנדערע געביטן, וועט געדענקט ווערן זיין אַקטיווע ראָלע ביים צונויפפירן דעם אַראַבישן און יידישן צד.

ס׳וועט אויך זיין כדאי צו דערמאָנען, אַז אַ חוץ די פּערזענלעכע פאַרדינסטן און ווירקונג פון די דריי הויפּט מחותנים – פּרעזידענט קאַרטער, מנחם בעגין און אַנוואַר סאַדאַט – ביים אויסהאַמערן און ברענגען צו אַ פּאָזיטיוון רעזולטאַט דעם שלום־אָפּמאַך – זענען אויך געווען אַנדערע פון יידישן צד, וועלכע האָבן געהאָלפן פינאַליזירן דעם שלום אָפּמאַך מיט עגיפּטן. אין דער ערשטער רייע דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן דער דעמאָלטדיקער אויסערן־מיניסטער משה דיין ע״ה, ווי אויך דער שוץ־מיניסטער עזר וויצמאַן. זיי זענען געווען בעגינס פאַרטרויטלעכסטע יועצים אין די שווערע פאַרהאַנדלונגען.

עס דאַרף אָבער דערמאָנט ווערן, אַז דער אָפּמאַך, ווי אויך דער דראַמאַטישער אַרויסטריט פון אַנוואַר סאַדאַט אויף אַ כנסת־סעסיע אין ירושלים, איז נישט אַראָפּגעפאַלן ראַפּטום פון הימל. נאָר איז צוגעגרייט און פּלאַנירט געוואָרן אַ לענגערע צייט אין געהיימע אונטערהאַנדלונגען פון דער בעגין רעגירונג מיט פּרעזידענט סאַדאַט און זיינע מיניסטאָרן. ס׳איז אויך באַקאַנט, אַז אָנפירנדיקע חברים פון דער ״מערך״־באַוועגונג – דעמאָלט אין דער אָפּאָזיציע צו דער בעגין־רעגירונג – זענען אינפאָרמירט געוואָרן און געוואוסט וועגן אָט־די באַגעגענישן. זיי האָבן געגעבן, אין זייער גרויסער

מערהייט, די פולע הסכמה. אַזוי אויך שפּעטער, ביי דער אָפּשטימונג אין כנסת. זיי זענען געווען צווישן די 84 כנסת מיטגלידער וועלכע האָבן געשטיצט, צווישן אַנדערן דעם אָפּמאַך אין אַלע זיינע פּאַזן.

פון דעם פּאָליטיש־היסטאָרישן פּערספּעקטיוו איז דער שלום אָפּמאַך מיט עגיפּטן, נאָך אַ 30 יעריקן קריגס־צושטאַנד מיט ישראל, געווען אַ געשיכטלעכע איבערקערעניש. באַזונדערס נאָך ווען דעם שלום־אָפּמאַך האָבן געשלאָסן דווקא די חברים פון די היינטיקע פּרעדיקער פון אַ ישראל־השלימה־טעאָריע.

אמת, די דעמאָלטדיקע אָפּגעבער פון דעם גאַנצן סיני מיט די פּרעכטיקע ישובים פון ימית און די אַרומיקע פּלעצער, האָבן געהאַט דערויף אַ תירוץ. זיי האָבן אַרגומענטירט, אַז דער סיני מיט די אַנדערע מדבר־ישובים, זענען קיינמאָל נישט באַצייכנט געוואָרן אין תנ״ך ווי הייליקער ארץ־ישראל־באָדן, וועלכער איז אונדז צוגעזאָגט געוואָרן פון וועלט־באַשעפער. ס׳איז אָבער אַ פאַקט: וואָלט צו יענער צייט דער ״מערך״ געווען די הערשנדיקע רעגירונגס פּאַרטיי – וואָס וואָלט, צוליב שלום, אָפּגעגעבן דעם סיני מיט אַלע זיינע אוצרות – וואָלטן זיי נאָך ביז היינט צו טאָג, געווען אויסגעשטעלט צו גיפטיקע קריטיק־פייַלן, ווי הכנעה׳דיקע, פּשרה׳דיקע (אויב נישט: פאַררעטערישע) לאַנד־אָפּגעבער. אָבער מיט צען יאָר צוריק, האָבן כמעט־אַלע מסכים־געווען אַז דער שלום־אָפּמאַך מיט מצרים איז געווען אַ לעבנס־וויכטיקער שריט, וואָס איז גוט פאַר ישראל.

דער אַראַביש־סאָלידאַרישער קריגס־פראָנט האָט – מיטן אַרויספאַל פון אַזאַ וויכטיקן גליד ווי עגיפּטן – שטאַרק פאַרקלענערט דעם קריגס געשפּענסט פאַר ישראל צו יענער צייט. ס׳איז אויך אַ פאַקט: במשך די ווייטערדיקע צען יאָר, איז אויפן ישראל־עגיפּטישן פראָנט ״נישט געווען קיין נייעס״; קיין איין ישראל׳דיקער אָדער עגיפּטישער זעלנער איז דאָרט נישט אומגעקומען.

אמת, נישט אַלע האָפענונגען פאַר אַ נאָרמאַליזאַציע מיט ישראל זענען רעאַליזירט געוואָרן. עס זענען דערנאָך אונטערגעקומען פאַרשידענע שטרויכלונגען און פאַסירונגען וואָס האָבן געהאַמעוועט דעם פּראָצעס. צווישן זיי: דאָס אומברענגען אַנוואַר סאַדאַט און דער אויפקום אין עגיפּטן פון קריגס העצערישע כוחות. אויך די לבנון מלחמה אין 1982 האָט פאַרערגערט די באַציאונגען מיט ישראל. אויך דער טאַבאַ־סיכסוך איבער אַ שטיקל לאַנד, וואָס האָט זיך געצויגן יאָרן, האָט פאַרסמ׳ט די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישןביידע לענדער.

דאָס אַלץ האָט אָבער פאָרט נישט געשטערט, אַז דער ״קאַלטער שלום פּראָצעס״ מיט עגיפּטן זאָל אָנהאַלטן 10 יאָר נאָכאַנאַנד. אין משך פון דער

צייט האָט ישׂראל מער געקענט היטן די אַנדערע גרעניצן מיט אַראַבישע לענדער. דער חרם פֿון די אַראַבישע לענדער קעגן זייער עגיפּטישן "ברודער", פֿאַרן שלום מאַכן מיט ישׂראל, האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר; אָבער זיך פֿאַרענדיקט מיט דער רעזיגנאַציע פֿון די אַראַבישע לענדער. עגיפּטן איז צוריק אין דער אַראַבישער ליגע, די דאָך אָרגאַניזאַציע פֿון דער מערהייט אַראַבישע לענדער.

די געשיכטע באַווייזט אָפּטמאָל אָפּצוטאָן "אַ שפּיצל", אַז דווקא האַרטנעקיקע עקסטרעמיסטן ווערן מעסיקע פּאָליטיקער ביי געוויסע סיטואַציעס. דאָס האָט אויך פּאַסירט מיט מנחם בעגין, דעם האַרטנעקיקן "טעראָריסט", וועלכער איז אויסגעצייכנט געוואָרן צוזאַמען מיט אַנוואַר סאַדאַט (אין יאָר 1980) מיט נאָבעל פּרייז פֿאַר שלום.

וועט אויך דער היינטיקער פּרעמיער פֿון ישׂראל, יצחק שמיר, זיך "אָנשטעקן" פֿון זיין חבר־לדעה מנחם בעגין און אויסאַרבעטן אַ שלום־לייזונג, וואָס זאָל זיך לאָזן אַקצעפּטירן אין אונזערע היינטיקע גורל־טעג פֿאַר יידן און אַראַבער? דאָס וואָלט זיכער געווען גוט פֿאַר יידן...

**1989**

# אין געראַנגל פאַר דער רוסישער עליה

געלעבט האָבן מיר אין דעם זעלבן שטעטל, אָבער די לעבנס־צילן און די חלומות אונזערע זיינען זיך צעגאַנגען אין קעגנזעצלעכע ריכטונגען. געווען איז ער אַ ביסל עלטער פון מיר; אַ זון פון אַן אָנגעזעענעם באַלעבאָס אין שטאָט, וועלכער האָט, אין יענע שווערע צייטן פאַר דער יידישער שטודירנדער יוגנט אין פוילן, וואָס האָט געזוכט אַן אַקאַדעמישע קאַריערע, געמוזט אויסשטיין "דאָס קאַלטע און דאָס וואַרעמע" אין די אוניווערזיטעטן און אין די פאָליטעכניקומס אין פוילן פון די אַנטיסעמיטיש־ענדעקישע "ראַזוואַ׳ניקעס", וועלכע האָבן געצוואונגען די יידישע סטודענטן צו שטיין ביי די לעקציעס אין די הויכשולן, אָדער צו זיצן אין באַזונדערע אָפּגעשלאָסענע געטאָ־בענקלעך. די יידישע שטודירנדע סטודענטן האָבן מיט שטאָלץ אויסגעקליבן צו לערנען די "תורה" פון וויסנשאַפט שטייענדיקערהייט.

אַזוי האָט אויך אונזער גוטער פריינט, יצחק ראַבינאָוויטש, דער העלד פון אונזער שילדערונג, אויסשטודירט און איז געוואָרן אַן אינזשינער שטייענדיק...

געקראָגן דעם אינזשינער אַטעסטאַט האָט ער, ווען די דייטשע הארדעס זיינען אָנגעפאַלן אויף פוילן און געזייט טויט און פאַרניכטונג צווישן דער אַנטלויפנדער יוגנט און עלטערע, וואָס האָבן זיך געלאָזן אין אַ גאלאָפּ אַנטלויף פון די דייטשן אויף דעם וועג קיין מזרח. דעמאָלט האָבן זיך מאָלאָטאָוו און ריבענטראָפּ איינגעטיילט מיט דער וועלט, און די רוסן האָבן אָפּגעריסן שטיקער פון פוילן צו שאַפן דאָרט אין די פאַרנומענע געביטן, אַ קאָפּיע פון דעם רוסישן "גן עדן".

אונזער פריינט, ראַבינאָוויטש, האָט זיך ענדלעך דערשלאָגן קיין ביאַליסטאָק, דער ערשטער עטאַפּ פון די גרעסערע שטעט אין די פאַרנומענע געביטן, וואו "ביעזשענצעס", אַנטלאָפענע פון פוילן האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן און זיי זיינען געשלאָפן אין די שוהלן און אין בתי מדרשים, וועלכע די סאָוועטן האָבן אין די ערשטע וואָכן און חדשים פון זייער הערשאַפט, נאָך נישט באַוויזן צו ליקווידירן.

נישט זעענדיק פאַר זיך קיין אַנדערן אויסוועג, האָט אויך אונזער פריינט ווי אַ סך אַנדערע יוגנטלעכע וועלכע זיינען דעמאָלט געווען אין ביאַליסטאָק, באַשלאָסן זיך צו רעגיסטרירן צו פאָרן אין טיף רוסלאַנד, וואו די רוסן האָבן צוגעזאָגט יעדן איינעם "פרייהייט און אַרבעט – און ברויט צו דער זעט".

וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזט פון די אַלע צוזאָגן, איז היינט, דוכט זיך, שוין גאָר גוט באַקאַנט פון די אומצאָליקע ביכער און מינדלעכע שילדערונגען

פון די פאַרשיקונגס לאַגערן און "גולאַגס", וועלכע זיינען צעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט פון רוסלאַנד.

נאָכן אַרויספאָרן פון ביאַליסטאָק קיין טיף רוסלאַנד, איז אונזער קאָנטאַקט מיטן פריינט ראַבינאָוויטש איבערגעריסן געוואָרן. איך און די פרוי מיינע, האָבן נאָך געהאַט דאָס "פאַרגעניגן" צו זיין אין דער ראָלע פון "ביעזשענצעס" אין ביאַליסטאָק נאָך אַ שטיקל צייט, וואָס מיר האָבן שפּעטער אויסגעטוישט אויף אַ שלעכטן און אומגליקלעכן באַשלוס, צו קומען צוריק "אַהיים", קיין פוילן, אַריינפאַלנדיק גלייך אין דעם וואַרשעווער געטאָ. אָבער דאָס איז שוין אַ באַזונדער טרויעריק קאַפּיטל פון "טויזנט און איין נאַכט" (1000 שוואַרצע נעכט...).

אַ פּאָר יאָר נאָך דער מלחמה, זיינען צו אונז דערגאַנגען ידיעות אַז די משפּחה ראַבינאָוויטש (ווייל מיין פריינד האָט, טראָץ אַלע צרות דאָרט, דאָך באַוויזן אויפצושטעלן אַ פאַמיליע פון 2 זין און אייניקלעך), מאַכט באַמיאונגען אַרויסצופאָרן פון רוסלאַנד.

יאָרן זיינען פאַרביי און דערווייל – דערווייל האָט אויך אונזער פריינד אין רוסלאַנד מיטגעמאַכט דאָס "קאַלטע און דאָס וואַרעמע", פון ווערן פאַרשיקט אין איינעם פון די גולאַגס רעזידענטן, וואו ער, אַלס אינזשינער פון פוילן, האָט, אונטער דער אויפזיכט פון בייזע גולאַגס וועכטער, געהאָלפן אויסברייטן די גולאַגס "פּאַווילי‌אָנען"...

ערשט מיט דער לעצטער שטורמישער עליה פון רוסישע יידן קיין ישראל, איז צו אונז, דורך געמיינזאַמע פריינד, דערגאַנגען אַ ידיעה, אַז יצחק ראַבינאָוויטש מיט זיין פאַמיליע געפינען זיך אין ישראל. ס'איז דערביי אָנגעגעבן געוואָרן, אַז עס וואָלט געווען יושר'דיק אַז היגע לאַנדסלייט, אָפּשטאַמיקע פון אונזער שטאָט, זאָלן שיקן אַ ביסל געלט בכדי זיי אַרויסצוהעלפן, אַז זיי זאָלן זיך קענען איינאָרדענען גראָד אין אַזאַ צייט בעת די מדינה מאַכט אַדורך אַ שווערן עקאָנאָמישן מצב און דערצו נאָך איז דער אַלגעמיינער מצב אין לאַנד בכלל נישט קיין גלענצנדער.

מיר האָבן עס געטאָן, און עס וואָלט געווען נאָכמער יושר'דיק, אַז אויך אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע זאָלן זיך אַראָפּנעמען אַ ביישפּיל און אויפמאַכן זייערע קאַסעס אין וועלכע עס געפינען זיך נאָך אָנגעזאַמלטע געלטער פון "יענע צייטן", און אַרויסהעלפן כאָטש די אייגענע יידן פון זייערע שטעט, און אַזוי אַרום וועלן זיי מקיים זיין דעם אָנזאָג פון חז"ל – "עניי עירך קודמים".

מיר האָבן אויך לעצטנס געקראָגן אַ רירענדן בריוו, וואָס כאָטש אין געצוימטע ווערטער, איז עס אַן אינטערעסאַנטע שילדערונג וועגן דער

שווערער און אָפּטמאָל האַרצרייסנדער לאַגע אין וועלכער עס געפינט זיך דער גרעסטער טייל עולים פון רוסלאַנד.

די אינזשינערן ווי ער, די דאָקטוירים, אַרטיסטן, לערער און אַנדערע פּראָפעסיאָנאַלן, דרייען זיך אַרום אַרבעטסלאָז און זיי דאַרפן זיך זאָרגן צו האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

ס׳איז אַ פאַקט, אַז סיי די רעגירונג און סיי די סוכנות, די יידישע אַגענטור, זיינען נישט געווען צוגעגרייט צו אַזאַ מאַסן עליה פון רוסלאַנד פון אַזאַ ריזיקן פאַרנעם, און זיי קענען זיך נישט באמת אַן עצה געבן מיט די צווי הויפּט פּראָבלעמען פון דער רוסישער עליה: אַרבעט און דירות. מען קען אָבער ווערן באַאיינדרוקט לייענענדיק דעם בריוו פון דעם עולה חדש פון רוסלאַנד, פון וועלכן עס שיינט אַרויס אַ געוואַלדיקער אָפּטימיזם און צופרידנהייט וואָס האָט זיך איינגעשטעלט אין זייער פּריוואַטן לעבן. אָט איז אַן אויסצוג פון עטלעכע שורות אין דעם בריוו.

״טראָץ דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע אין וועלכער מיר געפינען זיך, זענען מיר גליקלעך. מיר זיינען ענדלעך אין אונזער אייגן לאַנד. גענוג יאָרן זיך געוואַלגערט איבער לענדער און קאָנטינענטן. מיר גלויבן אין דער שטאַנדהאַפטיקייט פון ישראל. מיט דער צייט וועט זיך די עקאָנאָמישע און האָפענטלעך אויך די פּאָליטישע לאַגע אין ישראל, ענדערן צום בעסערן״.

אָט דער רעפריין פון צופרידנהייט און שטאָלץ, חזרט זיך איבער עטלעכע מאָל אין דעם בריוו פון דעם עולה חדש יצחק ראַבינאָוויטש פון רוסלאַנד. ער באַמערקט אָבער אין דעם בריוו, אַז נישט אַלע פון זיינע פריינט, וועלכע זיינען אָנגעקומען קיין ישראל מיט דער זעלבער עליה, טיילן דעם זעלבן שטאָלץ און צופרידנהייט פון קומען קיין ישראל ״נאָך פילע יאָרן פון נע ונד איבער לענדער און קאָנטינענטן״.

אַ סך פרעגן זיך, זיינען מיר נישט אַמאָל דאָ ״צופיל״ אין דעם קליינעם לאַנד? וועלן מיר מיט אונזערע יאָרן־לאַנגע אויסגעהאָרעוועטע דיפּלאָמען און פּראַקטישע באַשעפטיקונג ביי אונזערע פּראָפעסיעס, זיך קענען יאָ אַמאָל ״אַריינקוועטשן״ אין דעם עקאָנאָמישן סדר פון דעם היגן לעבן מיט אונזערע פאַכן און געוואוינהייטן? זיינען אפשר אונזערע פריינד וואָס געפינען זיך נאָך היינט אין רוסלאַנד און זיי האַלטן זיך דערווייל אָפּ פון קומען קיין ישראל וויסנדיק ווי שווער עס קומט אָן דאָס איינאָרדענען זיך היינט אין לאַנד, זיינען זיי אפשר גערעכט?

דאָס זיינען פראַגעס און ספיקות וועלכע מאַטערן היינט די מוחות פון אַ גרויסן טייל פון רוסישע עולים, וועלכע פאַרמאָגן אין זיך נישט דעם שטאָלץ און דעם גלויבן פון אונזער פריינד ראַבינאָוויטש, וואָס טראַכט אין די

טערמינען פון ״גענוג זיך געוואַלגערט איבער פרעמדע לענדער און קאָנטינענטן״.

די גרעסטע מערהייט פון דער רוסישער עליה, היינט־צו־טאָג, באַשטייט פון יידן וועלכע זיינען איבער 70 יאָר געווען אָפּגעפרעמדט פון וועלכע־עס־איז יידישע ווערטן, נאַציאָנאַלע פונקט אַזוי ווי רעליגיעזע; פאַר זיי, אין אמתן, איז זייער לייכט אַריינצופאַלן אין דער פּאַסטקע פון אַ ״לייכטן ווידערשטאַנד״ און זיי זיינען גרייט, ביי דער ערשטער געלעגנהייט, אויסצוטוישן זייער עליה פאַר אַ וועלכער־עס־איז לאַנד אין דער וועלט, אַפילו פאַר דער טריפה׳נער און פאַרשאָלטענער פאַראייניקטער דייטשלאַנד.

איז דערפאַר, דער קאַמף פאַר דער רוסישער עליה נישט געוואָרן פאַרענדיקט מיטן אַריינברענגען אין לאַנד אַריין הונדערטער טויזנטער יידן. דער קאַמף פאַר דער רוסישער עליה הויבט זיך ערשט אָן, דורך אַבסאָרבירן און אַריינברענגען זיי אין דעם אָרביט פון דעם עקאָנאָמיע־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאַנד, און זיי דאַרפן באַזעצט ווערן מיט אַ געפיל פון התרגשות, אַז ישראל איז פאַר זיי די פערמאַנענטע אויסגע׳חלום׳טע היים, און נישט קיין שפרינג־ברעט פאַר ווייטערע וואַנדערונגען איבער לענדער און קאָנטינענטן.

עס איז קיין שום ספק נישט, אַז די אַבסאָרבירונג און די איינגלידערונג פון הונדערטער טויזנטער נייע יידן אין ישראל איז פאַרבונדן מיט געוואַלדיקע עקאָנאָמישע און עמאָציאָנעלע פּראָבלעמען און שוועריקייטן, וואָס סיי די ישראל רעגירונג און סיי די סוכנות – אַפילו מיט דער פולער קאָאָפּעראַציע און הילף פון דער ישראל באַפעלקערונג – איז עס נישט לייכט צו דערגרייכן.

איז עס דערפאַר דער פערזענלעכער און מאָראַלישער חוב פון אַלע יידן בכל אתר ואתר צו ווערן אַן אַקטיווער שותף מיט אַלע עקאָנאָמישע רעסורסן וואָס מיר פאַרמאָגן בכדי אַרויסצוהעלפן אַז די רוסישע עולים זאָלן זיך קענען איינגלידערן אין לאַנד. דאָס איז די פּריאָריטעט פון דער שעה. אַלע אַנדערע פּראָבלעמען, ווי וויכטיק זיי זאָלן נאָר נישט זיין, אַפילו די ישראל־אַראַבער באַציאונגען, דער קאַמף פאַר שלום און אַזעלכע ענלעכע פּראָבלעמען, מוזן דערווייל אַוועקגעשטעלט ווערן אין אַ זייט. דאָס איז דאָך געווען דער ציוניסטישער חלום זינט דורות אויסצולייזן די יידן פון רוסלאַנד.

לאָמיר נישט פאַרפאַסן די געלעגנהייט, ווייל דער גוראַנגל פאַר דער רוסישער עליה קיין ישראל הויבט זיך ערשט אָן, ווען די יידן קומען אָן קיין ישראל.

**יוני 1991**

# אונזער חשבון מיט פוילן

## צו לעך וואַלענסאַ׳ס אויפנאַמע אין דער כנסת

די כנסת אין ישראל, דער ייִנגסטער און דעמאָקראַטיש־אויסגעווײילטער פּאַרלאַמענט אין דעם ראַיאָן פון מיטעלן מזרח, האָט מיט צוויי וואָכן צוריק געהאַט די געלעגנהייט אויפצונעמען, ביי אַ פייערלעכער צערעמאָניע, אַ חשובן גאַסט, דעם פּרעזידענט פון דער פּוילישער רעפּובליק, לעך וואַלענסאַ.

ס׳איז שוין נישט צום ערשטן מאָל, ווי די כנסת נעמט־אויף מיט ספּעציעלע צערעמאָניאַלן די הויפּטן פון די מלוכות, וועלכע קומען מיט געווייסע מיסיעס און אַדרעס־רעדעס אין דער כנסת, געווידמעט די פּראָבלעמען מיט וועלכע ישראל ראַנגלט זיך שוין איבער 40 יאָר זינט איר אַנטשטייאונג, און אירע קאַמפן מיט די אַראַבישע שכנים פאַר איר לעבן און עקזיסטענץ.

דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון די היסטאָרישע אַרויסטריטן ביי דער כנסת־טריבונע פון אַנוואַר סאַדאַט, און זיין אָנבאָט פאַר אַ שלום מיט ישראל; פון דעם געוועזענעם אַמעריקאַנער פּרעזידענט, דזשימי קאַרטער, דער פאַרמיטלער פאַר שלום אין קעמפּ דעיוויד; דעם פראַנצויזישן פרעזידענט, פראַנסואַ מיטעראַן, וועמענס אַרויסטריט אין דער כנסת האָט גראָד איבערגעלאָזן אַ געוויסן גרילץ, מיט זיינע פאָרשלאַגן פאַר אַ פּאַלעסטינער היימלאַנד ביי די טויערן פון ישראל.

אָבער דער לעצטער אַרויסטריט פון פרעזידענט וואַלענסאַ אין ישראל, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער און פאַרלאַנג. די רעדע פון לעך וואַלענסאַ איז טאַקע געקומען פון דער כנסת־טריבונע, אָבער אַדרעסירט האָט ער זיין רעדע צום גאַנצן יידישן פאָלק אין גאָר דער וועלט.

אין זיין דראַמאַטיש־פאַטעטישער רעדע האָט וואַלענסאַ זיך געקלאָפּט ״על חטא״ און געבעטן ביי יידן מחילה פאַר דעם דורות־לאַנגן אַנטיסעמיטיזם אין פוילן. צווישן אַנדערן האָט וואַלענסאַ געזאָגט: ״דאָ, אין לאַנד ישראל, אין דעם לאַנד פון אייער אַנטשטייאונג און אויפלעב, קום איך מיט אַ הייסער בקשה פאַר פאַרגעבונג און חרטה פאַר יאָרהונדערטער פאַרפאָלגונג, דיסקרימינאַציע און אַנטיסעמיטיזם, וואָס מיר, קריסטן, האָבן געטאָן צו אייער פאָלק״.

דערביי האָט וואַלענסאַ אויך באַמערקט: ״אַוודאי זיינען געווען צווישן אונז, קריסטן, אויך ערלעכע, וועלכע האָבן אין די ראַמען פון די מעגלעכקייטן אין די פאַרפאָלגונגס־צייטן, געהאָלפן די יידן. עס זיינען אָבער, ליידער, געווען פאָלאַקן וועלכע האָבן געהאָלפן די דייטשן שלעכטס צו טאָן די יידן״.

ער האָט דערביי געגעבן אַ קורצן געשיכטלעכן איבערבליק אַרום די פֿאַרשידענע עטאַפּן, ווען יידן זיינען אויפגענומען געוואָרן אין פוילן מיט גאַסטפריינטלעכקייט און טאָלעראַנץ און געפונען דאָרט אַ וואַרעמע היים. לעך וואַלענסאַ האָט אין זיין פֿאַרגעבונגס־רעדע אָפּילו באַוויזן אויך אָנצושלאָגן אַ היינטצייטיק־פּאָליטישן טאָן, צוזאָגנדיק אַז פוילן וועט נישט שטיצן די שונאים פון ישראל, בפרט די פּי־על־אָ.

גערעדט האָט פרעזידענט וואַלענסאַ ווי אַן אמתער פריינד פון יידן, אָדער ווי אַן אויפריכטיקער בעל־תשובה, וועלכער האָט באמת חרטה אויף פֿאַרגאַנגענע זינד און שלעכטס, וואָס פּאָלאַקן האָבן געטאָן צו יידן. דאָס שליסט טאַקע אויך איין זיינע פערזענלעכע אַנטיסעמיטישע "טריקס" און אויסדרוקן פון דער גאָר נישט לאַנגער פֿאַרגאַנגענהייט, ווען ער האָט געפירט זיין וואַל־קאַמפּיין צו ווערן פרעזידענט פון פוילן קעגן זיין קאָנקורענט־קאַנדידאַט, טאַדעאוש מאַזאָוויעצקי.

עס האָט זיך גוט איינגעקריצט אין זכרון זיין אויסדרוק אויף אַ וואַל־מיטינג, וואו ער האָט געזאָגט: "איך בין פון אַ ריין־פוילישן אָפּשטאַם. אין מיין פֿאַמיליע געפינט זיך נישט קיינער וואָס זאָל האָבן וועלכע עס איז קרובה׳שע נאָענטקייט מיט יידן. איך בין אַ 100 פּראָצענטיקער פּאָלאַק".

דאָס איז, אַגב, געווען אַ קאַפּוליע אָנצוהערעניש, און אויך אַ פֿאַלשע "פֿאַרלוימדונג", אַז זיין קעגן־קאַנדידאַט, מאַזאָוויעצקי, זאָל שטאַמען פון יידן. דאָס זאָל אים אויך האָבן געהאָלפן צו ווערן פרעזידענט.

דאָס קלאַפּן זיך "על חטא" און בעטן מחילה אין נאָמען פון גאַנצן פוילישן פּאָלק, האָט שוין אָבער אין זיך אַ ווייט אַנדערע דימענסיע. געוויס איז פרעמיער שמיר געווען גערעכט ווען ער האָט געהאַט געזאָגט: "די פּאָלאַקן האָבן אין זיך איינגעזויגן דעם אַנטיסעמיטישן סם מיטן מילך פון זייערע מוטערס".

פֿאַר די וואָס געדענקען נאָך, אָדער זיינען באַקאַנט בלויז פון לייענען, וועגן דעם האַרטנעקיקן קאַמף, וואָס יידן האָבן געפירט אין פוילן פֿאַר זייערע עלעמענטאַרע בירגערלעכע רעכטן, באַלד נאָך פוילנס זעלבסטשטענדיקייט, פון 1918 ביז דעם אויסברוך פון דער מלחמה, וועלן די ווערטער פון פרעמיער שמיר נישט זיין פרעמד.

ס׳איז געשיכטלעך באַקאַנט דער געראַנגל קעגן די שיקאַנעס און גזירות, וואָס די יידישע פֿאַרלאַמענטאַריער – אין אַ געוויסן צייט־אָפּשניט, מיט יצחק גרינבוים בראש – האָבן געהאַט אויסצושטייך אין פוילישן פֿאַרלאַמענט (סעים) פון די אַנטיסעמיטישע געזעצן און באַרגרענעצונגען קעגן יידן, ווי אַ שטייגער, דער "נומערוס־קלאַוזיוס", אַ קוואָטע פֿאַר יידישע סטודענטן צו שטודירן אין די אוניווערזיטעטן, דער קאַמף פֿאַר רעכט אויף אַרבעט פֿאַר יידן

אין די מוניציפּאַלע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, דאָס מאַניפּולירן די וואַל־אָרדינאַציע, צו פאַרקלענערן די פאָרשטייערשאַפט פון יידן אין די געזעצגעבערישע אינסטאַנצן, און אַנדערע.

עס איז אויך באַקאַנט אַ פאַל, ווען אַנטיסעמיטישע כוליגאַנישע דעפּוטאַטן האָבן צעשלאָגן ביז בלוט און שווער פאַרוואונדעט דעם יידישן דעפּוטאַט נח פּרילוצקי, אין דער געביידע פון פּוילישן פּאַרלאַמענט, פאַר זיין מוטיקן אַרויסטריט קעגן אַן אַנטיסעמיטישן פאָרשלאַג. אינטערעסאַנט איז אויך דער מוטיקער אָפּוועג־קאַמף, וואָס יידן האָבן געמוזט אויסשטיין קעגן דעם פּאַרמעסט צו פאַרבאָטן די יידישע *שחיטה*, דורך אַ פאָרשלאַג וואָס אַן אַנטיסעמיטישע דעפּוטאַטין, די פּריסטעראַוואָ, האָט אַריינגעטראָגן אין סעים, מיט דער אונטערשטיצונג פון אַ רייע רעאַקציאָנערע פּוילישע דעפּוטאַטן.

די יידישע באַפעלקערונג אין פּוילן האָט אין אַ זעלטענער סאָלידאַריטעט־אַקציע פון אַלע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, אָנהויבנדיק פון דער עקסטרעם־אָרטאָדאָקסישער "אַגודה", ביז דעם מאַרקסיסטיש־פּריידענקערישן "בונד", אָפּגעראַטעוועט דעם פאַרבאָט אויף דער כשר׳ער *שחיטה*, דורך אַ געוואַלדיקן געמיינזאַמען פּראָטעסט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג.

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז דער ענין *שחיטה* איז פאָרגעקומען דעמאָלט ווען כמאַרעס פון גרינע וואָלקנס האָבן שוין באַדראָט די סאַמע עקזיסטענץ פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט און די פּוילישע אַנטיסעמיטישע רעאַקציע האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע פּראָבלעמען צו לייזן, ווי נאָר זיך צו פאַרנעמען מיט דער יידישער *שחיטה*.

## פּוילן און פּאָלאַקן אין דער שואה-עפּאָכע

אַ באַזונדערס־וויכטיקלעכער קאַפּיטל איז די אויפפירונג פון די פּאָלאַקן בעת די דייטשע אויסראָטונגס־אַקציעס קעגן די יידן אין פּוילן.

אין אָנבליק פון דעם איבערגעזאָגטן, איז אַ פאַקט, אַז אַפילו אין די גאָר "גוטע" נאָרמאַלע צייטן פון פאַרן קריג, האָבן די יידן נישט "געלעקט קיין האָניק" אין פּוילן. פּוילן ליגט נישט אין די גרענעצן פון די סקאַנדינאַווישע לענדער, וואו די באַפעלקערונג האָט, אָפּט מאָל מיט מסירות־נפש׳דיקע באַמיאונגען, געראַטעוועט אַ צאָל יידן פון די דייטשע רוצחים. די אַנטיסעמיטישע צוויסטיקייטן, און אין בעסטן פאַל די אייזערנע איזאָלאַציע־וואַנט, וואָס איז געשטאַנען לאַנגע יאָרן צווישן יידן און גוים אין פּוילן, איז געקומען צום עקסטרעמען אויסדרוק בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אויף דער פּוילישער ערד.

ס׳איז געווען ווייטיקלעך און שאָקירנדיק פֿאַר די יידן אין פוילן צו זען ווי שכנים פֿאָלאַקן, מיט וועלכע מען האָט דורות לאַנג געלעבט אויף דער זעלבער ערד, ווען אַפילו איזאָלירט געזעלשאַפטלעך, אָבער דאָך געטאָטעמט מיט דער זעלבער לופט, זיך באַגעגנט טאָג־טעגלעך, אַמאָל מיט אַ גוט מאָרגן, און אַפילו אָן דעם; האָבן אָבער גלייך מיטן אַריינקומען פון די דייטשן פֿאַרראַטן זייערע יידישע שכנים און געוואָרן דער פינפטער קאָלום אין העלפן די דייטשן אין זייער אויסראָטונג פון יידן.

יאָ, געווען אויסנאַמען. אין "יד ושם" איז דאָ אַ ליסטע פון אַ פּאָר הונדערט פוילישע צדיקים. אַ סך "איבערגעלעבטע" האָבן צו פֿאַרצייכענען גוטע מענטשלעכע טאַטן פון "גוטע" פֿאָלאַקן, וגם אני בתוכם. אין אונזער וועג־געיעג מיטן גורל צו ראַטעווען אונזערע לעבנס, האָבן מיר, איך און מיין פרוי, צו פֿאַרצייכענען צוויי פֿאַלן ווען פֿאָלאַקן האָבן אונז געהאָלפן ראַטעווען זיך פון אַ דייטשער פֿאַסטקע. עס זיינען אָבער, ליידער, געווען מערערע פֿאַלן פון שאַנטאַזש און דראָאונגען צו ווערן אַרויסגעגעבן אַלס יידן צו די דייטשן, אין אַ קורצן צייט־אָפשניט, ווען מיר האָבן ביידע "געלעבט" אויף אַרישע פֿאַפּירן און פֿאָזירט אָנצוגייען ווי פֿאָלנע פֿאָלאַקן. מיר האָבן דערביי געהאַט די געלעגנהייט זיך צו איבערצייגן, אַז דער גרעסטער טייל פֿאָלאַקן, מיט וועלכע מיר זיינען געקומען אין באַרירונג, נישט וויסנדיק אַז מיר זיינען יידן, האָבן געהאַט פֿאַרשלאָסענע הערצער פֿאַר די יידן וועלכע זיינען פֿאַרשיקט געוואָרן צום טויט דורך די דייטשן.

אַ באַזונדער שוואַרץ בלעטל האָבן די פֿאָלאַקן "פֿאַראייביקט" דורך זייער האַלטונג שוין נאָכן קריג, ווען די מאָגערע רעשטלעך "איבערגעלעבטע" יידן פון די לאַגערן, אָדער געקומענע פון רוסלאַנד, האָבן זיך באַוויזן אין זייערע היים־שטעטלעך, זוכנדיק אַ שפּור פון זייערע נאָענטע אָדער איבערגעלאָזטע פֿאַרמעגנס. קעלץ און אַנדערע טויט־מאָרדן פון שארית־הפליטה־יידן אין יענער צייט, האָבן זיך גוט איינגעקריצט אין זכרון פון יעדן ייד אין גאָר דער וועלט. אויך די פֿאַרסמטע אַטמאָספערע פון יידן־האַס און אַנטיסעמיטיזם, געפלעגט און אָנגעפירט פון די קאָמוניסטישע רעגירונגען און רעזשימען אין פוילן נאָכן קריג, האָבן געלייגט זייער חותם אויף די באַציאונגען צווישן יידן און פֿאָלאַקן, און געפירט צו דעם יציאת פוילן פון די לעצטע רעשטלעך יידן, וועלכע האָבן געפרואווט צו פֿאַראַנקערן זיך אויף דער פוילישער ערד נאָך דעם חורבן.

מיטן אויפקום פון "סאָלידאַרנאָשטש", געגרינדעט און אָנגעפירט טאַקע פון דעם היינטיקן פרעזידענט, לעך וואַלענסאַ, האָבן די קליינע צאָל איבערגעלעבטע יידן אין פוילן, ווי בכלל יידן איבער דער וועלט, געלייגט האָפענונגען אַז דער אַנטיסעמיטיזם אין פוילן, יעדנפֿאַלס דער רעגירנדער אַנטיסעמיטיזם, וועט פֿאַרשווינדן פון דער אויבערפלאַך. נאָך דערצו ווען

פוילן איז דאָך שוין סיי ווי כמעט ווי יידן־ריין, אויב מען זאָל אַרויסלאָזן פון חשבון די פּאָר טויזנט עלטערע יידן, וועמען עס וועט באַשערט זיין צו פאַרענדיקן דאָס טויזנט־יעריקע קאַפּיטל יידן אין פוילן.

פאַרשידענע גורמים האָבן אָבער געברענגט דערצו, אַז אַפילו נאָכן באַפרייען זיך פון די קאָמוניסטיש־אַנטיסעמיטישע רעזשימען פון די גאמולקעס־יאַרוזעלסקיס, האָט זייער יורש, די "סאָלידאַרנאָשטש"־באַוועגונג, אָנגעהויבן אַדורכמאַכן אַן אינערלעך־פּערזענלעכן קליקע־קאַמף פאַר מאַכט, וואו די הויפּט־פיגורן זיינען געווען דער היינטיקער פּרעזידענט, לעך וואַלענסאַ, און די פאַרטנערס אינעם פאַרמעסט זיינען געווען אַ פּאָר פּאָליטישע אַקטיוויסטן, מיט דעם יונגן אָפּשטאַמיקן יידישן באַגאַבטן רעבעל קעגן דעם קאָמוניסטישן רעזשים אין פוילן, אַדאַם מיכניק, וועמען דער גאמולקא רעזשים האָט נאָך אין זיין צייט, אין די זעכציקער יאָרן, איינגעשפּאַרט אין תפיסה, פאַר אָרגאַניזירן סטודענטן־דעמאָנסטראַציעס אין וואַרשע קעגן דעם סאָוועטן־פּראָטעקטאָראַט אין פוילן.

אַדאַם מיכניק, אַן אַמאָליקער פאַרטרויאונגס־מאַן פון לעך וואַלענסאַ, איז שפּעטער געוואָרן איינער פון זיינע שאַרפסטע קעגנער און אים אויך באַקעמפט ביי די פּרעזידענט־וואַלן אין פוילן. מיכניק איז זייער איינפלוסרייך און פּאָפּולער אין די פּאָליטישע קרייזן אין פוילישן סעים, וואו ער איז אַ טעטיקער מיטגליד. ער איז אויך דער רעדאַקטאָר פון דער ווירטיקער טאָג־ציייטונג "גאַזעטאַ וויבאָרטשאַ". זיין יידישקייט זעט זיך ווייניק אַרויס. אַפילו שוין נאָך דעם ווי ער האָט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק באַקומען דעם "שופר־אַוואָרד" אין דער ניו־יאָרקער "סענטראַל־סינאַגאָג". פאַר דעם פּרעזידענט, לעך וואַלענסאַ, סימבאָליזירט אָבער אַדאַם מיכניק דעם יידישן אַלוועלטלעכן איינפלוס, מיט וועמען דאָס היינטיקע עקאָנאָמיש־געשלאָגענע פוילן וויל וואָס בעסער אַדורכקומען.

ווי עס זאָל נישט זיין: צי עס דאָמינירן דאָ פּאָליטיש־עקאָנאָמישע מאָטיוון אין דעם מחילה־בעטן פון דעם פוילישן פּרעזידענט אין דער כנסת, אָדער זיין רעדע האָט טאַקע אין זיך אַ הרהור תשובה אין נאָמען פון פוילישן פאָלק לגבי די עוולות קעגן יידן אין אַמאָליקן פוילן, מוזן מיר זיין רעדע אין דער כנסת אויפנעמען מיט דער פולער ערנסטקייט.

אין דעם איזאָלאַציע־רינג, אין וועלכער ישראל געפינט זיך היינט אין דער וועלט, טאָרן מיר נישט פאַרוואַרפן יעדע אויסגעשטרעקטע האַנט פון פריינטשאַפט, וואָס קען ברעכן אָט די רינג און העלפן ישראל, אַפילו ווען אונזער פאָלקס־חשבון מיט מדינת פוילן בלייבט נאָך אַלץ אָפן.

# שפּעקולאַטיווע פּראָגנאָזן
# פאַרן יאָר 1996

דאָס אַלטע פאָלקס־ווערטל, אַז "הצלחה האָט אַ סך טאַטעס; מפּלות זיינען נעבעך יתומים", האָט זיך דאָ, אין אַמעריקע, באַשטעטיקט מיטן זיג פון ביל קלינטאָן אין די וואַלן אַלס צוקונפטיקער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

אומעטום, סיי ביי אונז אין לאַנד, און סיי אין אויסלאַנד, ווערט ביל קלינטאָן אַרויסגעהויבן אַלס דער פּראָטאָטיפּ פון דעם "שטאָלצן ריטער", וועלכער האָט געפאַנגען דאָס האַרץ פון מיליאָנען מענטשן אין אַמעריקע, וועלכע האָבן אים אויסגעקליבן אַלס זייער "אַפּאָלאָ", און בויגן זיך גנעדיק אַז ער זאָל הערשן איבער זיי...

זיין הצלחה איז אָבער נישט געבליבן שטעקן בלויז אין אַמעריקע, נאָר האָט זיך אויך אַריבערגעטראָגן אין אַנדערע לענדער, און, פאַרשטייט זיך, אויך קיין ישראל, וואו מען שטייט מיט אומגעדולד צו זען, הערן און נאָכצומאַכן וואָס מ'טוט ביי דעם "רייכן פעטער", וואָס נאָך אַלע זיינע ירידות, זייענדיק אַ מטופּל מיט פיל־ביליאָניקע חובות, פירט ער נאָך אַלץ שטאַט, אַלס דער גביר פון דער צאָלרייכער פעלקער־משפּחה, צו וועמען מ'וועט נאָך אַמאָל אפשר דאַרפן אָנקומען, עס זאָל צו קיין גנאי נישט זיין, נאָך אַ גמילות־חסד הלוואה'לע...

ביל קלינטאָן איז געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער און "מאָדיש" ביי אַלע פּאָליטישנס און מלוכה־מענער, וועלכע זיינען "אַ קאַפּיטשקע מעוברת" פאַר די וואַלן, און וואַרטן אויף דער מזל'דיקער שעה, ווען זיי וועלן אַרויסקומען ווי אַ ניי־געבוירן קינד אין דער ברייטער ענפנטלעכקייט און ברענגען גליק און פּראָספּעריטי פאַר די אַלע וועלכע האָבן זיי צוגעהאָלפן קומען אויף דער וועלט.

זיכער וועלן קומען נאָך אַנדערע. דערווייל, אָבער, איז דער ערשטער וועלכער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן קלינטאָן־וואָגן אין ישראל און קלאַפּט זיך אין דער ברוסט אַריין: "אני שלמה!", אַז ער איז דער אמתער ישראלדיקער "ביל קלינטאָן", איז – דער יונגער, כאַריזמאַטישער בנימין (ביבי) נתניהו, געוועזענער ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין דער יר־ען און וויצע אויסערן־מיניסטער אין דער רעגירונג פון יצחק שמיר.

דער שעף־רעדאַקטאָר פון "אַלגעמיינעם זשורנאַל", גרשון יעקבסאָן, ווידמעט נתניהון אַ לייט־אַרטיקל אין דער צייטונג, אינעם נומער פון 21־סטן נאָוועמבער, 1992 וואו ער שרייבט:

״די ענלעכקייט צווישן ביבי נתניהו או ביל קלינטאָן איז נישט בלויז אין יאָרן.ביידע זיינען יונג, דינאַמיש און זיינען מאָטיווירט פון פאָרשלאָגן פאַר אַן ענדערונג צום ביז־איצטיקן מצב. נתניהו זאָגט, אַז ער וועט געבן דעם יידישן פאָלק אין ישראל גענוי דאָס וואָס ביל קלינטאָן האָט אָנגעבאָטן דעם אַמעריקאַנער פאָלק – אַן ענדערונג אין דער עקאָנאָמישער לאַגע, אַ סוף צו דער אַרבעטסלאָזיקייט, און אַ שאַנס פאַר מענטשן וועלכע ווילן אַרבעטן, צו לעבן אין פראָספעריטי און מיט אַ צוקונפט וועלכע זאָל האָבן אַ זין״.

״ביבי נתניהו האַלט, אַז מ׳דאַרף נישט זוכן קיין אַנדער פרעמיער־מיניסטער; אַז ער איז זייער ענלעך, מיט זיינע פראָגראַמען און פילאָזאָפיע, ווי אויך מיט זיין פערזענלעכן אויסדרוק און עלטער, צו ביל קלינטאָן״.

איז אָבער אינטערעסאַנט, אַז גראַדע אין ישראל, ביי די כנסת־וואַלן אין יוני, האָט די ״עבודה״, מיט יצחק ראַבין בראש, אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן נצחון און איז געקומען צו דער מאַכט מיט די זעלבע לאָזונגען, געדאַנקען און אידייען, מיט וועלכע ביל קלינטאָן האָט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון ביי די וואַלן אין אַמעריקע.

רעדאַקטאָר גרשון יעקבסאָן פאַררופט זיך אַפילו אויף פרעזידענט בוש, וועלכער האָט אים געזאָגט: ״יצחק ראַבין איז זייער ענלעך צו ביל קלינטאָן מיט זיין אידעאָלאָגיע, פאָליטישן געדאַנקענגאַנג און מיט זיין וואַל־קאַמפּעין״.

איצט קומט בנימין נתניהו און וויל ״אַנעקסירן״ די זעלבע געדאַנקען, לאָזונגען און אידייען, מיט וועלכע קלינטאָן און ראַבין האָבן אָפּגעהאַלטן זייערע נצחונות ביי די וואַלן אין אַמעריקע און אין ישראל.

ס׳איז אַ פאַקט: ביל קלינטאָן האָט באַקומען דעם מאַנדאַט פון די בירגער אין אַמעריקע, אַרויסצושלעפּן דאָס לאַנד פון דעם עקאָנאָמישן, ווירטשאַפטלעכן און פסיכאָלאָגישן קריזיס, מיט וועלכן בוש און זיין אַדמיניסטראַציע זיינען געווען איינגעווייקט פיר יאָר. אויך יצחק ראַבין האָט באַקומען דעם מאַנדאַט און דעם צוטרוי פון די בירגער אין ישראל צו ענדערן דעם ביוראָקראַטישן ווירוואַר און די פּאָליטישע סטאַגנאַציע, מיט וועלכע דאָס לאַנד האָט זיך געטונקען במשך גאַנצע 15 יאָר פון דער ליכוד־הערשאַפט. די ישראל־בירגער האָבן געלייגט דעם הויפּט־געוויכט אויף ראַבינען טאַקע צו קומען מיט נייע אידייען און געדאַנקען אינעם פּאָליטישן סטאַטוס־קוואָ פון דעם ישראל־אַראַבישן קריזיס, וועלכער איז עלול זיך ״אויסצובריי־טערן״ צו אַ פאַרמעסט, מיט אַלע זיינע שרעקלעכע און טרויעריקע קאָנסעקווענצן, אַפילו מיט אַ יידישן ״נצחון״...

בעת די שורות ווערן געשריבן וואַרט מען איצט אויף דער באַנייאונג פון די אינטענסיווע ישראל־אַראַבישע פאַרהאַנדלונגען, וועלכע דאַרפן זיך ווידער דערפענען אין מאָנאַט דעצעמבער, אין וואַשינגטאָן. די אַזוי־גערופענע ״אַכטע רונדע״. די ביז־איצטיקע זיבן רונדעס אין פאַרשידענע שטעט פון אייראָפּע און אין וואַשינגטאָן האָבן דערווייל נישט געבראַכט קיין ממשות׳דיקע רעזולטאַטן.

כאָטש ס׳איז קלאָר פאַר די אַראַבער, אַז ישראל איז נוטה איינצוגיין אויף געוויסע טעריטאָריעלע פשרות אין די גולן־הייכן, און אויף זעלבסט־פאַרוואַלטונגס אויטאָנאָמיע אין יהודה און שומרון, וואַרפן די אַראַבער דערווייל אָפּביידע קאָמפּראָמיס־פאָרשלאַגן פון דער ראַבין־רעגירונג.

ס׳איז אָבער אַ פאַקט: אונטער די ווייטגייענדע פאָרשלאַגן פון דער ראַבין־רעגירונג צו די אַראַבער, שטייט דער רוב מנין פון דער ישראל־באַפעלקערונג, אַריינגערעכנט אויך די אָרטאָדאָקסישע פאַרטייען און גרופּן, וועלכע זיינען דערווייל אין דרויסן פון דער ראַבין־רעגירונג.

אין דעם פאַל זיינען פאַראַן צוויי עווענטואַליטעטן:

1) די אַראַבער וועלן דאָך קומען צום שכל און מסכים זיין צו די פאָרשלאַגן פון דער ראַבין־רעגירונג, אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט נישט צו פאַרלירן די שאַנסן וועלכע ווערן זיי אָנגעבאָטן היינט, ווען ביים רודער אין ישראל שטייט אַ רעגירונג, מיט וועלכער מ׳קען רעדן תכלית און וועלכע איז ווילִיק איינצוגיין אויף געוויסע טעריטאָריעלע פשרות, אַפילו לטובת אַ ריזיקאַלישן שלום. (אינטערעסאַנט, אָט דעם שטאַנדפּונקט האָט אויך אַרויסגעבראַכט דער באַקאַנטער קאָלומניסט און פריינד פון ישראל, וויליאַם סאַפייער, אין דער ״ניו־יאָרק טיימס״, נאָוועמבער 19, 1992).

2) עס וועט זיך איבערחזרן דער אַלטער יידיש־מצרישער גערעאַנגל פון ״ויכבד ה׳ את לב פרעה״, און דער דיקטאַטאָר פון סיריע, כאַפעז אַסאַד, צוזאַמען מיט די פאַלעסטינער און אַנדערע אַראַבישע לענדער, וועלן זיך איינעקשענען, אַז זיי ווילן אָדער אַלץ אָדער גאָרנישט. דאַן וועט ישראל, מיט יצחק ראַבין אין שפּיץ, געווינען דעם פאָליטישן קאָנצענזוס פון אַמעריקע און פון דער וועלט־עפנטלעכקייט, אַז נישט ישראל, נאָר די אַראַבער זיינען שולדיק אין די סכנות׳דיקע ווינטן, וועלכע בלאָזן אין מיטעלן מזרח.

עס זעט זיך נישט פאַר, אַז די צוקונפטיקע קלינטאָן־אַדמיניסטראַציע זאָל וועלן אויסאיבן אַ דרוק אויף ישראל, וועלכע האָט געוואונען דעם צוטרוי פון דער אַמעריקאַנער עפנטלעכער מיינונג אַדאַנק איר שטאַטסמענערישער, פּראַגמאַטישער שטעלונג לגבי דעם ישראל־אַראַבישן קאָנפליקט; אַז די היינטיקע ראַבין־רעגירונג זאָל אַרויסרוקן מער קאָמפּראָמיס־פאָרשלאַגן ווי די

וועלכע זי לייגט־פאָר אין די פּנים־אל־פּנים קאָנפערענצן מיט די אַראַבישע לענדער.

אין דעם פאַל וועט די ראַבין־רעגירונג זיין אימשטאַנד צו אַ פולער "אויסלעבונג" פון איר פיר־יאָריקער קאַדענץ, מיט דער וואַרשיינלעכקייט פון איר אויסברייטערונג מיט די אַנדערע אָרטאָדאָקסישע גרופּן, וועלכע וועלן נישט קענען ביישטיין דעם יצר הרע נישט צו קענען געניסן פון די פעטע רעגירונגס־בודזשעטן פאַר ישיבות, כוללים און אַנדערע רעליגיעזע הצטרכותן.

דאָס וועט, וואַרשיינלעך, אויך געבן דער ראַבין־רעגירונג די פולע אונטערשטיצונג פון דעם גרויסן רוב מנין ובנין פון דער ישראל־באַפעלקערונג, ממשיך צו זיין אויך אין 1996 דעם וועג פון קאָנסאָלידאַציע, אַנשטאָט קאָנפראָנטאַציע מיט אַראַבער.

צי וועלן די אַראַבער מסכים זיין, ביז 1996, צו דער אויסגעשטרעקטער ראַבין־האַנט פון קאָנסאָלידאַציע? שווער צו ענטפערן פּאָזיטיוו אויף דער דאָזיקער פראַגע, נעמענדיק אין אַכט די אינטיפאַדאַ און די טעראָר־אַקטן פון די אַראַבער היינט־צו־טאָג.

דעריבער, לאָמיר זיך דאָ אויך פאַררופן אויף דעם קאָמפּעטענטן זשורנאַליסט וויליאַם סאַפייער, וועלכער שרייבט טאַקע אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל פון נאָוועמבער 19, אין דער "ניו־יאָרק טיימס": "די צייט אַרבעט נישט פאַר די אַראַבער. אויב די אַראַבער וועלן אַדורכלאָזן די געלעגנהייט און נישט אָננעמען די אויסגעשטרעקטע האַנט פון ראַבינס קאָמפּראָמיסן, קענען זיי שטיין פאַר אַ סיטואַציע, אַז זיי וועלן קיינמאָל נישט דערגרייכן זייער צילן, ווייל אויף ראַבינס אָרט קען קומען אַזאַ יונגער עקסטרעמיסט ווי בנימין נתניהו".

לאָמיר האָפן, אַז די אַראַבער, אָנגעלערנט פון זייער דערפאַרונג אַז זיי האָבן שוין אַ סך מאָל פאַרפאַסט די געלעגנהייט פון ישראלס אויסגעשטרעקטער האַנט פאַר שלום – און פאַרשפּילט, וועלן דאָס מאָל האַנדלען מיט מער לאָגיק און שׂכל.

פון בנימין נתניהו'ס נישט־אויסגענוצטן שאַנס צו ווערן פרעמיער פון ישראל, קען ישראל פיל־פיל מער געווינען.

**דעצעמבער, 1992**

# די הלכה און די אינטיפאַדאַ

אַ ידיעה אין די צייטונגען דערציילט, אַז ביי אַ סימפּאָזיום אין תל־אָביב צווישן הרב שלמה גורן, דער געוועזענער אשכנזישער הויפּט־רב פון ישראל, און פּראָפעסאָר אוריאל צבי רוזן פון תל־אָביב אוניווערזיטעט, האָט הרב גורן דערקלערט, אַז על־פּי הלכה מעג מען שיסן אויף יעדן, וואָס וואַרפט אַ שטיין אויף אַ ישראל־אויטאָ, ווייל אַזאַ שטיין־וואַרפער האָט אַ דין פון אַ "רודף" (איינער וואָס יאָגט נאָך אַ צוויטן אים אומצוברענגען).

קעגן דער דאָזיקער שטעלונג פון הרב גורן איז שאַרף אַרויסגעטראָטן פּראָפעסאָר אוריאל צבי רוזן, וועלכער האָט געזאָגט, אַז דאָס וואָס געשעט איצט אין ישראל איז אַ פאַרקרימונג און נישט אין גייסט פון דער עכטער געשטאַלט פון יידישקייט און הלכה. ער האָט דערביי געפרעגט הרב גורנ'ען, אַז אויב אַן אַראַביש אינגל וועט וואַרפן אַ שטיין, צי האָט ער אויך דעם דין פון אַ רודף? מעג מען אויך דערשיסן אַזאַ אינגל? דערויף האָט הרב גורן געענטפערט: לויט דער הלכה, ווען אַזאַ אינגל וואַרפט אַ שטיין, האָט ער עס געטאָן ווייל ער האָט געהערט וועגן דעם ביי זיין פאָטער אין הויז. אין אַזאַ פאַל דאַרף מען נעמען דעם אינגל'ס משפחה, אַרויספירן זיי אויף אַ העליקאָפּטער און אַוועקפירן אין דעם געביט פון דער היזבאַללאַ אין לבנון. דאָרט איז דאָס ריכטיקע אָרט פאַר אַזאַ משפחה.

אויף דער טענה פון פּראָפעסאָר צבי רוזן, אַז דער קאַמף קעגן דער אינטיפאַדאַ האָט געברענגט דערצו, אַז דאָס עכטע יידישקייט האָט טיילווייז פאַרלאָרן איר הומאַנישע ווערט, האָט הרב גורן געענטפערט, אַז דאָס באַקעמפן די אַראַבישע אינטיפאַדאַ איז פאַקטיש אַ מלחמת־מצוה מצד מדינת ישראל; ווייל ס'איז אַ מלחמה פאַרן יידישן קיום אין ישראל, און דאָס שיצן זיך קעגן אַראַבער איז אַ פראַגע פון פּיקוח־נפש פון יידן אין ישראל.

איך וויל נישט אַריינגיין אין דעם אויסגעברייטערטן וויכוח, וואָס הרב גורן האָט פּרובירט אַריינברענגען אויף דעם זעלבן סימפּאָזיום, מיט זיין קריטיק פון הרב עובדיה יוסף, דעם אָנגעזעענעם ספרדישן רב און אויך אַ געוועזענער רב הראשי פון ישראל, ווייל ער האָט געזאָגט פּרעזידענט כאָסני מובאַראַק'ן פון עגיפּטן, אַז צוליב פּיקוח־נפש מעג ישראל זיך אָפּזאָגן פון אַלע שטחים וואָס זי האָט באַפרייט אין די מלחמות מיט די אַראַבער.

הרב גורן האָט דערביי באַמערקט וועגן הרב עובדיה יוסף'ן און די אַנדערע רבנים, וועלכע שטיצן אים: "עס קען זיין, אַז זיי זיינען טאַקע גדולים אין הלכה, אָבער בלויז אויף געוויסע געביטן. אין דער פראַגע פון ארץ־ישראל פאַרשטייען זיי נישט דעם ענין ווי געהעריק. דערפאַר איז זייער פּסק־הלכה

וועגן אָפּגעבן ישראל־טעריטאָריע צוליב דער פראַגע פון שלום און פּיקוח־נפש נישט אָנגעמבאַר".

ווי געזאָגט, וויל איך נישט אַריינגיין אין דעם וויכוח, וואָס קומט־פאָר לעצטנס צווישן פאַרשידענע גדולי ישראל מיט זייערע אינטערפּרעטאַציעס און אויסטייטשונגען פון דער הלכה, סיי די ווי הרב ר' אלעזר מנחם מן שך אָדער הרב עובדיה יוסף, וועלכע האַלטן, אַז צוליב שלום און פּיקוח־נפש דאַרף מען, און מען מעג, אָפּגעבן געוויסע טעריטאָריעס פון ישראל, און סיי אַנדערע – למען האמת אַ גרויסער טייל – גדולי ישראל, וועלכע האַלטן, אַז לויט דער הלכה איז פאַרבאָטן אָפּצוגעבן וועלכע עס איז שטחים אָדער טעריטאָריעס פון ארץ־ישראל.

מיר רעדן אָבער וועגן דער אינטיפאַדאַ אין דעם פאָרגעקומענעם וויכוח צווישן הרב גורן און פּראָפעסאָר צבי רוזן, וואָס לויט דעם פּסק־הלכה פון הרב גורן מעג מען שיסן יעדן איינעם, וואָס וואַרפט אַ שטיין אויף אַ ישראל־אויטאָ.

ווילט זיך דאָ פרעגן מיט דער פולער האַרבקייט: פאַר וועמען זיינען נויטיק די עפנטלעכע סימפּאָזיומס און די וויכוחים צי לויט דער הלכה מעג מען יאָ אָדער נישט שיסן יעדן איינעם, וועלכער וואַרפט אַ שטיין אויף מענטשן אָדער אַן אויטאָ? צי דער אָפּוועהר־קאַמף, וועלכן עס פירט צה"ל קעגן די שטיינער־וואַרפער און צינד־באָמבעס, וועלכע זיינען דאָך אין געוויסע פאַלן ווי טויטלעכער וואָפן־מאַטעריאַל, איז צי דאַרפן טאַקע די יידן ערשט האָבן אַ פּסק־הלכה צו מעגן שיסן אין קאַמף קעגן זיי? פאַר וועמען איז נויטיק דער דין, אַז מען "מעג" שיסן? פאַר די יידן? די אַראַבער? אָדער אפשר גאָר פאַר דער מידיאַ, וועלכע זאָל זיך קענען צעשרייבן ווי בלוטדורשטיק די יידישע רעליגיע איז, אַז זי האַלט, אַז מען מעג שיסן אויף מינדעריעריקע קינדער וואָס וואַרפן שטיינער... איז פאַר וועמען זיינען נויטיק אָט די עפנטלעכע סימפּאָזיומס, וויכוחים און דיסקוסיעס צי דער קאַמף קעגן דער אינטיפאַדאַ איז אַ מלחמת־מצוה ווי עס האַלט הרב גורן, אָדער ווי עס מיינט פּראָפעסאָר אוריאל צבי רוזן, און ער איז זיכער נישט דער איינציקער אין ישראל וואָס האַלט אַזוי, אַז דער יידישער קאַמף קעגן דער אינטיפאַדאַ איז גורם צו אַ פאַרקרימונג פון דער עכטער געשטאַלט פון מאָראַל און יידישקייט.

צי פאַרשטייען נישט אָט די רבנים און פּראָפעסאָרן, אַז דאָס דורכפירן עפנטלעכע סימפּאָזיומס און וויכוחים, מיט אַריינשלעפּן הלכה־מאָטיוון אין אַזאַ עלעמענטאַרן געזעץ פון נישט לאָזן זיך טויטן "אַפילו" פון שטיינער, געוואָרפן פון "בלויז" מינדעריעריקע קינדער, שפּילט אַריין אין די הענט פון אונזערע שונאים, אַריינגערעכנט אונזערע "גוטע" פריינד פון דער גויאישער עפנטלעכער מיינונג?

די אינטיפאַדאַ, וועלכע גייט שוין באַלד אַריין אין איר צווייט־יאָריקער עקזיסטענץ,* איז אַן אומגליק פאַר ישראל און פאָדערט אַן אומגעהויערן פאַראייניקטן און ציל־באַוואוסטן קאַמף פון אַלע שיכטן און קרייזן פון דער ישראל־באַפעלקערונג, און נישט קיין שטורמישע אָדער אַפילו אַקאַדעמישע סימפּאָזיומס מיט חקירה׳דיקע באַטראַכטונגען צי דער קאַמף קעגן דער אינטיפאַדאַ איז אַ "מלחמת מצוה", אָדער "גלאַט אַזוי אַ מלחמה".

דאָס אַרויסברענגען פאַרהייליקטע הלכה־מאָטיוון בכדי צו באַרעכטיקן אַ שטאַרקע האַנט קעגן דעם אויפשטאַנד, וועט נישט שוואַכער מאַכן די אינטיפאַדאַ.

צה"ל און זיין שטאַרקער מאַן, דער פאַרטיידיקונגס־מיניסטער יצחק ראַבין, וועלכער פירט־אָן דעם קאַמף קעגן דער אינטיפאַדאַ שוין קנאַפּע צוויי יאָר, נויטיקט זיך נישט אין קיין הלכה׳דיקער באַרעכטיקונג בכדי צוריקצושטעלן דאָס לאַנד אין אַ רואיקן צושטאַנד.

אויב די רעזולטאַטן זיינען נישט ווי מיר וואָלטן געוואָלט, זיינען פאַראַן אַ רייע אויסנאַמלעכע קריטישע סיבות, צוליב וועלכע דער מצב איז אַזעלכער און נישט קיין אַנדערער. צו באַזייטיקן אָט די סיבות און געבן "צו פאַרשטיין" די אַראַבער, אַז די אינטיפאַדאַ וועט זיי נישט ברענגען צו זייער געגאַרטן ציל, צו פאַרטרייבן די יידן פון יהודה און שומרון, וועט מען נישט דורך אַרויסברענגען פאַר דער גויאישער און אַראַבישער וועלט אונזער אינערלעכע צעשפּליטערונג און שטאַנדהאַפטיקייט דורך אַ צווייפל, צי ווען אַ שטיין אָדער אַ מאָלאָטאָוו־קאָקטעיל פליט אויף אונזערע קעפּ, דאַרף מען ערשט קריגן אַ פּסק־הלכה צוריק־צו־שלאָגן.

האָבן מיר נאָך ווייניק "נחת" געהאַט ביי דעם קאָנטראָווערסאַלן "מיהו־יהודי" געזעץ און די קריגערייען אַרום זיין אויסטייטשונג פון יאָ אָדער נישט על־פּי הלכה, אַז אויך דאָ, ביי דער אינטיפאַדאַ, זאָל די הלכה זיין דער אבן נגף צו צעשפּליטערן אונזערע יידישן רייען?

## סעפּטעמבער, 1987

*) דער דאָזיקער אַרטיקל איז דערשינען,
אין "אַלגעמיינעם זשורנאַל", אין סעפּטעמבער 1987.

# ביטערע און פאַלשע פראגנאזן

### צו דער שאַפונג פון דער ראַבין רעגירונג אין ישראל, יולי 1992

"דער טאָג פון די לעצטע וואַלן אין ישראל וועט אַריין אין דער יידישער געשיכטע אַלס דער נצחון־טאָג פון די שונאים פון ישראל און פון יידישן פאָלק, און אַלס דער אָנהויב פון אַ נייעם חורבן פון יידישן פאָלק".

די ווערטער זיינען געשריבן מיט יידישע אותיות, שוואַרץ אויף ווייס, אין אַ יידישער צייטונג וועלכע איר האָט הנאה צו לייענען, און האַלט עס איצט אין אייער האַנט.

ווען אַ ישראל ייד וועט צופעליק, אָדער אפשר נישט צופעליק – ווייל מען וועט עס אים אונטערטראָגן צו לייענען און ווייזן, אַז מיט זיין שטימע דעם 23סטן יוני האָט ער צוגעווירקט עס זאָל קומען אַ נייער חורבן אויף דעם יידישן פאָלק – וועט ער זיכער פאַרקנייטשן דעם שטערן, עס נאָכאַמאָל איבערלייענען צו זיין זיכער אַז ער מאַכט נישט קיין טעות, און זיך פרעגן אין געדאַנק, אָדער אפשר גאָר אויפן קול: ווער איז דאָס דער שרייבער, דער ייד פון חוץ לארץ, וואָס האָט זיך גענומען דאָס רעכט צו זיין דער שוואַרצער און פאַלשער נביא אויפן חשבון פון אונזער אויסגעווייטיקט פאָלק וואָס האָט שוין אַדורכגעמאַכט אַזוי פיל אומגליקן און חורבנות און איצט, בלויז דערפאַר ווייל די יידן אין ישראל האָבן באַשלאָסן אויסצוטוישן אַ קאָרופטירטע רעגירונג וואָס האָט זיך פאַרמיאוסט ביים רוב פון פאָלק, אויף אַ באַוועגונג און אַ פרעמיער וואָס האָבן אויף זייער חשבון און קאָנטע, דעם אָרעאָל פון שטיין ביים ווינגעלע און זיין די פונדאַמענטן לייגער פון אונזער אויסגעטרוימטער און שפעטער אויסגעקעמפטער יידישער מלוכה? טאַקע מיט דעם העלד פון דער זעקס־טאָגיקער און אַנדערע מלחמות, דער באַפרייער פון ירושלים, יצחק ראַבין, וואָס צוזאַמען מיט זיינע חברים פון פלמ"ח און צה"ל זיינען זיי געווען די שורץ וואַנט וואָס האָבן מיט זייערע קערפערס נישט דערלאָזט עס זאָל קומען צו אַ דריטן חורבן.

איז צו באַשולדיקן זיי איצט אַז מיט זייער באַנייטן כוח, וואָס דאָס פאָלק אין ישראל האָט זיי אָנפאַרטרויט צו שטיין אין שפיץ פון אונזער אפווער און פאַרטיידיקונג, אַז אָט זיי זיינען עס די, וואָס זענען עלול צו ברענגען אויף יידן אַ נייעם חורבן?... שומו שמים, ווי קומט עס אַז אין אַ יידישן מוח זאָל זיך פאַרוואַלגערן אַזאַ אַבסורד!

אַוודאַי האָט יעדער ייד, צי ער וואוינט אין ישראל אָדער ער וואוינט אין ניו־יאָרק, דאָס רעכט, אויב ער מיינט עס באמת, צו זיין באַאומרואיקט און באַזאָרגט וועגן דער זיכערקייט און גורל פון ישראל אין אַלע צייטן און ביי

אַלע רעגירונגען, סיי פון מערך, סיי פון ליכוד, וועלכע זיינען געווען און וועלן נאָך זיין אין דער צוקונפט.

צו שרייבן אָבער, אַז די נייע דעמאָקראַטיש־אויסגעוויילטע ישראל רעגירונג מיט יצחק ראַבין בראש, איז אַ "יודענראַט" רעגירונג! (פאַר די וועלכע זענען אפשר נישט באַקאַנט: די "יודענראַטן" זיינען געווען דורך די דייטשן געשאַפענע קאָמיטעטן פון יידן, וואָס האָבן געדאַרפט צוהעלפן און קאָלאַבאָרירן מיט די דייטשן, אויסצוראָטן די יידן. אַזאַ איז די ראַבין רעגירונג, לויט דער "קאָנצעפּציע" און "אויפפאַסונג" פון די שרייבערין אין "אַלגעמיינעם זשורנאַל", יולי 10, 1992). באַשפּרענגלט מיט נאָך אַזעלכע "פּערל", ווי "5־טע קאָלאָנע לייבאָריסטן", "פּאַררעטערישע גענעראַלן", און נאָך אַזעלכע עפּיטעטן אויפן חשבון פון די, וועלכע שטייען היינט, און וועלן האָפענטליך נאָך שטיין לאַנגע יאָרן אויף די בכבוד'יגסטע ערטער אין דער אָנפירונג פון דער יידישער מלוכה – איז לויט מיין מיינונג, אַ מיסברויך מיט דער דעמאָקראַטישער פרייהייט פון וואָרט, וועלכע אונזער רעדאַקטאָר ר' גרשון יעקבסאָן "פונדעוועט" אַזוי ברייטהאַרציק די שפּאַלטן פון דער צייטונג פאַר אירע מיטאַרבעטער.

"פּאַררעטערישע" עפּיטעטן אויפן חשבון פון קעגנערישע פּאַרטייען און ריכטונגען, איז געווען דער סלאָגאַן און סינאָנים פון דער אַמאָליקער קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע קעגן זייערע קעגנער אין דער אַרבעטער באַוועגונג. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און אַנדערע אַרבעטער פּאַרטייען, זיינען דורך די קאָמוניסטן נישט אַנדערש באַצייכנט געוואָרן ווי "פּאַררעטער" פון דער אַרבעטער באַוועגונג, אַרבעטער אינטערעסן און גלאַט אַזוי פּאַררעטער... די קאָנצעפּציע פון דער ליגנעריש־קאָמוניסטישער באַצייכענונג פון "פּאַרראַט" לגבי פרייהייטלעכע דעמאָקראַטישע באַוועגונגען, וואַלגערט זיך היינט אויפן מיסט־קאַסטן פון דער געשיכטע.

צי האָבן די אַמעריקאַנער פריינד פון דער אַמאָליקער שמיר רעגירונג נישט מורא אויפצוהויבן פון דער בלאָטע דעם סלאָגאַן פון "פּאַרראַט" לגבי הויכראַנגיקע צה"ל קאָמאַנדירן, ווי יצחק ראַבין, מאָטאַ גור, חיים בר־לב, עוזי נאַרקיס און אַ גאַנצע ריי מפא"י אָפיצירן, ווען פריער אָדער שפּעטער, קען זיי די געשיכטע צונויפפּאָרן מיט דער "נעטער" געזעלשאַפט פון זייערע פּאָרגייער, וואָס האָבן באַנוצט דעם זעלבן וואַפן לגבי זייערע קאָמוניסטישע קעגנער?

ס'איז אָן שום ספק, אַז דעם 23סטן יוני, 1992, איז אין ישראל, פּאָרגעקומען אַ היסטאָרישער ווענדפּונקט אין דעם געראַנגל אינערהאַלב דער ישראל געזעלשאַפט אויפצונעמען די גורל פּראָבלעמען פאַר וועלכע די מדינה איז געשטעלט געוואָרן די לעצטע 15 יאָר פון דער ליכוד הערשאַפט. אין דער

ערשטער ריי די גרויסע מאַסן עליה וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דעם פאַלן פון דער קאָמוניסטישער אימפּעריע אין רוסלאַנד און דאָס דראַסטישע אָפּשטעלן זיך פון דער עליה די לעצטע צייט; ישראלס ווירטשאַפטלעכער עקאָנאָמישער צושטאַנד, וואָס איז געוואָרן ערגער און ערגער און די גלייכגילטיקייט פון דער שמיר רעגירונג צו פּרובירן און קענען לייזן אָט די פּראָבלעמען; דאָס אינטענסיווע אויפשטעלן נייע ישובים אין יהודה און שומרון וואס האָט געבראַכט צום אָפּזאָג פון דער 10 מיליאָן דאָלאַרדיקער גאַראַנטיע און די פאַרערגערטע פּאָליטישע באַציאונגען צווישן ישראל און אַמעריקע.

די שמיר רעגירונג האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיט אָט די פּראָבלעמען. זי האָט געהאַט אַנדערע "אינערלעכע פּראָבלעמען" אויסצוגלייכן, ווי אַ שטייגער, צו מאַנעווירן, אַז די מיניסטאָרן וואָס האָבן פּרעטענדירט אויף שמירס פּאַטעל, זאָלן דערווייל אויספּאָלגן שמירס דעוויז פון שב ועל תעשה, און וואַרטן אויף בעסערע צייטן צו דערגרייכן זייערע אַמביציעס...

די רעגירונג אַלס אַזעלכע אָבער, איז געווען בלינד און טויב צו די דרינגענדע און ברענענדע פראַגן און קריזיסן פון לאַנד, סיי אויפן ווירטשאַפטלעך־עקאָנאָמישן פראָנט, סיי אויפן פּאָליטיש־אויסערלעכן פראָנט. דאָס אַלץ האָט צוגעווירקט דערצו, אַז "די שמיר רעגירונג האָט נאָך 15 יאָר הערשאַפט זיך פּשוט פאַרמיאוסט ביים גרויסן רוב פון דער ישראל באַפעלקערונג". (די ציטאַטע גענומען ביים גוט אינפאָרמירטן ישראל קאָרעספּאָנדענט, נפתלי קראוס).

אויך אונזער באַקאַנטער קאָלומינסט פון "אַלגעמיינעם זשורנאַל", שלמה שמיר, וועלכער האָט געהאַט די געלעגנהייט צו זיין בעת די ישראל וואַלן אין לאַנד, ברענגט אַרויס אין זיין אַרטיקל דעם 3טן יולי 1992, אונטערן קעפּל "דער זיג פון לאָגיק", דעם געדאַנק: "קלוגשאַפט און פּראַגמאַטיזם האָבן געווירקט און געשפּילט אַ ראָלע אויפן שיקול הדעת פון די וויילער, אַפילו פון די וואָס האָבן אַלע מאָל געשטימט פאַרן ליכוד און דאָס מאָל געשטימט פאַרן מערך".

טאָ איז מה רעש, פריינד פערגאַמענט, און ראָזענוויין? פאַרוואָס אַזאַ געוויין און געיאָמער, מיט סטראַשען אויף שוואַרצע טעג און שוואַרצע נעכט, מיט פּראַגנאָזן אויף חורבנות און אומגליקן אויף עם ישראל און כלל ישראל ווייל די ישראל וויילער האָבן אויסגעטוישט אַ קאָרופּטירטע רעגירונג וואָס איז 15 יאָר געווען צו לאַנג ביי דער מאַכט, אויף אַן אַרבעטער און מערך רעגירונג, וואָס וועט האָפנטלעך אַריינברענגען אַ ביסל אָרדענונג און סאנירן

דעם ווירטשאַפטלעך קלאָגעדיקן מצב אין לאַנד און צו ווירקן אויף בעסערע באַציאונגען מיט אונזערע שכנים?

דער גרויסער רוב פון דעם עם היושב בציון, האָבן דעם פולן צוטרוי, אַז אונזער האַרטנעקיקער סאָלדאַט יצחק ראַבין, און אַפילו דער "נאָכגיביקער", אָבער קלוגער דיפּלאָמאַט שמעון פּערעס, וועלן אָפּהיטן און נישט דערלאָזן פאַר׳סחר׳ן די גאַנצקייט און זיכערקייט פון לאַנד, אַפילו אַז מען וועט מוזן מאַכן געוויסע נויטווענדיקע קאָנצעסיעס פאַר די אַראַבער, האָבנדיק פאַרן אויג, נישט צו דערלאָזן מער קיין "זיגרייכע" מלחמות אין אונזער לעבנס־שפּאַן.

יצחק ראַבין האָט געשאַפן אַ קאָאַליציע רעגירונג מיט דער אָרטאָדאָקסישער ש״ס פּאַרטיי און מיט דער לינקיסטישער מר״ץ גרופּע. דאָס שווערט טאַקע אַראָפּ די רעגירונגס־שיף, צו שווימען געבויגן מער, אויף דער לינקער זייט. ראַבין באַמיט זיך צו באַלאַנסירן דעם גאַנג פון דער "שיף", מיט אַריינברענגען אין זיין קאָאַליציע די עקסטרעם רעכטע "צומת" גרופּע מיט אירע 8 כנסת מיטגלידער. דאָס וועט אָבער זיין אַ שווערער פּראָצעס; ס׳איז כמעט ווי אַ פאַראייניקונג פון פייער מיט וואַסער. אויב דאָס וועט ראַבינען געלינגען, וועלן מיר מיט זיכערקייט קענען זאָגן, אַז מיר לעבן טאַקע אין משיחס צייטן...

מיר קענען אָבער פאַרזיכערן אונזערע ליובאַוויטשער פריינד, די פּראָקלאַמירער פון "משיח נאַו", אַז טאָמער וועט משיח קומען אין יצחק ראַבינס צייטן, וועט זיכער יצחק ראַבין אים אָפּגעבן זיין פּרעמיערשאַפט שטול, און זאָל משיח לייזן אונזערע אַלע יידישע און אויך גויאישע פּראָבלעמען.

אָבער ביז וואַנען און ווען, פריינד פּערגאַמענט און ראָזענוויין, צינדט נישט אָן קיין שוואַרצע ליכט, וואַרפט נישט אָן קיין מרה שחורה, סטראַשעט נישט מיט חורבנות און אומגליקן אויף יידן, פאַרגינט זיי די געווינער, אויף דער תל־אָביבער ירקון גאַס 110, זייער פרייד און יובל צום זיג פון פאָלק, דורך אויסטוישן אַ נישט באַליבטע סטאַטוס־קוואָ רעגירונג, אויף אַ דינאַמיש ווירקענדע פאָלקס־רעגירונג פון מערך־עבודה.

ושלום על ישראל.

**אויגוסט, 1992**

# אַ בר מצוה מיט אַ יידישן טעם

אַ בר מצוה אין אַ יידישער היים איז אַלע מאָל איינע פון די שענסטע ימים טובים פאַר טאַטע־מאַמע, נאָענטע משפחה, פריינד, און פאַרשטייט זיך, פאַר דעם בר מצוה בחור אַליין, וואָס אין זיין נאָמען איז די שמחה געמאַכט. פאַר דעם בר מצוה בחור האָט דער יום טוב געהאַט נאָך אַ גרעסערע באַדייטונג – סוף כל סוף, איז ער דאָך ערשט נעכטן געווען אַ קינד, אַ אינגל, אָבער היינט איז ער דאָך שוין אַ בחור מיט פליכטן פון מצוות, לייגן תפילין, געוואָרן אַ מיוחס, וואָס מען קען אים שוין צורעכענען צו אַ מנין; ער איז אויסגעוואַקסן מיט איין מאָל פון אַ קליין יידעלע צו אַ גרויסן ייד מיט אַלע פליכטן.

אַריינצוקומען אין אָט דער מיוחס׳דיקער געזעלשאַפט פון די "גרויסע", דאַרף מען באַווייזן אַז מען איז ראוי דערצו, מען באַדאַרף באַלייגן "אַן עקזאַמען" דורך אַ געהעריגע דרשה, פשט׳ל, פלפול ווייזן, אַז ער האָט נישט גע׳פטר׳ט די יינגלישע יאָרן אומזיסט, נאָר געלערנט, זיך צוגעגרייט, און פאַר אַן עולם פון געסט, פריינד, משפחה, און פאַרשטייט זיך פאַר טאַטע־מאַמע, געבן די געלעגנהייט איינצוקאָסירן די ערשטע פאָרציע נחת פון דערציען אַ קינד צו ג־ט און לייט.

אַ געלעגנהייט אָנטייל צו נעמען אין אַ שמחה פון אַזאַ פאַרנעם, האָבן מיר געהאַט דינסטיק, דעם 18טן יוני, ווען מיר זיינען געווען אויף דער בר מצוה פון יוסף יצחק יעקבסאָן, דער יינגסטער זון פון גרשון און צביה יעקבסאָן, וואָס האָבן ברייט געעפנט די טירן צו זייער שמחה, אַ חוץ פאַר דער נאָענטער משפחה, אויך פאַר דער משפחה פון שרייבער, זשורנאַליסטן, מיטאַרבעטער פון "אַלגעמיינעם זשורנאַל" מיט וועמען גרשון יעקבסאָן האָט טאָג טעגלעכע קאָנטאַקטן.

אָבער אַחוץ אָט די מענטשן, האָבן די יעקבסאָנס נישט פאַרזען צו האָבן אַרום זיך אויף דער שמחה, אַ קרייז פון שענסטן און בעסטן וואָס דאָס געזעלשאַפטלעכע קולטורעלע אידנטום אין ניו־יאָרק האָט היינט־צו־טאָג. פאַרשטייט זיך, אַז כ׳וועל זיך נישט אַריינלאָזן אויף דעם גליטשיקן וועג פון אַרויסהויבן נעמען, אָבער דער קרייז נעמט אַרום חשובע רבנים פון אַלערליי באַוועגונגען, פראָפעסאָרן, באַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע קולטור טוער פון אַ פאַרשידנאַרטיקן רעליגיעזן געזעלשאַפטלעכן פאַרנעם, וואָס האָבן זיך פריינדלעך אויסגעמישט מיט וועלטלעכע קולטור יידן, וואָס צי זיי דאַווענען נוסח אשכנז, אָדער נוסח ספרד, נוסח יידיש דאַוונען זיי זיכער...

אַגב וועגן יידיש, איז געווען אַ דערמוטיגונג פאַר די חובבי שפת יידיש צו הערן, ווי דער חנ׳עוודיקער, 13 יעריגער און ביז גאָר סימפּאַטישער בר מצוה

בחור, האָט זיך פריינדלעך אונטערהאַלטן מיט די געסט אין אַ געשמאַקן יידיש, און דער טאַטע זיינער, ר׳ גרשון, האָט זיך אַפילו געגרויסט פאַר איינעם פון די געסט, אַז דער זון זיינער, דער בר מצוה בחור, האָט געלייענט אַ מאמר פון דעם גאַסט אין דעם ״אַלגעמיינעם זשורנאַל״ און האָט דערפון זייער הנאה געהאַט.

יוסף יצחק׳ס דרשה בעת דער סעודה אין פלפול און דרוש, איז געווען אַ מייסטערווערק, וואָס אַפילו יידן למדנים האָבן אָפּטמאָל געמוזט פאַרקנייטשן דעם שטערן, צו קענען נאָכפאָלגן דעם תוכן און אינהאַלט. פאַרשטייט זיך, אַז ווען דער עולם האָט הנאה געהאַט אין משך פון די איבער 4 שעה פון זייער פאַרברענגען דאָרט, פון די געשמאַקע גשמיות׳דיקע מאכלים, וואָס דער קייטערער, עדי מערמעלשטיין, האָט מיט אַ ברייטער האַנט געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון די געסט, האָט אָבער דער עולם נישט באַנוגנט זיך בלויז מיט דעם ״עס״ פּראָגראַם, נאָר אינסטינקטיוו, ווי עס פּאַסט פאַר מענטשן וואָס רוחניות׳דיקע ענינים און גייסטיקע פּראָבלעמען זיינען אַ באַשטאַנד טייל פון זייער טאָג טעגלעך לעבן, טאַקע דאָ אויסגענוצט די געלעגנהייט פון זייער צוזאַמענטרעף מיט מענטשן, מיט וועמען מ׳קען זיך טיילן, אָדער זיין מחולק איבער די פּראָבלעמען און ספיקות וואָס שטייען היינט ברומו של עולם.

אָבער נישט בלויז וועגן די ״הייסע נייעסן״, וועלכע זיינען היינט די ״קעפּ״ פון די טעגלעכע צייטונגען האָט מען דיסקוטירט און פּרובירט קריגן אַן ענטפער, ווי אַ שטייגער אין אַ שמועס מיט אַ חשוב׳ן מיטגליד פון דער ישראל אַמבאַסאַדע, וועלכער איז געווען אַ גאַסט אויף דער בר מצוה, פון וועמען אייניגע האָבן געוואָלט דורכאויס וויסן צי די אַמעריקאַנער רעגירונג לייגט יאָ אָדער נישט, אַ דרוק אויף דער ישראל רעגירונג אַרויסצולאָזן די 750 שיאיטישע געפאַנגענע ביי זיך אין לאַנד...

אַ סך אַנדערע, אָבער, האָבן זיך אויסגעטאָן פון דער היינטיקער טאָג־טעגלעכער צייטיקייט און אַריבערגעטראָגן זיך גאָר צו דער שבתי צבי עפּאָכע און צו דער באַקאַנטער מחלוקת פון ר׳ יעקב עמדין, מיט ר׳ יונתן אייבשיץ... פון די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען דערוועגן האָט מען געקענט דערקענען די חריפות פון די מענטשן, און זייער בקיאות אין יענע עפּאָכעס פון אונזער געשיכטע, וואָס איז אויך נישט געווען אַלע מאָל, כולו קודש...

ווען ס׳איז געקומען צו דער סעודה, דאָ האָבן זיך שוין *ממש* גשמיות מיט רוחניות אויסגעמישט צוזאַמען. אַפילו לויט די שיחת חולין ביי די טישן, האָט איר געקענט דערקענען די תלמידי חכמים... ביי טייל טישן האָט געבליצט מיט תורה און חכמה, אַז ס׳האָט געדראָט אַ סכנה, אַז די טישן זאָלן זיך נישט אָנצינדן... מיט איין וואָרט, אַ בר מצוה מיט אַ סך ״פייער־ווערק״, אָבער מיט אַ יידישן טעם...

# איינדרוקן פון אַ זומער-סעמינאַר

שוין עטלעכע יאָר ווי דער "אַמעריקאַנער יידישער קאָנגרעס" אָרגאַניזירט אין די זומער־מאָנאַטן אין פאַרשידענע קאָלעדזשעס איבערן לאַנד, 2 אָדער 3 וואָכיקע סעמינאַרן פאַר עלטערע און מיטליעריקע מענער און פרויען, וואו קאָמפעטענטע פּראָפעסאָרן און לעקטאָרן גיבן לעקציעס איבער פאַרשידענע קעגנשטאַנדן ווי ליטעראַטור, הומאַניסטיק, פילאָזאָפיע און אַנדערע אינטערעסאַנטע טעמעס, צוגעפּאַסט פאַרן ניווא פון די וועלכע האָבן אין זייערע יינגערע יאָרן אַדורכגעמאַכט אַזעלכע קורסן אין די קאָלעדזשעס און באַקומען אַ דיגרי אין אָט די קעגנשטאַנדן. פאַר די טייל מענטשן זיינען די לעקציעס און קורסן אַ געוויסע דערמאָנונג און אָפּפרישונג וואָס איז ביז גאָר אינטערעסאַנט.

אָבער אויך פאַר די וואָס האָבן אין קאָלעדזש ניט געלערנט און אין פריוואַטן לעבן האָבן זיי אין זייער פערזענלעכער בילדונג קיין דיגרי אָדער אַטעסטאַט ניט דערגרייכט, זיינען די לעקציעס געגעבן געוואָרן אין אַ פּאָפּולערן און פאַרשטענדלעכן פאָרם, אַן אינטערעסאַנטער עקספּערימענט און אַ דערלערנונג, און אויסברייטערונג פון קעגנשטאַנדן און טעמעס מיט וועלכע זיי האָבן אין טאָג־טעגלעכן פריוואַטן און געזעלשאַפטלעכן לעבן זיכער געהאַט צו טאָן.

דאָס יאָר – 1984 – האָט דער "אַמעריקאַנער יידישער קאָנגרעס", צום ערשטן מאָל בשותפות מיט דעם אַרבעטער רינג, אַריינגעברענגט אַ נייעם טאָן אין אָט דער אַרבעט, ווייל ער האָט אַ צוויי־וואָכיקן סעמינאַר, פון 15טן ביזן 19טן יולי, געווידמעט 1) די יידישע שפּראַך און ליטעראַטור, 2) די געשיכטלעכע אויסבילדונג פון מזרח אייראָפּעאישן אידנטום, 3) געשיכטע און זכרונות פון יידישן טעאַטער.

אָט דער צוויי־וואָכיקער סעמינאַר איז פאָרגעקומען אין דעם קעמפּוס פון העמפּשייר קאָלעדזש, איינס פון די שענסטע און פּראַכטפולסטע פּלעצער אין דער באָסטאָנער געגנט.

איז אינטערעסאַנט געווען זיך צו באַקענען מיט די קורסאַנטן פון דעם סעמינאַר. פון אַלע עקן לאַנד אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון פלאָרידא פענסילווועניע, באָסטאָן, ניו־יאָרק און אומגעגנט, זיינען זיי געקומען.

אין די שיינע זומערדיקע יולי־טעג, האָבן זיי "מקריב" געווען אַ פּאָר שעהן פון טאָג פון זייער וואַקאַציע, זיך אָפּגעריסן פון דער פרעכטיקער פּאַנאָראַמע פון דעם גרינעם דרויסן, מיט די אַרומגערינגלטע הערלעכע פעלדער און וועלדער אַרום דעם קעמפּוס, און ווי געהאָרכזאמע תלמידים און סטודענטן, מיט נאָטיץ־העפטן און שרייב־געצייג, זיך צוגעהערט צו די לעקציעס פון דר.

גאָלדשמיד, פּראָפעסאָר פון קווינס קאַלעדזש, אין ניו־יאָרק, וועלכער האָט געהאַלטן אַ ציקל לעקציעס געווידמעט די יידישע שפּראַך און ליטעראַטור.

כאָטש דר. גאָלדשמיד האָט געהאַלטן די לעקציעס אין ענגליש, האָט ער זיי באַשפּרענקלט מיט קערנדיקע יידישע אידיאָמאַטישע ביישפּילן וואָס זיינען געווען מלא חן.

ווי אַ טרעפלעכער בעל מסביר, פּאָפּולערער לעקטאָר און אַ געוואַלדיקער ליבהאָבער פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, זיינען די לעקציעס פון דר. גאָלדשמיד געוואָרן אויסגעהערט מיט גרויס אינטערעס סיי פון די "פּאַרגוי'אישטע" ענגליש רעדנדיקע סעמינאַריסטן, פּאַר וועלכע ער האָט אפשר צום ערשטן מאָל ווי אויפגעעפנט אַ פענצטער צו אַ נייער ביז איצטיקער אומבאַקאַנטער וועלט, אָבער אויך פאַר די וועלכע פילן זיך יאָ "היימיש" מיט דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור (און דאָס איז, גלויב איך, געווען דער גרויסער רוב), האָבן אַ סך געלערנט פון די אינטערעסאַנטע לעקציעס פון דר. גאָלדשמיד.

אַ באַווייז, די דיסקוסיעס און מיינונגס־אויסטוישן וואָס זיינען פאָרגעקומען נאָך די לעקציעס האָבן באַוויזן אַז די סעמינאַריסטן וואָס קומענדיק אָפּטמאָל ניט פון קיין יידיש־יידישיסטישער סביבה, האָבן אַ חוש, אַ ווילן זיך צו באַקענען, דערלערנען, און זיך אידענטיפיצירן מיט אונזערע גייסטיקע אוצרות און ירושה וואָס אין דעם פאַל איז די יידישע שפּראַך און ליטעראַטור, אַ טייל דערפון.

אויך די לעקציעס פון פּראָפעסאָר י. בערקאָוויטש, וועלכער האָט געגעבן אַ געשיכטלעכן איבערבליק וועגן מזרח־אייראָפּעאישן אידנטום, "פון חסידיזם ביז די ציוניסטישע באַוועגונגען אין מזרח אייראָפּע", זיינען געווען באַלערנד און אינטערעסאַנט.

און דאַן, דאָס באַליבטע טעאַטער־פּאָרל מרים קרעסין און סימאָר רעכטצייט. לויט דעם פּראָגראַם האָבן זיך מרים קרעסין און סימאָר רעכטצייט באַטייליקט בלויז אין דער צווייטער וואָך פון סעמינאַר און זיך געטיילט מיט זכרונות און געשיכטע פון יידישן טעאַטער, אָנהויבנדיק פון די בראַזשער זינגער, די גאָלדפאַדן תקופה, ביז דעם מצב היינט, פון יידישן טעאַטער אין אַמעריקע.

אָן שום ספק, אַז דאָס פּאָרל מרים און סימאָר זיינען געווען, באַנוצנדיק זיך מיטן טעאַטער־לשון, די שענסטע אַטראַקציע פון צוויי־וואָכיקן סעמינאַר, סיי מיט די אינטערעסאַנטע זכרונות פון דער בלי־צייט פון יידישן טעאַטער, מיט די גרויסע סטאַרן ווי ג. טאָמאַשעווסקי, אַדלער, מאָריס שוואַרץ און אַנדערע,

סיי מיט די געשפּילטע רעקאָרדס פון די לעצטע יאָרן אין יידישן טעאַטער, וואו די סטאַרן זיינען געווען דאָס מאָל, זיי אַליין.

בכלל האָט מרים קרעסין מיט אירע נאָסטאַלגיע עפּיזאָדן, שילדערונגען, און איר פּערזענלעכער וואַרעמקייט, ניט איין מאָל אַרויסגערופן פייכטע אויגן פון בענקעניש און דערמאָנונג ביי אַ טייל סעמינאַריסטן נאָך יענע "אַלטע גוטע צייטן" ווען גאָלדענע שלעסער זיינען דורך די יונגע בעלי חלומות געבויט געוואָרן אין דער לופטן...

אַחוץ די אָפיציעלע לעקציעס און אונטערהאַלטונג, ווי ווייזן יידישע פילם־בילדער, אַרויספאָרן אין פאַרשידענע אינטערעסאַנטע געגנטן אַרום, ווי דער באַזוך אין אַמהערסט, אין דעם גרויסן שוין פּאָפּולערן זאַמל־פּונקט פון דער יידישער ביכער־אימפּעריע וואו הונדערטער יידישע ביכער געזאַמלט אין אַלע עקן פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן געפונען זייער אויסלייזונג דורך באַקומען פּלאַץ און עווענטועל אויך קויפער און לייענער, האָבן די סעמינאַריסטן געהאַט אויך זייערע ניט אָפיציעלע לעקציעס דורך ספּאָנטאַנע צוזאַמענקומען אויף די רחבותדיקע גרינע לאָנקעס פון קאָלעדזש, וואו אויף איינעם אַזאַ צוזאַמענקום אונטערן פרייען הימל, האָט אַ סעמינאַריסטין פון באָסטאָן, רינאַ סוואָפּ געהאַלטן אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונג און לעקציע וועגן שלום עליכם וואָס האָט אַרויסגערופן באַוואונדערונג ביים פּובליקום.

עס איז ביי אַלע אָנטיילנעמער פון סעמינאַר געבליבן דער איינדרוק, אַז דאָס צונויפפאָרן וואַקאַציע מיט לערנען, איז אַ גלייכער זיווג. נחת און פאַרגעניגן פון דעם "שידוך" קענען געניסן בלויז די וואָס וועלן עס אַליין, אַמאָל פּרובירן...

**סעפּטעמבער, 1984**

# בײַ אַ ׳קבלת שבת׳ מיט אַ גלח אין אַ סינאַגאָגע אין מיאַמי ביטש

דער טעמפּל ״עמנואל״ אין מיאַמי ביטש איז אַ באַקאַנטע קאָנסערוואַטיווע סינאַגאָגע אין דער שטאָט און אין דער אומגעגנט. דער גײַסטיקער מנהיג און ראַבײַ פון דעם טעמפּל איז דער גלענצנדער אָראַטאָר און אַ באַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע פיגור בײַ אַ גרויסן טייל פון דעם יידישן ציבור אין מיאַמי ביטש, דר. אירווינג לערמאַן.

געוועזן צייטן ווען צו די פרייטיק-צו-נאַכטיקע ״סערוויסעס״ אין דעם טעמפּל, ווען ראַבײַ לערמאַן האָט געדאַרפט האַלטן זײַן דרשה, פלעגט זיך פאַר די טויערן פון דעם טעמפּל פאַרזאַמלען אַ גאָר גרויסער עולם יידן אין לאַנגע רייען, און געדולדיק וואַרטן שעה׳ן לאַנג, אַבי צו קענען אַרײַנקומען אויסהערן סײַ דעם ראַבײַ און סײַ דעם געמישטן כאָר, וואָס האָט זיך כמעט נישט אונטערשיידט פון אַלע אַנדערע כאָרן פון די אולטראַ רעפאָרם טעמפּלען אין ניו־יאָרק און אַנדערע שטעט.

פאַרשטענדלעך, אַז צום גרויסן דערפאָלג פון די פרייטיק-צונאַכטיקע צונויפקומען האָבן צוגעטראָגן דעם גרעסטן טייל די אָנגעפּאָרענע געסט אין מיאַמי ביטש אין די ווינטער־חדשים פון יאָר, וואָס קומען פון די קאַלטע געגנטן פון קאַנאַדע, ניו־יאָרק און אַנדערע טיילן פון די פאַראייניקטע שטאַטן זיך אָנצואוואַרעמען אין דעם זוניקן קלימאַט פון מיאַמי ביטש, אויפצוהייטערן אויך זייערע אַביסל צוגעקילטע גײַסטיקע גלידער, וועלכע האָבן געבענקט נאָך אַ טראָפּן שבת־יום־טוב׳דיקייט אין זייערע וואַקאַציע־וואָכן און חדשים אויפהאַלט אין מיאַמי ביטש.

לעצטנס איז דער ענטוזיאַזם פאַר אָט די פרייטיק-צו-נאַכטיקע ״סערוויסעס״ עפּעס ווי בלאַסער געוואָרן. מען האָט שוין נישט געדאַרפט שטיין אין די רייען שטונדן לאַנג אַרײַנצוקריגן זיך אין טעמפּל. די סיבה, אָדער סיבות, פון אָט דעם געענדערטן קלימאַט זײַנען פאַרשידענע. ערשטנס האָט מיאַמי געקראָגן די לעצטע יאָרן אַ שם ווי אַ שטאָט פון פאַרברעכנס און אָנפאַלן וואָס זײַנען פּילפאַכיק געשטיגן, ספּעציעל זינט פידעל קאַסטראָ האָט מיט 5 יאָר צוריק אַרויסגעשיקט טויזנטער פאַרברעכער און נאַרקאָמאַנען פון קובאַ קיין פלאָרידאַ. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, געהאַט אַ נעגאַטיווע ווירקונג אויף דער טוריסטיק.

נישט קיין קליינע ראָלע שפּילט אויך דער פאַקט, וואָס די אָנגעפּאָרענע געסט, וועלכע האָבן אויסגעפּילט די לאַנגע וואַרטנדיקע רייען בײַם אַרײַנגאַנג צום טעמפּל זײַנען ״אַ ביסל״ עלטער געוואָרן און אַ סך פון זיי מיידן אויס

מיאַמי ביטש און פאָרן אויף וואַקאַציע ערגעץ אַנדערש וואו, באַזעצנדיק זיך דאָרט דורך קויפן קאָנדאָמיניומס אין די געגנטן אַרום מיאַמי, ווי באָקאַ־ראַטאָן, האַלענדעיל אָדער נאָרט מיאַמי.

איז עס טאַקע געווען אַ סורפּריז און סענסאַציע, וואָס פרייטיק אָוונט, פעברואַר דעם 26סטן, איז דער טעמפּל ווידער געווען געפּאַקט מיט אַן עולם פון איבער 1500 מענטשן, וועלכע האָבן אָנגעפילט אַלע זיץ־ערטער ביזן סוף און אַ סך האָבן אַפילו נישט געקענט אַריינגיין.

די סיבה פון דעם גרויסן דערפאָלג ווייל פון דעם פּאָדיום פון טעמפּל האָט אַ גלח, דער אַרציבישאָף עדוואַרד מעקאַרטי געהאַלטן אַ פייערדיקע "דרשה" גלייך מיט ראַבאַי לערמאַן, בעת און אינמיטן די תפילות...

די הונדערטער יידן, וואָס האָבן אָנגעפילט דעם געפּאַקטן טעמפּל, האָבן אַוודאַי מיט געמישטע געפילן אויסגעהערט די זיסע, לויבנסווירדיקע ווערטער פון גלח מעקאַרטי אויפן אַדרעס פון די יידן, "דער עלטערער ברודער", מיט וועלכן "עס בינדן אונז אַזוי פיל געמיינזאַמע ירושה־געפילן". אונטערשטרייכנדיק די באַדייטונג פון דעם "ברודערשאַפט"־מאַנאַט, וואָס פאַלט־אויס אין פעברואַר און ספּעציעל האַיאָר, פאַר דעם דערוואַרטעטן וויזיט פון דעם פּויפּסט דזשאַן פּאָול אין מיאַמי ביטש. צוגעבנדיק, אַז "יידן און קריסטן דאַרפן אַרויסהייבן מער די מאָמענטן וואָס פאַראייניקן זיי גייסטיק ווי די מאָמענטן וואָס צעשיידן זיי אין זייערע רעליגיעזע השקפות". ער האָט אויך גערעדט וועגן די יאָרן פון "מיספאַרשטענדענישן" און צוויסטיקייטן צווישן יידן און קריסטן, וועלכע האָבן געבראַנגט באַדויערנסווערטע ליידן פאַר דעם "עלטערן, טייערן ברודער".

די געמישטע געפילן האָבן זיך אַוודאַי געמוזט ענדערן אויף פריקרע און קריטישע געפילן, יעדנפאַלס גלויב איך ביי אַ גרויסן רוב פון די יידן וואָס האָבן אָנגעפילט דעם טעמפּל, ווען דער גלח האָט אָנגעהויבן פרעדיקן וועגן "די געמיינזאַמע רעליגיעזע וואָרצלען" מיט דעם אותו האיש, וועלכער איז אויך אַמאָל געווען "אַן אָפּגעהיטענער ייד"... און נאָך, און נאָך אַזעלכע דיסלאָקרעצדיקע מיט ווייערויך שמעקנדיקע טראָפּנס, וואָס האָבן זיכער ביי אַ סך צוהערער אַרויסגערופן חלשות'דיקע, טיף־טרויעריקע דערמאָנונגען און רעפלעקסן.

מערקווירדיק, אָבער געגנוג שאָקירנדיק איז געווען ווען נאָך דעם "דאַוונען" זיינען ביים אַרויסגאַנג פון טעמפּל געשטאַנען ביי דער טיר ראַבאַי לערמאַן, אַ גלח וועמען דער אַרציבישאָף האָט מיטגעבראַכט אַלס שמש אָדער באַגלייטער, דער אַרציבישאָף עדוואַרד מעקאַרטי, אָנגעטאָן אין אַ רויטער טאָגע מיט אַ צלם אויף דער ברוסט, און צענדליקער, אפשר הונדערטער יידן

(נײַן, נישט ייִדן, נאָר ייִדעלעך...) מיט זייערע פרויען, וואָס האָבן מיט הכנעה׳דיקע שמייכלען געדרוקט דעם ראַבאַי מיט די צוויי גלחים די הענט, דאַנקנדיק זיי פאַר דעם ״עונג שבת״, וואָס עס האָט זיי פאַרשאַפט דער פרייטיק־צו־נאַכטיקער ״קבלת שבת״ סוירמאַן אין דעם טעמפל ״עמנואל״ אין מיאַמי ביטש.

ווי האָט יענער רעפאָרטער צוגעגעבן ביים שילדערן אַ סצענע, וואָס האָט ״אַליין״ געזעדט פאַר זיך: ״קאָמענטאַרן זיינען איבעריק״.

**מאַרץ 1987**

# ביי אַ הזכרה נאָך דעם קינסטלער
# חיים פערשקאָ

מיאַמי־ביטש האָט אין די לעצטע יאָרן געהאַט אַלס תושב און בירגער דעם יידישן קינסטלער און מוזיקער חיים פערשקאָ ע״ה. צוזאַמען מיט זיין פרוי שרה פערשקאָ (איר צו לאַנגע יאָרן), זיינען זיי ביידע געווען פּאָפּולערע אַרטיסטן־מוזיקער אין דער לאַנדשאַפט פון מיאַמי און אומגעגנט, אויף די פאַרשידענע קולטור־געזעלשאַפטלעכע צוזאַמענקונפטן וואָס דאָס יידישע מיאַמי האָט אַדורכגעפירט, ספּעציעל אין די ווינטער־מאָנאַטן, ווען אָנגעפּאָרענע געסט פון אַלע טיילן אַמעריקע און קאַנאַדע זיינען ווי די ווינטער־פויגלען אָנגעפלויגן קיין מיאַמי זיך אָנוואַרעמען אין דער הייסער זון און זיך אָפּקילן אין די קאַלטע וואַסערן, דערביי אויך אַריינכאַפּן אַ ביסל גייסטיקע פאַרגעניגן, אין די פאַרשידענע אימפּרעזעס פון אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער וואָס אירע הויכפּונקטן זיינען שטענדיק ווערט געווען צו טראָגן אָט דעם נאָמען, אויב דאָס פּאָרל חיים און שרה פערשקאָ האָבן באַשיינט די צוזאַמענקונפטן.

די פערשקאָס זיינען געווען אַ מערקווירדיק פּאָרל מיט אַ טראַגישער פאַרגאַנגענהייט.

בעת דעם היטלער־חורבן, זיינען זיי ווי אַ שפּענדל אויף אַ כוואַליענדיקן ים צעטראָגן געוואָרן פון איין אָרט צום צווייטן, אַדורכמאַכנדיק דעם גאַנצן גרויל און פּיין פון פאַלן צום טיפן אָפּגרונט און דאָך ביים לעצטן שפּאַן זיך אָנהאַלטן אין דעם סכנות׳דיקן אויבערפלאַך און ניט אַריינפאַלן אין אָפּגרונט.

ווי טראַגיש עס זאָל נישט קלינגען, איז דער גורל נאָך געווען ״מילד״ צו זיי, ״ער״ האָט נאָר פאַרלאַנגט די לינקע אָרעמס ביי ביידע קינסטלער...

אַ געניזוק׳טער און צעבלוטיקטער האָט זיך חיים פערשקאָ ווי פון שטויב אויפגעהויבן, אָפּגעטרייסלט זיך פון בלוט, אַרומגעוואַשן זיינע וואונדן און מיט דער הילף פון זיין קינסטלערישער מוזע, וואָס האָט זיך אפשר אין יסורים דערהויבן צו אַ העכערער הויך, אויסגעשפּילט מיט איין האַנט אויף די קלאַווישן פון דער פּיאַנאָ די שענסטע סימפאָניעס פון די גרויסע וועלט־מייסטער, און געשאַפן זיינע אייגענע קאָמפּאָזיציעס, געבוירן אין דמיון פון אַ גרויסן מוזיקער און קינסטלער. ער האָט זיין זשעני געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון זיין געפּייניקט פאָלק.

אין דער באַגלייטונג פון שרהן, וואָס האָט נאָכן ״פאַרלירן״ איר האַנט זיך ״איבערגעשטעלט״ פון אַ פיינע פּיאַנאָ־קינסטלערין צו אַ מוסטערהאַפטער זינגערין, זיינען זיי באַלד נאָך דער באַפרייאונג אַרומגעפאָרן אין די די־פּי

לאַגערן, אַרײַנגעברענגט טרײסט און דערמוטיקונג אין די פאַרחו...טע געמיטער פון די נאָר־וואָס באַפרײַטע ייִדן פון די היטלעריסטישע קאַלך־אויוונס, פונקט ווי שפּעטער זיך אַריבערגעטראָגן אויף די צעפלאַקערטע פראָנטן פון דער ישראלדיקער לאַנדשאַפט בײַם געבורט פון דער ייִדישער מדינה, געהויבן דעם גײַסט פון די ישראל־זעלנער אין די מינוטן פון אַנטשפּאַנונג פון די פײַער־איבעררײַסן, ער מיט זײַן אײן־האַנטיקן ווירטואָזן־פּיאַנאָ שפּילן, זי מיט איר מעלאָדישער שײנער שטימע.

מיט יאָרן שפּעטער, אויף זײער לעצטער סטאַבילער סטאַנציע, אין דעם היימיש־ייִדישן מיאַמי־ביטש, זעען מיר זײ שוין עטאַבלירט אין דעם רירעוודיקן, געזעלשאַפטלעך פולסירנדיקן און זוניקן מיאַמי־ביטש, וואו חיים פערשקאָ טרעט־אויף, אויך דאָ אין מערסטנטײל צוזאַמען מיט זײַן לעבנס־באַגלײטערין שרה, אויף אַראַנזשירטע קאָנצערטן אין די טעאַטער־זאַלן פון מיאַמי־ביטש און געוואָרן פּאָפּולער, באַליבט, אָנערקענט און אָפּגעשאַצט מיט לריב פון דער אַרטיסטיש־מוזיקאַלישער סביבה פון דער טעאַטער־וועלט.

איז עס דערפאַר געווען אַ גרויסער "שאָק" פאַר מיאַמי און זײַנע צאָלרײַכע פרײַנט, ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן די טרויעריקע נײַעס אַז נאָך אַ קורצער קראַנקהײט האָט חיים פערשקאָ פאַרלאָזט אונזער זינדיקע ערד.

די הסתדרות און אַ גרופּע נאָענטע פרײַנט אין מיאַמי, האָבן געהאַלטן פאַר זײער חוב אָפּצומערקן דעם טויט ..ון דעם קינסטלער, מיט אַן אײַנדרוקספולן יזכור צונויפקום צו זײַנע שלושים אין דעם "קאַנאַווער" האָטעל, טאַקע דאָרט וואו חיים פערשקאָ ע"ה, האָט אָפט געהאַט זײַנע אַרויסטרעטונגען און קאָנצערטן.

די הזכרה איז פאָרגעקומען אונטער דעם פאָרזיץ פון משה פישער, און האָט צוגעצויגן אַ גרויסן עולם פון פאַרערער, אַרטיסטן, שרײַבער און אַלע די, וועמען חיים פערשקאָס מוזיקאַלישע אַרויסטרעטונגען וועלן פעלן.

הספדים און קורצע אָפּשאַצונגען וועגן נפטר זײַנען געהאַלטן געוואָרן פון דר. העשיל קלעפּפיש, פון שלמה בן־ישראל און דעם שרײַבער ל. סלאָווין. אַן א־ל מלא רחמים און אַ פאָעמע פון חיים נחמן ביאַליק האָט געלײענט יוסף גאַרעליק. אויך דער געוועזענער מעיאָר פון מיאַמי, סעם ברענער, האָט זיך באַטײליקט אין דער הזכרה מיט אַ קורצער און עמאָציאָנעלער אָפּשאַצונג פון דעם פאַרשטאָרבענעם.

עס איז געווען זײער רירנד, ווען זײַן לעבנס־באַגלײטערין שרה פערשקאָ האָט זיך געטײלט מיט איר צער און ווײטאָג, איבערגעבנדיק וועגן דער פשטות און גרויסקײט אַלס מענטש און קינסטלער פון איר פאַרשטאָרבענעם

**מאַן חיים פערשקאָ, מיט וועמען זי האָט יאָרן לאַנג געוואַנדערט איבער די וועגן און שטעגן פון לעבן, געמישט פון פרייד און טרויער.**

**אירע ווערטער האָבן נישט איבערגעלאָזט קיין איין טרוקן אויג אין זאַל...**

**אין שטילער שוויַיגעניש איז זיך דער עולם פונאַנדערגעגאַנגען, געענדיגט ווי דער שטילער אָוועקגייַין פון אַ באַשיידענעם, אָבער פייַנעם קינסטלער און מענטש, חיים פערשקאָ ע״ה.**

# אויף אַ בת מצוה אין באָפאַלאָ

ווען מיר האָבן דערהאַלטן אַן איינלאַדונג פון אונזערע נאָענטע קרובים, דר. דוד און שרה מאסלאוו פון באָפאַלאָ, צו קומען אויף אַ בת מצוה, וואָס זיי פּראָווען פאַר זייער חנו׳דיק טעכטערל, דינה, אין אַ ״יאָנג איזראעל״ שוהל, אין אַ פאָרשטעטל פון באָפאַלאָ, איז אין ערשטן אויגנבליק אַדורכגעפלויגן אַ מאָמענטאַלער רעפלעקס פון באָפאָלאָ, די שטאָט מיט די ״טראַדיציאָנעלע״ שניי שטורעמס, וואָס באַדעקן פאַר לאַנגע וואָכן און חדשים די שטאָט און אומגעגנט מיט אַ שניי־ווייסן פוך פון לכל הפחות אַ 7־8 אינטשעס און די מענטשן פילן זיך דעמאָלט אַזוי ווי אָפּגעריסן פון דער גאַנעצער וועלט.

געכאַפּט אָבער אַ בליק אויפן קאַלענדאַר און זיך דערמאָנט אַז מיר זענען ערשט אין מיטן יולי, און צו דעם שניי סעזאָן איז נאָך אַ שפּאָר שטיקל וועג – האָבן מיר דעריבער באַשלאָסן, אַז לאָמיר זיך באַקענען מיט דעם ״שטעטל״ באָפאַלאָ אין די שיינע זוניקע זומערדיקע טעג, ווען גרינקייט קאָנקורירט מיט ווייסע שנייקייט, און אָפּטמאָל איז שווער צו זאָגן וועלכעס פון זיי איז שענער פאַרן אויג און אַוודאי אויך פאַרן געמיט.

מיר האָבן דערביי אויך אויסגענוצט דעם היינטיקן ״קפיצת הדרך״, וואָס ברענגט אייך פון ניו יאָרק אין נישט מער ווי אַ שעה, דירעקט ביז דעם לופט פּאָרט, און מיר זיינען ברוך השם אין באָפאָלאָ.

די שטאָט באָפאַלאָ מיט די פאָרשטעט אַרום, וואָס ציילט היינט בערך אַ 700,000 מענטשן, האָט אין די לעצטע יאָרן דורכגעמאַכט אַ גרויסע אומוואַנדלונג פון אַן אינדוסטריעלער שטאָט. די באַפעלקערונג איז אַ געמיש פון אַן עטנישן רעגנבויגן פון אַלע פאַרבן און קאָלירן, מיט אַ ספּעציעל קענטיק גרעסערער צאָל איינוואוינער פון פּוילישער אָפּשטאַמונג, וואָס האָבן זיך אַסימילירט אין דעם אַמעריקאַנער שמעלץ טאָפּ.

וואָס עס האָט מיך, פאַרשטייט זיך, אינטערעסירט, איז וועגן דעם היינטיקן יידישן ישוב פון בערך 23,000 יידן אין באָפאָלאָ. די יידן, ווי אַ סך אַנדערע אין די גרעסערע שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, זיינען אויך אין באָפאַלאָ מער קאָנצענטרירט אין די ״סאָבורבס״, וואו זיי לעבן אין קאָמפאָרט מיט שיינע הייזקעס און אַ סך גרינע לאָנקעס. דער מיטלשטאַנד און פּראָפעסיאָנאַלן, זיינען דאָמינירנד אין דער עקאָנאָמישער פּיראַמידע פון דער יידישער באַפעלקערונג. זיי האָבן אויך שוין אַ שפּאָר ביסל ריטייערטע, וועלכע ״רוען זיך שוין אָפּ״, פון קלעטערן מיט גרויס מי און אָנשטרענגונג אויף דעם עקאָנאָמישן לייטער צו דערגרייכן דעם שפּיץ... אַ סך פון זיי האָבן ערשט איצט די געלעגנהייט זיך אַ ביסל צו פאַרטראַכטן וועגן דעם גרויסן הר־האַ אין לעבן אין וועלכן זיי זענען אַמאָל געווען אַזוי אַקטיוו און טעטיק,

פעסטשטעלנדיק ערשט איצט דאָס וואָס אַ סך אַ קלוגערער פון זיי האָט שוין אַמאָל געזאָגט וועגן דעם ״גרויסן געיעג״, אַז ס׳איז הבל הבלים, הכל הבל... צום גליק, אָבער, האָט די גרעסערע מערהייט פון די ״צוריקגעצויגענע״ געפונען גראַדע היינט דעם באַלאַנס אויסצוגלייכן דעם אַמאָליקן געיעג פאַר מאַטעריעלן וואוילשטאַנד, פאַר היינטיקע זאָרגן לצרכי צבור, מיטהעלפנדיק מיט די מער יונגערע פון זיי אין די אַלע אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן וועלכע זיינען טעטיק אין דעם יידישן לעבן אין באָפאָלאָ.

די אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס וועלכע זיינען דאָ אויף דער גרויסער מאַפּע פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע, זיינען אויך דאָרט, פאַרשטייט זיך, בזעיר אַנפּין, פאַרטראָטן אין דעם צבורישן לעבן. אָבער אויך דאָ, ווי אין אַ סך אַנדערע אַקטיוויטעטן, קען מען אַמבעסטן זען דעם דינאַמישן פּולס פון דעם יידישן ישוב אין באָפאָלאָ, אין די צאָל שוהלן און טעמפּלען וועלכע זיינען היינט־צו־טאָג דאָ אין שטאָט. זיי זענען 7 אין דער שטאָט און פאָרשטעט: 3 אָרטאָדאָקסישע אונטער דעם שטאַרקן איינפלוס פון ליובאַוויטש, וועלכע איז שטאַרק רירעוודיק און דינאַמיש, ווי אין אַ סך יידישע ישובים אין דער ברייט און לענג פון אַמעריקע; 2 קאָנסערוואַטיווע, און 2 רעפאָרם טעמפּלען.

די פאַרצווייגטע ליובאַוויטשער אַקטיוויטעטן ווערן אָנגעפירט פון הרב נתן גוראַרי׳, וועלכער האָט אויפגעבויט ממש אן אימפעריע פון חוזרי בתשובה און שטאָלצע יידן, מיט שיעורים, סעמינאַרן, סיומים, ישיבות און תלמוד תורה׳ס.

אַ באַזונדערן פּלאַץ אין דעם אָרטאָדאָקסיש רעליגיעזן צבור פאַרנעמט היינט די ״יאָנג איזרעאַל״ שוהל אין באָפאָלאָ. געגרינדעט ערשט מיט אַ 10 יאָר צוריק, אַממייסטן פון יונג פאַרהייראַטע פּאָרלעך, ציילט זי היינט־צו־טאָג אַרום 50 פאַמיליעס, מיט וועלכע עס פירט אָן דער ענערגישער פּרעזידענט, מיכאל קאַוועז.

דאָרט טאַקע אין דער שוהל פון ״יאָנג איזראעל״, צו וועלכער עס איז אויך אָנגעשלאָסן די פאַמיליע פון דר. דוד מאסלאוו און זיין פרוי, שרה, אַ פּאָפּולערע און יונגע פעדאַגאָגין, איז פאָרגעקומען די בת מצוה פון זייער טעכטערל, דינה, אַ שילערין פון דער קאָמיוניטי שולע ״קדימה״, וועלכע האָט זיכער דאָס רעכט זיך צו גרויסן מיט אירע דערציערישע־פעדאַגאָגישע דערגרייכונגען, ווען מען האָט זיך צוגעהערט צו דער ״דרשה״ און די אויסטייטשונג פון דער 12 יעריקער דינה אויף עטלעכע טיילן פון פרקי אבות.

פרקי אבות איז באַקאַנט דעם יידיש־יידישן עולם מיט אירע הויכע מאָראַליש־עטישע באַטראַכטונגען און אַרויסזאָגונגען פון פאַרשידענע תנאים

און אמוראים, וועגן אַלגעמיינע אַספּעקטן אין די באַציאונגען בין אדם למקום, און די אָפּטמאָל נאָך מער קאָמפּליצירטע עסקים בין אדם לחברו.

ס׳איז געווען זייער אינטערעסאַנט זיך צוצוהערן צו אַ דרייסט פּלפּוליסטיש־מסורה׳דיקער אויסטייטשונג פון באַקאַנטע און פּאָפּולערע פּרקים פון פּרקי אבות, איבערגעגעבן אין אַ קלאָרער דיקציע און אויסשפּראַך, פון אַ 12 יעריק קינד, וועלכע איז אין דעם מאָמענט זיכער ווייט איבערגעוואַקסן איבער אירע קינדערישע יאָרן.

פאַרשטייט זיך אַוודאי, אַז דאָס אַלץ איז געווען צו דער פולער צופרידנהייט און נחת פון אירע עלטערן און דערציער, און צו דער גייסטיקער הנאה פון די איבער 200 געסט, צווישן זיי, רבנים און אינטעלעקטואַלן און אויך קינדער פון דער ״קדימה״ שולע, וועלכע האָבן מיט פרייד און טענץ אָפּגעצייכנט דעם איבערגאַנג פון קינדערישע שפּילעוודיקייט פון אַ יידיש מיידעלע צו דער בת מצוה בוגרות פון אַ שטאָלצער, יידישער טאָכטער.

**אָקטאָבער 1986**

# בילדלעך פון שפּיטאָל

ווען אַ נוירס האָט אים אין אַ זומעדריקן פרימאָרגן אַריינגעפירט אויף דעם 4טן שטאָק אין אַ רעדל־שטול, אין דעם בית ישראל שפּיטאָל, אין האַרץ פון מאַנהעטן, האָט ר׳ משה פרידענזאָן צוגעדריקט צו זיך אַן אַקטן טאַש, וואָס איז געווען אָנגעפּילט ביז די ברעגן מיט פאַרשידענע בראָשורן, צייטונגס־אויסשניטן און מאַשין־געשריבענע בויגנס. ער האָט מיט נייגער זיך אַרומגעקוקט איבער דעם ליכטיקן מיט זון באַשיינטן שפּיטאָל־צימער וואו 3 מענער פון אַ פאַרשידנאַרטיקן עלטער זיינען געזעסן, געלעגן און אפשר האַלב געדרימלט אין זייערע בעטן.

ער האָט מיט אַ בראַוועדיקן זשעסט זיך אָפּגעזאָגט פון דער הילף וואָס די נוירס האָט אים פאָרגעלייגט אַריינצובאַקומען זיך אין דעם 4טן בעט וואָס איז שוין געווען צוגעגרייט פאַר אים פון פריער, און מיט דער פלינקייט און גראַציעזקייט וואָס וואָלט אויך געווען גוט צוגעפּאַסט פאַר אַ בחורל פון אַ גאָר יונגן עלטער, זיך שנעל אַריינגעשלייכט אין בעט און מיט אַ טריומפירנדע מינע געדאַנקט די נוירס פאַר איר פאָרגעלייגטע הילף.

אַ בלוי אויסגעשטריקטע יאַרמולקע האָט האַלב פאַרדעקט זיין גרויסן און ווייסן למדנישן שטערן, וואָס האָט דאָס מאָל גוט האַרמאָנירט מיט דער פולער ווייסקייט פון דעם בעט אין וועלכן ער האָט גערוט.

אַ האַסטיקער קלינג אין דעם גלעקל ביים בעט און ר׳ משה פרידענזאָן האָט גלייך איינגעלאַדנט דעם וואָס האָט גערעדט פון יענער זייט, אַז ״נישקשה, נישקשה״, ער קען גלייך אַריבערקומען אויב ער האַלט אַז עס איז נויטיק.

און ווירקלעך, עס האָט ניט גענומען לאַנג, ווי אין דער טיר פון דעם שפּיטאָל־צימער וואו ר׳ משה האָט זיך דערווייל שוין געהאַט ״איינגעאָרדנט״, אַוועקגעלייגט אַלע זיינע פּערזענלעכע זאַכן וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון שטוב, און דער עיקר אויסגע׳סדר׳ט אַלע פּאַפּירן און דאָקומענטן פון דער אַקטן־טאַש, יעדעס אויף זיין געהעריקן אָרט און פּלאַץ, ווי ביים אַריינגאַנג האָט זיך באַוויזן אַ הדרת פנים׳דיקע פיגור פון אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ שיין פאַרקעמטע הרצל׳יאַנישע באָרד, אין שוואַרצע רבנישע קליידונג, ווי מען איז געוואוינט געווען צו זען אין דער אַלטער היים, אין די שטעט און שטעטלעך אין פוילן.

ער האָט שנעל זיך דערנענטערט צום בעט וואו ר׳ משה איז האַלב געלעגן און האַלב געזעסן, אויסגעשטרעקט צו אים אַ האַנט מיט אַ ברייטן שלום

עליכם און נאָכפרעגנדיק זיך אויפן געזונט און וואָס ער מאַכט, האָט ר׳ משה געענטפערט מיט אַ ברוך השם, צוגעבנדיק דערביי אַ ברייטן קרעכץ, וואָס האָט אויך באַדייט, אַז דאַנקען ג־ט, מען קען נאָך קרעכצן...

עס האָט זיך פאַרבונדן צווישן זיי אַ שטילער אָבער האַסטיקער שמועס וואָס צו זיין נאָענטסטן בעט־שכן זיינען אָפּטמאָל דערגאַנגען די ווערטער קאָנגרעגיישאָן... מחיצה... פרעזידענט...

ערשט צומאָרגנס אינדערפרי נאָך אַ האַלבן טוץ וויזיטן פון דאָקטוירים און שפּעטער די פאַרשידענע עקס רעיס אויפנאַמעס, ווען מען האָט אים אַ פאַרמאַטערטן צוריקגעבראַכט אין בעט אַריין, האָט ר׳ משה פרידענזאָן זיך פאַרטרויט פאַר דעם נאָענטסטן בעט־שכן, אַז ער און דער רב וואָס האָט אים נעכטן באַזוכט אין שפּיטאָל זיינען פאַרוויקלט אין אַ ביטערן קאַמף אין דער שוהל וואו פרידענזאָן איז פרעזידענט, אַ רייך שטעטל נאָענט פון ניו־יאָרק, וואו די בעלי־בתים האָבן אויפגעבויט אַ שיינע אָרטאָדאָקסישע שוהל מיט אַ געהעריקער מחיצה, ווי אויך פאַרשידענע אינסטיטוציעס אָפּצוהיטן יידישקייט, ווי אַ מקוה, תלמוד־תורה פאַר קינדער און אַנדערע.

לעצטנס אָבער קומט דאָרט פאָר אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין שטעטל. עס האָבן דאָרט אָנגעהויבן אַריינציען זיך נייע פאַרלעך פון ניו יאָרק און אומגעגנט און זיך אויך אָנגעשלאָסן אין דער שוהל, וועלכע איז די איינציקע שוהל אין שטעטל. זיי האָבן אָבער אויך אָנגעהויבן זאָגן אַ דעה אין דער אָנפירונג פון דער שוהל און אַז דער רב איז פאַר זיי ״צופיל״ אָרטאָדאָקסיש, די מחיצה איז צו הויך, דער רב איז אַלטמאָדיש, געפינענדיק אַפילו גרייזן אין זיינע ענגלישע דרשות, וואָס ער האַלט פון צייט־צו־צייט מעניני דיומא.

דער קאַמף אַרום דער שוהל האָט זיך שוין אַזוי צעוואַרימט, אַז די לאָקאַלע ענגלישע צייטונג פון שטעטל האָט זיך שוין צעשריבן דערוועגן, דאָ האָט ר׳ משה פרידענזאָן אויפגעעפנט די אַקטן־טאַש און געוויזן דעם שכן זיינעם אַ קאָמוניקאַט און נאָטיצן און קעגן־נאָטיצן, געדרוקט אין דער צייטונג וואו ביידע צדדים גיבן זיך אָפּ ״כבוד״ איינער דעם צווייטן... און דער עיקר האָט זיך איצטער ר׳ משה פאַרטרויט פאַר דעם שכן, אַז די מחלוקת האָט אים שוין געקאָסט אַזוי פיל געזונט, אַז ער האָט ״אָפּגעשפּאָרט דערפון אַן אַלסער צוליב וועלכען ער איז היינט אין שפּיטאָל, און ער באַטראַכט אים טאַקע פאַר אַ קהלישן אלסער... האָט ר׳ משה צוגעגעבן מיט אַ קרומען שמייכל.

דאָך האָפט ער, האָט ר׳ משה פאַרענדיקט זיין פאַרטרויאונג, אַז ווען ג־ט וועט העלפן, ער וועט אַ געזונטער אַהיימקומען פון שפּיטאָל, וועט ער מאַכן אַ

קידוש און איינלאַדן צו זיך אין שטוב אַריין די גאַנצע שוהל, ער וועט אָבער אויף קיין איין מינוט ניט אויפגעבן צו זען, אַז יידישקייט זאָל ווערן אָפּגעהיטן ווי ער און דער רב פאַרשטייען עס, אַזוי זאָל אים ג־ט העלפן...

## דער שוואַרצער דזשימי און די דריי יידן...

די נוירס האָט אים געפּירט ביי דער האַנט, אויפגעפּענט פאַר אים די טיר פון דעם שפּיטאָל־צימער וואו ער האָט געדאַרפט צוגעגרייט ווערן צו אַן אָפּעראַציע אין אַ צוויי שעה אַרום. טאַטע־מאַמע זיינען נאָכגעגאַנגען און מיט אויגן פול מיט טרערן זיך צוגעקוקט ווי די נוירס האָט אים צאַרט און מיט פאָרזיכט אויסגעטאָן און אַריינגעלייגט אין דעם בלאַנק ווייסן בעט ביים פענצטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צו אַ רוישיק גלייכגילטיקע גאַס אין האַרץ פון מאַנהעטן.

געוועזן איז ער, דער פערטער און דער יינגסטער פּאַציענט אין דעם שפּיטאָל־צימער. אַ בחור פון אַ יאָר 12־13, אַ שוואַרץ יינגל, וואָס שוין אין זיינע ערשטע פרילינג־יאָרן האָט געדאַרפט אַדורכמאַכן אַ קאָמפּליצירטע אָפּעראַציע אויף אַ קלאַפּקע פון האַרץ, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פונקציאָנירן ווי נאָרמאַל ביי אַלע מענטשן און קינדער.

די עלטערן אויך שוואַרצע,ביידע נאָך יונגע טאַטע־מאַמע, אָנשטענדיק געקליידט זיינען ווי צוגעשמידטע געשטאַנען ביי ביידע זייטן בעט און ניט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון קינד וואָס איז געלעגן גלייך אויסגעצויגן מיט האַלבפאַרמאַכטע אויגן ווי געדרימלט, אָבער פעסט צוגעדריקט זיין קליין הענטל צום פאָטערס האַנט אויפן ראַנד פון בעט. נאָכן פאָרזיכטיקן צודעקן אים מיט דער קאָלדרע, איז די נוירס שטיל אַרויס, אָנגעזאָגט די עלטערן צו לאָזן דאָס קינד רוען, מיט דער פאַרזיכערונג אַז שפּעטער וועט אַוודאי קומען דער דאָקטער אויף דער רוטינער מעדיצינישער אונטערזוכונג.

ערשט דעמאָלט האָבן טאַטע־מאַמע אָפּגעווענדעט די אויגן פון קינד און פאָרזיכטיק זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן איבער דער שטוב, מיט די אויגן געווענדעט צו די 3 בעטן, וואו 3 מענטשן איז געוואָרן צוגעטיילט דעם זעלבן גורל ווי זייער קינד צו זיין געצוואונגען צו פאַרברענגען אין אַ שפּיטאָל אַטמאָספערע, וואו דעפּרעסיע, מורא, יאוש און בלויז פון צייט צו צייט אַ שפּראָץ פון האָפענונג בליקט אַרויס פון יעדן ווינקל.

מיט אומרו און חשד האָבן זיי נאָכגעפאָלגט די באַוועגונגען פון די 3 מיט־שכנים פון זייער קינד, 2 מיטל־יעריקע און 1 עלטערער ייד, וואָס זיינען אין דערוואַרטונג פון באַזוך פון מעדיצינישן פּערסאָנאַל, געזעסן אויפגעזעצט אין זייערע בעטן.

נאָך דער רוטינער אונטערזוכונג פון דעם מעדיציניש קאַראַוואַן, וואו איינער פון די דאָקטוירים האָט פאַרזיכערט די עלטערן פון יינגל, אַז זיי מעגן רואיק גיין אַהיים, אַז דאָס קינד וועט קריגן די געהעריקע מעדיצינישע אויפזיכט און באַהאַנדלונג, האָט איינער פון די 3 עלטערע קראַנקע אין צימער, ווי וועלנדיק זיך נענטער באַקענען מיט דעם יונגן נייעם שכן, צוגעקומען אַ ביסל נענטער צום בעט, וואו טאַטע־מאַמע, טראָץ דער באַרואיקונג פון דאָקטער, זיינען ווי שומרים ניט אָפּגעטראָטן פון בעט, זיי האָבן בלויז ווי אַ ביסל זיך אָפּגערוקט ווי וועלנדיק געבן פּלאַץ דעם "פרעמדן ייד" זיך צו באַקענען מיט זייער זון...

דאָס יינגל איז איצט געלעגן אין בעט וואַך, מיט ברייט אויפגעריסענע אויגן וואָס האָבן מיט אומרו געבליקט ווי "געזעגן" פאַר זיך אַן אומבאַקאַנטע וועלט וואָס האָבן געשראָקן מיט זייער פרעמדער ווייטקייט.

דער פריינדלעכער מיטפּילנדער שמייכל אָבער פון דעם עלטערן ייד, ווען די אויגן פון די צוויי האָבן זיך באַגעגנט, האָבן עפּעס ווי איבערגעריסן דעם פאָדעם פון מורא און אומצוטרוי אין די אויגן פון יינגל, אַ דינער קוים באַמערקטער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיינע ליפּן, אויף דער פראַגע ווי מען רופט אים, האָט ער מיט אַ שוואַך דין שטימעלע אַרויסגעשעפּטשעט, דזשימי.

צו דער דערשטוינונג פון דעם עלטערן באַזוכער, האָט זיך פון דער ווייסקייט פון בעט אַרויסגעשיילט אַ טונקעלער פּראָפיל פון אַ זעלטן שיין סימפּאַטיש פּנימל פון אַ דערוואַקסן קינד וואָס האָט אַרויסגערופן סיי רחמנות, סיי ליבשאַפט און געקענט פאַנגען דאָס האַרץ פון יעדן איינעם וואָס האָט געקוקט אויף אים.

און ווירקלעך, פון יענעם טאָג אָן, ביז דער צייט ווען דזשימי איז שוין אַראָפּ פון בעט נאָך אַ קאָמפּליצירטע אָפּעראַציע, איז ער געוואָרן דאָס ליבלינגס קינד פון אַלע דריי אידישע שכנים אין שפּיטאָל צימער. זיי האָבן אים אַלע "אַדאָפּטירט" מיט ליבע און אויפמערק, אָפּגעהיטן אים ביים עסן און שלאָפן אין די שעהן ווען די עלטערן האָבן נישט געוואַכט ביי זין בעטעלע. און ווען איינער פון די לעצטע 3 אידן וואָס האָבן פריער פאַר דזשימי פאַרלאָזט דאָס שפּיטאָל אַ היים צו גיין, האָט דאָס יונגעלע ביים געזעגנען זיך אין דער צייט ווען די עלטערן האָבן אים באַזוכט.

אַריינגעלייגט זיין קליין דאַר הענטעלע אין די האַנט פון דעם און און מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט צום טאַטן: "דעד, זאָג דעם אָנקעל ווי מיר וואוינען. איך וואָלט אים און זיינע צוויי קאָלעגן וואָס זענען נעכטן אַ היים

געגאַנגען, זענען אין דער היים ווען איך וועל זיין געזונט. זיי זענען געווען אַזוי גוט צו מיר, נאָך בעסער ווי דער זיידע וויליאַם״.

דזשימיס עלטערן האָבן ביידע ווי פאַרשעמטע אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ... זיך פריינדלעך געזעגנט און מיט פאַרטראַכטע בליקן באַגלייט דעם עלטערן איד ביז זיין אַרויס גיין פון דער טיר...

## אָקטאָבער 1984

# חכמת היד אויף דער פיפטע־עוועניו

די פיפטע עוועניו, אין מאַנהעטן, האָט זיך אויפֿגעוועקט פֿון איר נאַכט־שלאָף. די באַוועגונג אויף בײדע טראָטואַרן איז געווען געדיכט פֿון מענטשן וואָס האָבן זיך באַוועגט אין צוויי קעגנזײַטלעכע ריכטונגען. דער מענטשן־שטראָם, אַ געמיש און אַ רעפּרעזענטאַנץ פֿון דעם שוין אַזוי פּאָפּולער באַקאַנטן און זייער אָפֿט באַשריבענעם, ווער מיט ליבע, ווער מיט קריטיק און ווער גלאַט אַזוי פֿאַר דער כראָניק – דער אַמעריקאַנער שמעלץ־טאָפּ.

מענטשן, פֿון אַלע פֿאַרבן און קאָלירן, יונג און אַלט, מענער און פֿרויען, די טריט געאײַלטע, די קליידונג אַ געמישטע, פֿון אולטראַ־מאָדערן פֿיין אויסגעפּאַסטע עקזעקוטיוו־אָנצוגער בײַ עלטערע און מיטל־יעריקע מענער, ביז אויסגעריבענע רעקלעך מיט אָפּגעפּרעסטע הויזן פֿאַרדעקט פֿון אויבן מיט קאָלירטע לאַטעס, וואָס האָבן פֿון הינטן גאָר ניט געהאַט קיין דעקונג פֿון אַן אויסגעריבן לאָך...

די פֿרויען, מערסטנס אין בונטע פֿאַרבן קליידער, האָבן זעלטן אַדורכגעלאָזט די געלעגנהייט ניט צו כאַפּן אַ שנעלן געאײַלטן בליק אין די ברייט קוואַדראַט־קאַנטיקע שויפֿענצטער, וואו דורך די גלעזערנע שויבן האָבן מאַיעסטעטיש ״אַרויסגעבליקט״ ערנסטע און שמייכלענדיקע מאַנעקינס, אָנגעטאָן און אויסגעפּוצט אין פֿאַרשידנאַרטיקע קליידער און קאָסטיומען, וואָס האָבן צו יעדן פֿאַרבײַגייער וואָס האָט זיי געשאָנקען אַ בליק, ״צוריקגעענטפֿערט״ מיט דעם זעלבן, גלייכגילטיק שעלמיש קאָקעטישן שמייכעלע...

די בעלי־בתים פֿון די געשעפֿטן, היינט שוין אַ סך פֿון אָריענטאַלישער אָפּשטאַמונג מיט שמאָלע דיקע אויגן – שפּעלטלעך, אַרויסשטאַרצנדע באַקן ביינער, האָבן זיך געפּאָרעט בײַם אויפֿרוקן און אויפֿמאַכן די טירן און פֿענצטער פֿון די געשעפֿטן, וואַרפֿנדיק ווי בגניבה, אַ בליק אויף דעם שטראָם מענטשן, אויף דעם קלאָרן הימל, ווי וועלנדיק דערוואַרטן פֿון בײדע אַן ענטפֿער, צי דער טאָג וועט היינט זײַן גוט פֿאַר ביזנעס און צי ער וועט ניט אַנטוישן ווי נעכטן און פֿאַר נעכטן.

אין דעם גרויסן געדיכטן מענטשן־שטראָם אַרום דער 42סטער גאַס, האָט זיך ווי אויסגעטיילט פֿון אַלעמען, סײַ מיט זײַן קליידונג, סײַ מיט זײַן לאַנגזאַם געלאַסענעם גאַנג, אַ יונגערמאַן פֿון אַ יאָר 35, אָנגעטאָן אין אַ ברייטע שוואַרצע פּעלערינע, טראָץ דעם וואָס דער טאָג האָט שוין פֿון אינדערפֿרי אָנגעזאָגט אַז עס וועט זײַן הייס היינט. אויפֿן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ טונקל גרינעם ״פּראַנצויזישן״ בערעט, וועלכער האָט דאָך געמאַכט פּלאַץ פֿאַר דעם אַרויסזען פֿון אַ ברייטן ווייסן ״למדנישן״ שטערן, וועלכער האָט זיך ברייט

קאָנטראַסטירט פון אַ פּעך שוואַרץ, פיין אַרומגעשווירענע באָרד אַרום דעם פּנים, מיט ברייטע רונדיקע אויגן־גלעזער, פון וועלכע עס האָבן מיט אַ דורכדרינגלעכן, כמעט ווי היפּנאָטישן גלאַנץ אַרויסגעבליקט צו אייך, 2 גרין־בלויע אויגן פון אַ יוגנטלעכן חן.

געטראָגן האָט ער מיט זיך, אין איין האַנט אַ קליין רענצל, און אין דער צווייטער האַנט, אַ לייכט אויפלייג זיץ־בענקל, וועלכעס קען ווערן באַנוצט אויף יעדן פּלאַץ און יעדן אָרט. ווערנדיק ווי מיטגעטראָגן מיט דעם מענטשן־שטראָם, וועלכע האָבן זיך האַסטיק געאיילט צו זייערע באַשטימטע באַשעפטיקונגס־פּלעצער, האָט ער זיך ווי צוריקגעצויגן פון ווערן מיטגעריסן מיט דעם שטראָם, באַוועגט זיך לאַנגזאַם, מיט דורכדרינגלעכע בליקן, מיט אַ ווייכן גוטמוטיקן שמייכל אָבסערווירט די מענטשן אַרום, וואָס האָבן גאַנץ אָפט, אַפילו אין זייער האַסטיקן געיעג, אים צוריק געענטפערט מיט אַ פריינדלעכן פינטל פון אויג.

דער ציל פון זיין שפּאַציר איז געווען, ווי יעדן טאָג אין די לעצטע פּאָר וואָכן צו די הויפּט־ביבליאָטעק אין האַרץ פון מאַנהעטן, וואו אין אַ ווינקל ביים אַריינגאַנג האָט ער אויסגעשפּרייט אַ קליינע שטרויענע ראגאזשע וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון דעם רענצל, אויסגעטאָן דעם מאַנטל, אַוועקגעלייגט אים ערגעץ וואו. ער האָט נאָר געפונען אַ שטיקל פרייען פּלאַץ אַרום זיך, אויפגעעפנט און אַוועקגעשטעלט דאָס אויסלייג־בענקל און אַליין זיך געמאַכט באַקוועם אויף דער ראגאזשע צופוסנס דעם בענקל, וואו ער האָט געמיטלעך צוגעשפּילעט אַ קליינעם אָבער גענוג לעזבאַרן אַפּיש אין לאַטיינישע בוכשטאַבן "חאָכמאַט־האַיאַד" (חכמת היד) מיט אַ גלייכצייטיקע איבערזעצונג אין ענגליש, פראַנצויזיש און שפּאַניש.

זיצנדיק געמיטלעך, די פּיס פאַרלייגט "אַזיאַטישן סטיל", האָט ער דערווייל אַרויסגענומען פון דעם רענצל אַ פּאָר ביכלעך פון אַ פאַרשידנאַרטיקן קאָליר און גרויס, וואו אויף די שער־טאָוולען זיינען געווען אויסגעמאָלט פאַרשידענע פיגורן פון האַנט־פלאַכן מיט פאַרטייטשונגען אין פאַרשידענע שפּראַכן. וואָס ער האָט אָבער ניט אַרויסגעלאָזט פון האַנט און עס צוגעטראָגן האַרט צו זיך, ווי עס זעט אויס צוליב זיינע קורצזיכטיקע אויגן, איז געווען אַ קליין ספר׳ל מיט קליינע רש״י אותיות, אַרויסגעגעבן נאָך מיט יאָרן צוריק, וואָס איז געווען אַ געמיש פון קבלה און גימטריאות, און איז ווייזט אויס, לויט דעם פאַרטיפן זיך אין דעם מיסטעריעזן ספר׳ל און די הנאה־אויסדרוקן אויף זיין פּנים, געווען אפשר איינס פון די "אַרבעטס־מכשירים" צו די "פּרנסה" זיינע צו לייענען פון די מענטשלעכע הענט זייער פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און אפשר אויך די צוקונפט...

לאַנג אָבער האָט מען אים ניט געלאָזט זיצן און מעיין־זיין אין דעם ספר׳ל, ווייל פון אַנטקעגנאיבער איז צוגעקומען אַ יונגע פרוי, ווייזט אויס פון שפּאַנישער אָפּשטאַמונג, אויסגעשטרעקט צו אים אַ האַנט־פלאַך, און מיט אַ קלינגענדיק פריינדלעך שמייכעלע אין אַ געמיש פון ענגליש און שפּאַניש אים געבעטן ער זאָל לייענען פון איר האַנט און אויסטייטשן אירע זאָרגן און פּראָבלעמען.

ער האָט פריינדלעך מיט צוויי פינגער אָנגענומען איר קליינע האַנט, פאָרגעלייגט איר זיצן אויף דעם שמאָלן אויסלייג־בענקל, און מיט אַ קאָנצענטרירטן בליק און פאַרקנייטשטן שטערן שטודירט און זיך פאַרטיפט אין דעם לאַבירינט פון אירע זיג־זאַגישע לאַנגע און קורצע־שטריכן אין איר האַנט־פלאַך, אָפּטיילנדיק אַ פּאָר מאָל איין פינגער פון צווייטן, ווי ער וואָלט צווישן די פינגער שפּאַלטן געזוכט עפּעס אַ סוד און שטריך וואָס זאָל דער יונגער פרוי העלפן אירע פּראָבלעמען בייצוקומען.

אין אָפּגעהאַקטע ווערטער וואָס האָבן זיך אָפּטמאָל ניט געבונדן איינער מיט דעם צווייטן, וואָס האָבן אָבער געהאַט אין זיך דעם מאַגישן כוח פון אַבסאָלוטער זיכערקייט, פעסטקייט, גלויבן און איבערצייגונג, האָט ער דער יונגער פרוי אויפגעקלערט אַלץ וואָס ער האָט געקענט דעשיפרירן פון אירע הענט, דערקלערנדיק עס איר אין ווערטער וואָס זיינען ניט אַלע געווען פאַר איר קלאָר, וואָס האָבן זיך איר אויסגעדאַכט אַז זיי שטאַמען ערגעץ־וואו פון דער "ביבל". זיי האָבן אָבער געהאַט אין זיך דעם טאָן פון וואַרעמקייט, סימפּאַטיע און גלויבן, אַז ווי שווער און פאַרנעפּלט אירע דאגות און פּראָבלעמען זאָלן ניט זיין, וועט זי זיך שוין מיט זיי אַן עצה געבן.

זי האָט פון אַ שמאָל בייטעלע פון איר טאַש אַרויסגענומען אַ פּאָר דאָלאַר צו באַצאָלן אים פאַר זיין "אַרבעט" און עס באַזאַכט אַנידערגעלייגט אויף דעם בענקעלע וואו זי איז פריער געזעסן. דער יונגערמאַן האָט געכאַפּט אַ קורצן בליק אויף די באַנקנאָטן וואָס זיינען געלעגן פאַר אים, מיט אַ שעמעוודיק שמייכעלע אָפּגעטיילט אַ טייל דערפון און עס איר צוריקגעגעבן, זאָגנדיק דערביי אַז דער האָנאָראר פאַר זיין טירחה דעקט זיך מיט דעם פּרייז וואָס די מענטשן קענען זיך דערלויבן צו באַצאָלן, און באַקענענדיק זיך מיט אירע פּראָבלעמען, גלויבט ער אַז זי זאָל בעסער אויסנוצן די פּאָר דאָלאַר פאַר אירע פּערזענלעכע צוועקן.

מיט אַ פאַרטראַכטן און דאַנקבאַרן בליק, האָט די פרוי שטיל זיך געזעגנט מיט אים, אויסמישנדיק זיך גלייך מיט דעם גרויסן אַנאָנימען לויפנדיקן שטראָם מענטשן, וואָס האָבן אָנגעפילט די לענג און ברייט פון די ניו־יאָרקער גאַסן, איילנדיק זיך ווי צו וועלן פאַרכאַפּן און פאַרנעמען די בעסטע פּאָזיציעס וואָס דאָס לעבן און דער גורל האָט זיי אָנפּאַרטרויט, ניט ווויסנדיק און ניט

טראַכטנדיק, אַז ערגעץ־וואו אין אַ ווינקל פון דער גרויסער מעטראָפּאָליע, זיצט זיך אַ יידישער יונגערמאַן וואָס האָט נאָך יאָרן לאַנגע שטודירן אין ישיבות און אוניווערזיטעטן זיך אויסגעקליבן דווקא דורך די שטריכן פון דעם האַנט־פלאַך צו דערגייין די "סודות" און דעם גורל פון דעם מענטש.

אַ שטורמישע תקופה אין זיין לעבן האָט דער יונגערמאַן, וואָס הייסט זיך רופן "רובי" פון זיינע קליענטן, מיט וועלכע ער ווערט שנעל באַפריינדעט בעת זייערע וויזיטן ביי אים אין דעם שמאָלן ווינקל פון דער גרויסער שטאָט, אַדורכגעמאַכט. פאַרשידנאַרטיקע זוכענישן צו דערגרייכן די שלימות פון מענטש און נאַטור, האָבן אים באַשעפטיקט און געמאַטערט זינט זיין פריעסטער יוגנט.

אויפגעוואַקסן און דערצויגן אין דער איסט־סייד פון ניו־יאָרק, ביי אָרעמע אָבער האָרעפאַשנע עלטערן, וואָס האָבן געשפּאָרט זיך דעם ביסן פון מויל צו געבן אים די בעסטע דערציאונג, געשיקט אים לערנען אין די בעסטע תלמוד־תורה׳ס און ישיבות, איז ער נאָך פון דער גאָר יונגנט געווען אַן עילוי און אַ מתמיד, און געשניטן זיך אפשר מיט דער צייט צו ווערן אַ רב ביי יידן.

ווען ער האָט אָנגעהויבן לערנען אויך וועלטלעך וויסן אין איינעם פון די שטאָטישע אוניווערזיטעטן אין ניו־יאָרק, האָט ער זיך אָבער דורך אַ פּאָר שלעכטע חברים פאַרפלאָנטערט אויף אַנדערע וועגן, וואָס האָבן אים דערפירט אַפילו ביז צום ראַנד פון אָפּגרונט, דורך זוכן אַן אָנשפּאַר אין פאַרשידענע מזרח־עקזאָטישע קולט, וואָס עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט צו געפינען דאָרט אַן ענטפער אויף זיינע פראַגן און ספיקות.

ווייזט אָבער אויס, אַז דער זכות פון אַ שורש׳דיקער וואַרעמער יידישער היים און פון אַ געזונטן שכל׳דיקן אינסטינקט, און אפשר אויך די הילף פון אומבאַקאַנטע העכערע כוחות, האָט אים צוריקגעברענגט צו אַ ריינעם גייסטיק־יידישן גלייכגעוויכט, אָפּוואַרפנדיק אַלע פסול׳דיקע פרעמדע השפעות פון די פאַרשידענע קולטן און עבודה־זרות׳דיקע "קולטורן", און ער האָט צוריק "אָנגעקניפּט קאָנטאַקטן" מיט די גייסטיקע אוצרות פון יידישע קוואַלן פון קבלה און מיסטיק, מיט וועלכע ער האָט שוין געהאַט אַ "פלירט" אין די ערשטע יאָרן פון זיינע גייסטיקע זוכענישן.

אין די מינוטן און שעה׳ען, ווען ער איז פריי פון די "פרנסה"־פליכטן צו באַדינען די "קליענטן" וואָס שטרעקן אים אויס זייערע הענט ער זאָל זיי געבן באַשייד אויף זייערע זאָרגן און דאגות, זיצט ער זיך פאַרטיפט אין זיינע פילאָזאָפישע ספרים און ביכער, אין פאַרשידענע שפראַכן מיט וועלכע ער איז געניט היימיש, פון וועלכע ער שעפּט אינספּיראַציע, גלויבן און בטחון אין מענטש און זיין באַשעפער. ער אידענטיפיצירט זיך מיט זיין אַרבעט און האָט

די אַרבעט ליב, ווי צוגלייך אויך די מענטשן וואָס שטרעקן אים אויס זייערע הענט.

ווען איר וועט אים באַגעגענען – צאָלט אים אָפּ מיט דעם זעלבן.

**יולי, 1986**

# אין דער רייע, צו ווערן מיליאָנערן...

ס׳איז דאָ אַן אַלט יידישער זאָג: ״מיליאָנען, וואַקסן נישט אויף קיין בוימער״. דער געדאַנק פון דעם זאָג איז, אַז אין לעבן איז גאָר נישט אַזוי לייכט צו ווערן אַ מיליאָנער. ווען איר האָט זיך אָבער צוגעקוקט די פאָריגע וואָך צו די לאַנגע רייען מענטשן אין די פאַרשידענע געגענדן פון ניו־יאָרק, וועלכע זיינען געדולדיק געשטאַנען, אָפטמאָל שעהן לאַנג פאַר די ספּעציעלע צייטונגס סטענד און פלעצער וואו מען האָט געקענט איינהאַנדלען די לאָטעריע צעטלען צו געווינען דאָס גרויסע געווינס אין דער ציאונג פון מיטוואָך אויגוסט דעם 14טן, זיינען אייך זיכער באַפאַלן געדאַנקען און טראַכטונגען וועלכע זענען נישט אַלע מאָל אין הסכם מיט דעם ראַציאָנעלן געדאַנקען גאַנג פון דעם אַרומיקן טאָג טעגלעכן לעבן.

רייען (קאלעיקעס בלע״ז), יינען נישט קיין גאָר אָפטע דערשיינונג אין אַמעריקע, ווי אַ שטייגער אין רוסלאַנד, אויב איר האָט געהאַט דעם ״זכות״ דאָרט צו זיין און אָפּשטיין שעהן לאַנג, ספּעציעל אין דער מלחמה צייט פאַר יעדע זאַך אין דער רייע צו קויפן, אָנהויבנדיק פון אַ ביסל זאַלץ, ביז אַ שטיקל זייף.

יאָ, אין אַמעריקע קענט איר זען לאַנגע רייען פון מענטשן נאָך בילעטן פאַר געוויסע ספּאָרט פלעצער, וואו עס קומען פאָר קאָנקורירנדע פאַרמעסטונגען פון פּאָפּולערע ספּאָרט שפּילערייען, אָדער גאָר פאַר די מואווי־טעאַטערס וואו עס ווערן געוויזן בילדער צוגעפּאַסט צום געשמאַק פון דער גאַס.

די אַלע, ספּעציעל די קאָנסומענטן פון די מואווי־טעאַטערס מיט די צווייפעלהאַפטע רעפּוטאַציעס, זיינען מענטשן אין רוב פון יונגן עלטער, וועלכע קוקן מיט נייגער און אויפגעריסענע אויגן אויף אַלץ וואָס די ״גאַס״ ליפערט פאַר זיי אין וואָרט, שריפט און בילד, אָן שלייער און פאַרדעקונג, וואָס מער שרייענדיג אָפן, אַלץ בעסער.

דאָ אָבער אין די גאַסן, האָט איר געזען פאַר זיך לאַנגע רייען פון ״סטאַטעטשנע״ ערנסטע מענטשן, מענער, פרויען, יונגע, אַלטע, שוואַרצע, ווייסע, אומעטיגע און שמייכלדיגע, פראנטיש געקליידעטע, צוגלייך מיט לאַטעס אויף די שמאָלע הויזן אַרויפגעצויגענע... מיט איין וואָרט דער גאַנצער קאַליידיסקאָפּ פון דעם אַמאָל אַזוי שטאַרק פּאָפּולער באַשריבענעם שמעלץ טאָפּ פון אַמעריקע. טייל האָבן געהאַלטן אויסגעשריבענע צעטעלעך מיט נומערן צונויפגעשטוקעוועט דורך פאַרשידענע רמזים מיט דאַטעס פון געבורטסטעג, חתונות פון זיך, קינדער אייניקלעך און גלאַט אַזוי היימלעכע געדענק דאַטעס, מיט דער האָפנונג און ווונטש אַז די נומערן פון די דאַטעס

זאָלן זיך פונקט אַריינפּאַסן צו די 48 נומערן פון די רויטע לאָטעריע צעטעלען...

עס קניפּן זיך דערוויילע אָן פריינדלעכע געשפּרעכן צווישן די "קאַלעיקע" שטייער וועגן די שאַנסן און מעגליכקייטן צו געווינען דאָס גרויסע געווינס, וואָס האָט דאָס מאָל דערגרייכט די אַסטראָנאָמישע ציפער פון 41 מיליאָן, אַ רעזולטאַט דערפון וואָס ביי די לעצטע ציאונגען האָט קיינער פון די שפּילער נישט דערגרייכט די "גליקלעכע" 6 ציפערן. טראָץ דעם אָבער זיינען היינט ווידער דאָ מיליאָנען מענטשן וואָס לויפן נאָך ווי נאָך דעם מיראַזש אין די אויסדרוכטעניש פון אַ ליכטיג פלעמל אין אַ בלאָנדזשענדיקן וואַלד. מען טוישט זיך אויס מיט מיינונגען, דערפאַרונגען און אויסגערונענע האָפענונגען צו דערגרייכן די כשוף׳דיקע 6 ציפערן...

ביים דערמאָנען דעם נומער 6 וואַרפט איינער גלייך אַריין די מענאַרכאַלישע דערמאָנונג אַז צו געווינען דעם גרויסן געווינס, דאַרף מען האָבן דעם מזל צו זיין אין געווינער קעגן 6 מיליאָן פּאַרלירער! איינער קעגן 6 מיליאָן! דערביי האָט איינער אויסגענוצט דעם באַקאַנטן שפּאַסיקן זאָג, אַז אין לעבן האָט יעדער מענטש כמעט אַ גרעסערן "שאַנס" צו ווערן געטראָפן פון אַ דונער, ווי צו געווינען אין דער לאָטעריע איינער קעגן 6 מיליאָן...

דאָך האָט זיך קיינער נישט גערירט פון אָרט אַרויסצוטרעטן פון די רייען און אויפגעבן דעם גרויסן חלום פון ווערן רייך און קאָנען כאָטש אַפילו בלויז פאַנטאַזירן, וואָס ער וואָלט געטאָן מיט די מיליאָנען ווען ער וואָלט זיי געוואונען...

מ׳קען נישט זאָגן אַז די אויסבגעטרוימטע "מיליאָנערן" זייען געגאַנגען אינגאַנצן לאיבוד... זיי האָבן אויסגעוואַנדערט אַ וועלט און באַקאַנט זיך מיט נייע לענדער פעלקער און קאָנטינענטן ( אַ טרוים פון כמעט 90 פּראָצענט פון די, "אויב איך וואָלט געוואונען"), זיי האָבן געטוישט אָדער בכלל אויפגעגעבן זייערע דזשאָבס, געקויפט זיך נייע קאַרס, הייזער, אָדער זיך געקאָנט דערלויבן דעם לוקסוס פון וואוינען אין מאַנהעטן פאַר $2000 אַ מאָנאַט רענט... אַ סך זיינען געווען געניג אַלטרואיסטיש (אַלץ ליידער בלויז אין דער פאַנטאַזיע...) פון העלפן קראַנקע, בויען שפּיטעלער, זאָרגן פאַר עלטערע טאַטע מאַמע און נאָך אַזעלכע גוטע זאַכן. אָבער ווי אַלץ אין דער פאַנטאַזיע, האָט די רעאַליטעט איר לעצט און אמת וואָרט...

אָט האָט איינער פון די וואַרטנדיקע אין דער רייע דערציילט, אַז ער האָט לעצטנס געזען אויף דער טעלעוויזיע אַן אינטערוויו מיט 2 מענטשן פון די פאָריקע יאָרן וואָס האָבן געוואונען די גרויסע געלט-געווינסן, אויף דער פראַגע פון דעם רעפּאָרטער, צי די געוואונענע מיליאָנען האָבן עפּעס

געענדערט דעם כאַראַקטער פון זייער פריוואַטן לעבן, האָבן זיי בײדע כמעט מיט דעם זעלבן פאַריסענעם שטאָלץ דערציילט וועגן זייער "נייעם" לוקסוריעזן לעבן וואָס זיי זענען אומשטאַנד צו פירן אַ דאַנק די געוואונענע מיליאָנען, די רייכע האָטעלן און רעסטאָראַנען וואו זיי קענען פאַרברענגען, אַרויסשטעלנדיק דערביי פאַר די קאַמעראַס די 500 דאָלאַרדיקע סוטס וואָס זיי קאָנען זיך היינט דערלויבן צו טראָגן, אָנווייזנדיק דערביי מיט אַ האַלב פאַרלייגטן שמייכל אויף די אַרויסשטאָרצנדיקע בייכעלעך וואָס זיי האָבן זיך איינגעהאַנדלט אַ דאַנק די פעטע און רייכע מאכלים אין די טייערע רעסטאָראַנען וואו זיי פאַרברענגען לעצטנס...

דאָס האָט אָבער ווייזט אויס נישט פאַרשלאָגן דעם אַפעטיט פון די טויזנטער און טויזנטער טעלעוויזיע צושויער, צו שטעלן זיך אין דער רייע און מיטמאַכן דעם גרויסן "גאָלד־ראָש" וואָס האָט אַרומגעכאַפּט ניו־יאָרק און די שטעטלעך אַרום, ווען מענטשן האָבן געזוכט מיטן כוח פון אַ דאָלאַר צו ווערן מיליאָנערן.

אַוודאי, נאָך יעדער ציאונג פון דער לאָטעריע, באַווייזן זיך אויף דער טעלעוויזיע און אין דער פרעסע אַ 2־3 שמייכלדיקע גליקלעכע פּנימער, וואָס דער חלום, דער טרוים צו ווערן רייך האָט דאָס מאָל צו זיי אויך צוגעשמייכלט, פונקט ווי ביי די פיל מיליאָנען מענטשן וועלכע צוזאַמען מיט די פאָר דאָלאַר, האָבן זיי אויך אָנגעוואוירן דעם חלום צו ווערן שנעל רייך און זיך צוריק געקערט צו זייער אַלטער לעבנס־געוואוינהייט.

אָבער נישט געזאָרגט, די מידיאַ, די פרעסע, די ראַדיאָ וועט זיי אינגיכן צוריק אַרויסרופן פון זייער גרויסער רעאַליטעט. פאַר דעם פרייז פון אַ פאָר דאָלאַר וועט מען צוריק פאָרזעצן דעם איבערגעריסענעם חלום פון מיליאָנען מענטשן צו ווערן מיליאָנערן.

ווי זינגט דאָרט דער באַקאַנטער ישראל פּאָעט י. פּאַפּיערניקאָוו:

זאָל זיין אַז איך ברי אין דער לופטן מיינע שלעסער.
זאָל זיין אַז מיין שיף וועט קיינמאָל נישט קומען צום ברעג.
אין טרוים איז מיר העלער, אין טרוים איז מיר בעסער.

**אויגוסט 1992**

# גרוסן פון מיאַמי ביטש

דער פלי פון ניו־יאָרק קיין מיאַמי דויערט נישט מער ווי צוויי־שעה, אָבער וואָס פאַראַ קאָלאָסאַלער אונטערשיד סיי אין קלימאַט, סיי אין דער גאַנצער נאַטור.

איר זיצט אין דעם אויטאָ וואָס פירט אייך פון לופט־פעלד, און איר באַטראַכט דעם בלויען, זוניקן הימל, וואָס איז אַזוי אַנדערש ווי דער וואָס האָט אייך, מיט סך־הכל דריי שעה צוריק, אַן אָנגעכמורעטער אַרויסבאַגלייט ווי פון אַן אַנדער פּלאַנעט צו אַ זוניקן ברעג...

איר הויבט־אָן פאַרשטיין פאַרוואָס מיאַמי ביטש ווערט נישט "צוגעגעסן" אַפילו פאַר די, וועלכע קומען שוין קיין מיאַמי אָן איבעררייס עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד. ס'איז אַ פאַקט, אַז מיאַמי־ביטש האָט שוין אַ "טראַדיציע" אין די לעצטע צוויי־דריי צענדליק יאָר צו ווערן אַ צוציאונגס־פונקט פאַר מענטשן וואָס וואוינען אין די קאַלטע שטאַטן אין אַמעריקע, קאַנאַדע און אין פאַרשידענע טיילן פון אייראָפּע. מענטשן ווילן איבעררייסן ערגעץ־וואו אַ קאַלטן ווינטער מיט שביי־זאוויארוכעס און אַנדערע קאַלטע נאַטור־"געשאַנקענ". זיי ווילן זיך אַנוואַרעמען אין אַ זוניקן, מילדן קלימאַט, הנאה האָבן פון אַ פרעכטיקן פרייען אויסקוק צום ים, וואָס פאַרכישופט אייך מיט זיינע פילפאַרביקע קאָלירן ביים טאָג־אויפשפּראָץ, וואָס חזרט זיך איבער מיט זיינע רעגנבויגנדיקע פאַרבן, וואָס הענגען האַלב אין הימל, האַלב אין ים, ביי זיין שטילער שקיעה, ווען דער טאָג לאָזט זיך לאַנגזאַם אַרונטער ביי זיין שטילן פאַרגאַנג.

די לעצטע יאָרן, אָבער, איז מיאַמי־ביטש אויך "באַרייכערט" געוואָרן נישט בלויז מיט אירע נאַטור־לאַנדשאַפט אויסקוקן, נאָר אויך מיט גייסטיקע קולטור־אַקטיוויטעטן, וואָס ברייטערן זיך אויס ספּעציעל אין די דריי־פיר ווינטער־זומער מאָנאַטן, ווען די געסט פון די פאַרשידענע שטאַטן פון אַמעריקע און קאַנאַדע פאַרפילן די האָטעלן און האָטעלעכלעך אין דער לענג און ברייט פון דער שטאָט מיאַמי, ווי אויך די שיינע און עלעגאַנטע פאַרשטעט האַלענדעיל, האָליוואוד און נאָרט מיאַמי.

די גייסטיקע קולטור־טעטיקייט שליסט־איין אַלע רעליגיעז־אָרטאָדאָקסישע דימענסיעס, מיט די חב"ד־אינסטיטוציעס בראש.

אויך גערויסע וועלטלעכע קולטור־אַקטיוויטעטן זעען זיך אָן ספּעציעל אין דעם דריי־פיר מאָנאַטלעכן סעזאָן פון יאַנואַר ביז מערץ, ווען לעקציעס,

פאָרלעזונגען און קאָנצערטן קומען דאָ אָפּט פאָר, מיט אַ גרויסער צאָל באַזוכער.

זייער פּאָפּולער און באַקאַנט איז די "ייוואָ־טעטיקייט אין מיאַמי־ביטש, וועלכע אָרדנט־איין יעדן מיטוואָך אין דעם באַקאַנטן טעמפּל "בית שלום", אַ לעקציע פון פּרעלעגענטן, געבראַכט פון אויסער דער שטאָט אויף פאַרשידנאַרטיקע טעמס. אָפּט־מאָל צוזאַמען מיט אַ קאָנצערט, וואָס ציט־צו אַ גרויסע באַזוכערשאַפט פון איינוואוינער און געסט.

אַ סך קומען צו די לעקציעס נישט בלויז כדי צו ווערן אַביסל קליגער (דאָס אויך...), נאָר כדי זיך ווידער צו טרעפן מיט באַקאַנטע און פריינד פון פאַרשידענע שטעט פון אַמעריקע אָדער קאַנאַדע, פאַר וועלכע מיאַמי־ביטש איז דער יערלעכער "ראַנדעוואו", וואו די באַקאַנטשאַפט ווערט באַנייט דורך אַ האַרציקן אַרומכאַפּן זיך און מיט אַ פאַרבאָרגענעם זיפץ פון באַדויערן דאָס "עלטערן" זיך פון דעם נאָענטן פריינד... אָבער נישקשה. מיאַמי־ביטש לאָזט נישט צו קיין עצבות... מיט אַ מינוט שפּעטער, אין אַ היימלעכן שמועס פון קעגנזייטיקע גרוסן פון שמחות ביי קינדער, אייניקלעך און אַזוי ווייטער, קלאַפּט מען זיך פרידלעך אין דער פּלייצע מיטן אַלטן טראַדיציאָנעלן סלאָגאַן פון: "אַבי מען זעט זיך...".

ספּעציעל דערפאָלגרייך אין "ייוואָ" זיינען די לעקציעס, וואו די לעקטאָרן זיינען פון אַזאַ מדרגה ווי דר. העשיל קלעפּפיש, היסטאָריקער, פאָרשער און פיינער אָראַטאָר. אָדער דער באַקאַנטער עסייאיסט און שרייבער איטשע גאָלדבערג.

אָבער אויך נגינה, געזאַנג און מוזיק ווערן זייער גוט אויפגענומען דורך אַ גרויסן עולם באַגייסטערטע צוהערער. כ'האָב געהאַט די געלעגנהייט צו זיין דעם 3־טן מערץ 1993 אויף אַ "ייוואָ"־קאָנצערט, געווידמעט דעם אָנדענק פון באַליבטן זינגער סידאָר בעלאַרסקי, אָרגאַניזירט אויף דער איניציאַטיוו פון זיין טאָכטער, איזאַבעל.

דער קאָנצערט האָט צוגעצויגן איבער 400 מענטשן, וועלכע האָבן מיט באַגייסטערונג אויפגענומען די סאָליסטין און אָפּעראַ־זינגערין לארעטא די פראַנקאָ, אַ תלמידה פון סידאָר בעלאַרסקי, ווי אויך בעלאַרסקיס אַ תלמיד, דער חזן און פאָלקס־זינגער איטשעלע גוטפריינד. זיי האָבן געגעבן אַ רייכן בעלאַרסקי־פּראָגראַם, וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען ביים עולם.

ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז דעם אינטערעסאַנטן בעלאַרסקי־פּראָגראַם, ווי בכלל אַלע קולטור־אונטערנעמונגען פון "ייוואָ" אין מיאַמי ביטש, האָט לעצטנס אָרגאַניזירט און אָנגעפירט דער פּעדאַגאָג און לערער סענדער ווייסמאַן, וועלכער האָט, מיט אַ וואָך פריער, געגעבן, צוזאַמען מיט זיין פרוי,

מינדעלע, אַ קאָנצערט געווידמעט די שאַפונגען פון דיכטער און שרייבער וואָלף יוניך, וואָס האָט אויך שטאַרק אויסגענומען ביים עולם.

אויך דער "יוואָ"־באַנקעט, וואָס קומט־פאָר יערלעך מיט דער באַטייליקונג פון אַ גרויסן עולם, מיט אַ פאָנד־זאַמלונג פאַר די "ייוואָ"־הצטרכותן, האָט זיך הײַיאָר אויסגעצייכנט מיט אַ געקליבענעם עולם, וואו דער גאַסט־רעדנער איז געווען דער באַקאַנטער קולטור־דירעקטאָר עמעריטוס פון אַרבעטער־רינג, יאָסל מלאָטעק פון ניו־יאָרק, וועלכער האָט געהאַלטן אַ ביז־גאָר אינטערעסאַנטן רעפעראַט, געווידמעט דעם 85־סטן יאָרטאָג פון דער היסטאָריש־באַרימטער יידיש־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ. דער רעפעראַט פון יוסף מלאָטעק האָט געהאַלטן געשפּאַנט דעם צאָלרייכן עולם אויף דעם באַנקעט.

ווי אַלע יאָר, האָט אויך דער קלוב "אַנאַטעווקאַ", אַ פּראָדוקט פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע "קולטור־ליגע", אונטער דער אָנפירונג פון באַקאַנטן בונדישן טוער אין פילאַדעלפיע, יאָסל רוס, איינגעאָרדנט אַ צוזאַמענקונפט אין נאָרט מיאַמי־ביטש, געווידמעט דעם אָנדענק פון אַרטור זיגלבוים, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון דער פוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן און איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אַלס פּראָטעסט קעגן דער אויסמאָרדונג פון די פוילישע יידן, ווענלנדיק מיט זיין זעלבסטמאָרד אויפרודערן די עפנטלעכע מיינונג אין דער וועלט פאַר זייער שטילשווייגנדן נישט־רעאַגירן קעגן די דייטשע רציחות אויף די יידן.

הרב קלעפּפּיש האָט אויף דער "אַנאַטעווקאַור־פאַרזאַמלונג, אין אַן עמאָציאָנעלער רעדע, דערציילט וועגן זיין באַקאַנטשאַפט מיט אַרטור זיגעלבוים, זייענדיק מיט אים צוזאַמען אין לאָנדאָן ביזן לעצטן טאָג פון אַוועקגעבן זיין לעבן אין פּראָטעסט קעגן דער היפּאָקריטיש־שטילשווייגנדער וועלט, צוזעענדיק די דייטשע רציחות ביים אומסאָרדן די פּוילישע יידן.

אויך אַנדערע קולטור־גרופּן און אָרגאַניזאַציעס, ווי דער פּינסקי־קלוב אין מיאַמי, וועלכער איז אַ גאַנץ יאָר אין אַ כמעט־וואַקאַציע צושטאַנד, לעבט־אויף אין די דריי־פיר מאָנאַטן, ווען די "אויסלענדישע" ווינטער־פויגל קומען צו פליען און פּילן־אויס דעם גרויסן זאַל מיט אַ גרויסן עולם אויף די שבת׳דיקע אונטערנעמונגען, אָנגעפירט פון דער באַקאַנטער קינסטלערין שרה פערשקאָ, וואָס האָט איבערגענומען אַ ירושה פון דעם נישט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם פעדאַגאָג און לערער ל. לאָסאָוויץ ז״ל, וועלכער האָט אָנגעפירט מיטן קלוב ביז זיין אַוועקגיין אין דער אייביקייט.

שרה פערשקאָ, די באַליבטע אַרטיסטין, וועלכע האָט, אַגב, מיט אַ פּאָר מאָנאַטן צוריק געיום־טוב׳ט איר 75־סטן געבורטסטאָג ביי אַן אינטימען

צונויפקום פון אירע פריינד ביי דער באַקאַנטער דיכטערין גרוינא קאָהן פון מאָנטרעאָל, וועלכע האָט געגעבן אַ דירנדע אָפּשאַצונג וועגן שרה׳ן אין דעם זשורנאַל "אָנהויב", האָט דעם קלוב אויפגעהויבן צו אַ קולטורעלן "יש" אין מיאַמי.

אין דער אַרבעט העלפט איר אויך אַרויס דער וויצע־פּאָרזיצער פון קלוב, דוד יאָקובע, אַ פיינער רעציטאַטאָר און פּאָרלייענער, וועלכער באַשיינט כמעט יעדן צוזאַמענקונפט פון קלוב מיט פּאַסנדע הומאָרפולע פּאָרלייענונגען פון בעסטן רעפּערטואַר פון יידישן וואָרט. אויך די ליטעראַריש־פּובליציסטישע פּראָגראַמען אין קלוב שטייען אויף דער געהעריקער הויך.

כ׳האָב געהאַט די געלעגנהייט צו הערן אַ ביז־גאָר אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונג וועגן דער שואה־עפּאָכע און איר אויסווירקונג אין דער יידישער גצזעלשאַפט, פון אַ באַקאַנטער פאָרשערין און דירעקטאָרין פון יודאַאיסטישע לימודים אין מיאַמי־אוניווערזיטעט, דר. העלען פייגין. דער רעפעראַט פון דר. פייגין האָט איבערגעלאָזן אַ שטאַרקן איינדרוק אויף אַלע צוהערער.

מיט אַן אָפּהאַנדלונג וועגן שמעון דובנאָוו האָט זיך אויך אין דער צווייטער וואָך באַטייליקט דער באַקאַנטער קולטור־טוער פון טאָראָנטאָ, ישראל קאַפּיטאָ.

אויך דער רעליגיעזער סעקטאָר אין מיאַמי־ביטש, ספּעציעל די ליובאַוויטשער באַוועגונג, האָט דאָ געשלאָגן טיפע וואָרצלען, און לאָזט זיך הערן אַ גאַנץ יאָר, און נאָך מער אין די פיר ווינטער־מאָנאַטן, וואָס זיינען פּאַר די געסט די שענסטע זומער־מאָנאַטן.

אין די גלאַט־כשרע האָטעלן ווי "קאַריביען", "קראַון" און אַנדערע, קענט איר יעדן שבת, אָדער פּרייטיק נאָך קבלת־שבת, הערן אַן אָפּהאַנדלונג אָדער אויסטייטש פון דער סדרה פון דער וואָך, אָדער גלאַט (טאַקע אַ גלאַט־כשר׳ן) רעפעראַט מעניני דיומא פון הרב הגאון ר׳ שמחה עלבערג, הרב הגאון ר׳ חיים יצחק פופקא און אַנדערע רבנים, אָפּטע געסט אין מיאַמי ביטש.

כ׳האָב געהאַט די געלעגנהייט צו הערן אַן אינטערעסאַנטע דרשה פון הרב פופקאָ אין דעם קאַריביען האָטעל, געווידמעט דער אָנגעווייטיקטער פראַגע אין יידישן לעבן אין אַמעריקע, די געמישטע חתונות, וועלכע דערגרייכן שוין ליידער צו גאָר גרויסע נומערישע צאָלן.

הרב פופקאָ האָט גערופן צו שאַפן אַ רעליגיעזן יוגנט־קאָרפּוס, פון וועלכן יעדער איינער זאָל אָפּגעבן אַ מינימום פון צוויי יאָר, צו גיין אין די פּאַרוואָרפנסטע יידישע ישובים אין אַמעריקע, צו לערנען יהדות־פּרינציפּן און רעלגיעזער אויפקלערונג אין דעם קאַמפּעין קעגן דער פּלאָג פון געמישטע

חתונות, ווי בכלל קעגן די אַסימילאַציע־טענדענצן, וואָס רייסן זיך אַריין אין געוויסע טיילן פון דער יידישער געזעלשאַפט אין אַמעריקע. ס׳איז נאָר אַ שאָד וואָס אָט די שיינער געדאַנק פון ״גיין אין די פאַרוואָרפנסטע יידישע ישובים אין אַמעריקע צו לערנען יהדות־פרינציפן״, איז געהערט געוואָרן פון אַן עולם, די מערסטע עלטערע מענטשן און שווער־לייביקע, וואָס דאָס ״גיין״ פאַר זיי איז שוין אַביסל צו־שווערלעך...

דער טעמפל ״עמנואל״ אין מיאַמי־ביטש, אונטער דער פירערשאַפט פון ראַבאַי דר. אירווינג לערנער, וועלכער ציט־צו יעדן פרייטיק אָדער שבת צו די ״סערוויסעס״ אַ פאַרשידנאַרטיקן עולם, האָט דאָס יאָר, אין אַ זונטיק אָוונט, געעפנט די טירן פאַר אַ גייסטרייכן ליטורגישן חזנים־קאָנצערט, מיטן אָנטייל פון 35 חזנים פון פאַרשידענע שטעט אין אַמעריקע און קאַנאַדע. ווען איינער פון די חזנים האָט אַריינגעפלאָכטן אין דעם פּראָגראַם אויך עטלעכע יידישע לידער, וואָס האָבן דערמאָנט אין די ״סעקאָנד עוועניו״ צייטן פון יידישן טעאַטער, האָט דער עולם אים באַגייסטערט אַפּלאָדירט, און פאַרלאַנגט וואָס מער און מער פון דעם שניט. דאָס באַווייזט, אַז ״לא אלמן ישראל״, דאָס יידישע וואָרט האָט נאָך אַ פּאָר חסידים וואָס ווילן עס הערן, זען און לייענען.

צו באַקרעפטיקן דעם דאָזיקן פאַקט, קען מען זיך איבערצייגן יעדן פרייטיק אינדערפרי, נאָך פאַרן עפענען די געשעפטן וואו עס ווערן פאַרקויפט די יידישע צייטונגען, דער ״אַלגעמיינער זשורנאַל״ און דער ״פאָרווערטס״, וואו צענדליקער מענטשן שטעלן זיך אויס אין לאַנגע רייען כדי וואָס פריער אַריינצוקומען אין געשעפט, ווייל שפּעטער קענט איר נאָך אַמאָל האָבן אַ ״פאַרשטערטן״ שבת זעענדיק ווי אייער שכן אין דער ריי כאַפּט טריאומפירנדיק אַרויס דעם לעצטן עקזעמפּלאַר פון ״פאָרווערטס״ אָדער פון ״אַלגעמיינעם זשורנאַל״ און איר בלייבט נעבעך ווי ״אַ... ביי דער דאָראָזשקע...״. הלוואי אויף אונזערע יידן אין אַמעריקע און קאַנאַדע געזאָגט געוואָרן, וואָס לויפן נאָך די גויאישע צייטונגען צו לייענען יידישע נייעס...

און צום סאַמע סוף, נאָך אַ קליין אָפּטימיסטיש בלימעלע פאַרן יידישן וואָרט. דאָס שבת־יום־טוב׳דיק יידיש־ווינקעלע, געשאַפן מיט דריי יאָר צוריק אין דעם באַקאַנטן קאָנדאָמיניום האָטעל אויף 100 לינקאָלן ראָוד, פון אַ חשובן רב אין ווינניפעג און אַ וועלטלעכן זשורנאַליסט פון ״אַלגעמיינעם זשורנאַל״, איז אין אַ גוטן מאַטעריעלן (ווייל מיר פאַרלאַנגען נישט קיין בילעטן ביים אַריינגאַנג...) און גייסטיקן צושטאַנד. אין עטלעכע מוצאי־שבתים פעלן שוין אויס בענקלעך צום זיצן (הלוואי פאַר אונזערע ״כלל־טוער״ געזאָגט געוואָרן...). צו די שטענדיקע ״טאַלאַנטן״ וואָס אונטערהאַלטן דעם עולם, ווי ישראל קאַפּיטאָ, דוד יאַקובע, ישראל אַפּעל און אַנדערע,

מעלדן זיך יעדע וואָך נייע טאַלאַנטן, אַזוי אַז מיר זיינען שוין פאַרזאָרגט אויפן קומענדן סעזאָן, און אפשר נאָך ווייטער.

דער איינציקער "שטער" קען נאָר זיין, אויב משיח זאָל דערווייל קומען... דאַן פאַרבעטן מיר אַלע געסט און טאַלאַנטן פון 100 לינקאָלן ראָוד אויף אַ גרויסאַרטיקן באַנקעט אין ירושלים, וואו אונזער רב פון ווינּיפּעג, הרב ווייצמאַן, וועט אונז אויפקלערן וועגן די מצוות התלויות בארץ... אמן, כן יהי רצון.

**סעפטעמבער, 1993**

# רעליגיע, טראַדיציע
# און וועלטלעכע יידישקייט

## (אויפֿן סמך פֿון אַ פֿרייער דיסקוסיע)

וואָס שטעלט מיט זיך היינט פֿאַר וועלטלעכע יידישקייט? די אַלטע קאָנצעפּציע פֿון דער השכלה־באַוועגונג "זאָלסט זיין אַ ייד אין שטוב און אַ מענטש אין גאַס" – אַ לאָזונג וואָס האָט געשמעקט מיט אַ געוויסן קליינוווערטיקייט־געפֿיל ביי די אַמאָליקע משכּילים, וועלכע האָבן מורא געהאַט אַז יידישקייט זאָל זיך נישט צופֿיל וואַרפֿן פֿאַר דעם גויאישן אַרום, איז שוין לאַנג געוואָרן אָפּגעוואָרפֿן פֿון אַלע וועלטלעכע יידן, וועלכע זיינען היסטאָריש־גענומען די יורשים פֿון דער השכלה־באַוועגונג, וואָס האָט געוואָלט פֿאַרוועלטלעכן דעם רעליגיעזן שטייגער־לעבן אין מזרח־אייראָפּע.

פֿאַרבייגייענדיק דאַרפֿן מיר אונטערשטרייכן, אַז רעליגיעזע יידן זיינען ניט קיין איינהייטלעכע גרופּע. ס'ווילט זיך אויך דערמאָנען, אַז ס'געפֿינען זיך רעליגיעזע יידן, וואָס אינדענטיפֿיצירן זיך ניט מיט קיין איינער פֿון די אָפֿיציעלע רעליגיעזע ריכטונגען און שולן. אין אונזער היינטיקן אַרטיקל אינטערעסירט אונז אָבער דער פּראָבלעם פֿון וועלטלעכער יידישקייט.

יידישקייט און וועלטלעכקייט זיינען פֿאַר היינטיקע וועלטלעכע יידן נישט קיין צוויי באַזונדערע פּלאַנעטן. גיכער זיינען זיי ווי אַ סיאַמער־צווילינג, וועלכן ס'איז שווער אָפּצוטיילן איינער פֿון צווייטן. נישט אומזיסט וועט איר נאָך ביי אַ סך היינטצייטיקע וועלטלעכע יידן הערן די שטרעבונג צו אַ "שענערער און בעסערער וועלט".

מען דאַרף זיך גאָרנישט שעמען דערמיט, אַז גענומען האָבן זיך די לאָזונגען אָדער וואונטשן פֿון אונזערע אַלטע מקורים און נביאים, וועלכע האָבן נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק גערופֿן צו ליבעראַלע און רעפֿאָרם־געזעצן, ווי אויך אַ פֿולער אַנטוואָפּענונג צווישן פֿעלקער. דער קאַרדינאַלער פּרינציפּ פֿון וועלטלעכקייט, צו קענען לעבן בשלום מיט יידישקייט, איז אַרויסצוהויבן די הומאַניטאַרע געזעצן וואָס זיינען געשאַפֿן און אויסגעאָרמירט געוואָרן אין משך פֿון דורות, אויב זיי קענען אינטעגרירט ווערן כדי אויפֿצוהאַלטן אונזער קיום אַלס פֿאָלק – דאַרפֿן זיי זיין אַ באַשטאַנדטייל פֿון וועלטלעכער יידישקייט.

מאָדערנע וועלטלעכע יידן שליסן נישט אויס די עטישע ווערטן פֿאַר יידישקייט גענומען פֿון דער פֿרעמד. מען קען זיי אָבער גענוג געפֿינען אויף אונזער אייגענעם היימישן באָדן. מיר זיינען צום גליק באַשאָנקען מיט אַ רייכער גייסטיקער ירושה, אָנגעזאַמלט אין משך פֿון לאַנגע דורות, וואָס אויב

אַפילו זי איז באַהויכט מיט אַ געוויסער רעליגיעזקייט, איז זי וויכטיק פֿאַר וועלטלעכע יידן.

אינטערעסאַנט, אַפילו די היינטיקע מאָדערנע יוריספּרודענץ האָט נישט איינמאָל געוואָרפֿן אַ נייגעריקן בליק אויף פֿאַרשיידענע פּלפּוליסטיש־יורידישע באַטראַכטונגען און פּסקי־דינים פֿון תּלמוד. דאָס זעלבע אויך וועגן דעם מעטאַפֿיזיש־מיסטישן לאַבירינט פֿון דער קבלה־ליטעראַטור. אויך דאָרטן האָבן וועלטלעך־מאָדערנע יידן אַ סך אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל פֿאַר זייער יידישקייט און זיי וועלן נישט "געניזוקט" ווערן אויב זיי וועלן אַריינקוקן אין דעם פּרדס (לויט דעם באַקאַנטן זאָג, ארבעה שנכנסו לפרדס). אויך דער תּנ"ך, דער פּאַטאָס פֿון די נביאים פֿאַר יושר און גערעכטיקייט, די פֿאָלקסטימלעכע באַוועגונג פֿון חסידות און חסידיזם, אונזער רייכע יידישע געשיכטע וואָס פֿאַרציילט פֿון קידוש־השם ־ דאָס זיינען די גייסטיקע ווערטן צו וועלכע אַלע יידן, פֿרומע און פֿרייע, אַפּיקורסים ווי גלויביקע, זיינען גלייכע שותּפֿים. אויך דער גרויסער אוצר פֿון דער מאָדערנער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור, געשאַפֿן אין די לעצטע דורות.

מיר ווייסן אַז וועלטלעכע יידישקייט אין די לענדער פֿון אונזער צעשפּרייטקייט מאַכט אַדורך אַן אינערלעכן קריזיס, מיטן מאָמענט ווען יידיש־לשון האָט פֿאַרלוירן זיין וויטאַליטעט און איינפֿלוס אויף דער יידישער יוגנט, וועלכע לעבט זיך אויס אין אַנדערע שפּראַכן און קולטורן. זייער יידישקייט האַלט זיך אויף אויף די אַרויפֿגעצוואונגענע, שאַבלאָניש־איינגעחזרט הפֿטורה׳ס, אויך פֿאַר מיידלעך, אין אַ שול וואו די עלטערן קומען זעלטן אַריין, אפֿשר אין אַ ראש־השנה אָדער אַ יום־כּיפּור. איז נישט קיין וואונדער וואָס די יידישקייט ביי דער יוגנט האַלט זיך אויף אַ דינעם פֿאָדעם. אַריינברענגען אַ ביסל שבת־יום־טוב׳דיקייט אין אונזערע היימען, וואָס זאָל געבן אַ סטימול אונזערע קינדער און אייניקלעך ממשיך צו זיין אונזער אויפֿהאַלט אַלס פֿאָלק, זיך צו קענען אינדענטיפֿיצירן און אויך שטאָלצירן מיט דעם ־ דאַרף זיין דער פֿאַרלאַנג פֿון יעדן וועלטלעכן און סעקולערן יידן.

אחד העם, איינער פֿון אונזערע גייסטרייכסטע וועלטלעכע דענקער, האָט וועגן שבת געשריבן: "נאָך מער ווי יידן האָבן אָפּגעהיטן שבת, האָט דער שבת אָפּגעהיטן די יידן". נישטאָ קיין גרעסערע קראַפֿט וואָס זאָל אָפּהיטן אונזער נאַציאָנאַלע און עטנישע אייגנאַרטיקייט ווי דאָס אָפּהיטן באַזונדערע רו־טעג און יומים־טובים.

פֿרומע און רעליגיעזע יידן האָבן שבת אויפֿגעהויבן צום העכסטן פּיעדעסטאַל פֿון גייסטיקער שלימות. מיט הויך־פּאַטעטישע און פּאָעטישע הימנען ווערט שבת באַזונגען אין דער רעליגיעזער ספֿרים־ליטעראַטור. אין ספּעציעלע טראַקטאַטן אין תּלמוד און אין באַזונדערע ספֿרים ווערן

באַהאַנדלט די דינים און מנהגים פון שבת אַלס רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער רו־טאָג. אויך אונזער מאָדערנע העברעאישע און יידישע ליטעראַטור ווידמעט נישט ווייניק וואַרעמקייט און ליבע אין פּראָזע, פּאָעזיע און עסטעטישע דעם אוניווערסאַלן כאַראַקטער פון שבת.

מיט וויפל נאָסטאַלגיע און פּיעטעט שילדערט אונזער שלום אַש די פּאַטריאַרכאַלע שיינקייט פון שבת, מיט די ליכט וואָס שיינען אַרויס פון די פענצטערלעך אין שטעטל. די שבת־ליכט, דאָס צונויפזאַמלען די גאַנצע משפחה ביי דעם שבת־טיש, מיט די היימישע זמירות און אַפילו דעם קידוש, וועט דעם סעקולערן און וועלטלעכן יידן נישט פאַרשאַטן צו זיין "וועלטלעכקייט". אַדרבא, ס'וועט אויפלעבן און אַריינברענגען אַ נייעם קאָלאָריט אין די גייסטיק־אויסגעליידיקטע היימען.

דאָס זעלבע וועגן די ימים־טובים. דער וועלטלעכער סעקטאָר האָט שוין "אָנערקענט" פּסח, פּורים, חנוכה, צוגעבנדיק אָן אייגענע "דימענסיע" - דאָס פראַוון אין די פּסח־טעג, אַ דריטן סדר אויף אַ קאָלעקטיוון אופן, מיט איבער טויזנט מענטשן, וואָס איז אונטער דער פירערשאַפט פון דעם דינאַמישן קולטור־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג, יוסף מלאָטעק, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינער פון די שענסטע קולטור־אונטערנעמונגען אין דער יידישער אַמעריקע. ריכטיק האָט יוסף מלאָטעק באַמערקט, אַז דער דריטער סדר קומט נישט צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון דעם ערשטן און צווייטן סדר. דער דריטער סדר איז צו דעמאָנסטרירן אויף אַ קאָלעקטיוון אופן די נאַציאָנאַלע סימבאָלן פון די ערשטע צוויי סדרים.

איז שוין דאַכט זיך געקומען די צייט צו אָנערקענען דורך די וועלטלעכע יידן אויך אַנדערע יידישע ימים־טובים, ווי אַ שטייגער דעם יום־טוב שבועות, וואָס ווערט דורך די רעליגיעזע יידן געפּראַוועט ווי דער יום־טוב פון מתן־תורה, די עשרת־הדברות, צו וועלכע די סעקולערע און וועלטלעכע יידן, צי זיי זענען יאָ אָדער נישט געשטאַנען ביים באַרג סיני, האָבן אויך אַ נאָענטן שייכות. ווען די צען געבאָט וואָלטן געוואָרן אַקצעפּטירט און אָפּגעהיטן דורך אַלע מענטשן, וואָלטן מיר היינט געהאַט "אַ שענערע און בעסערע וועלט". מלחמות, אינקוויזיציעס, בלוט־פאַרגיסונגען וואָלטן אויסגעמיטן געוואָרן ווען דער לא תרצח וואָלט געווען אַ געזעץ פאַר אַלע פעלקער.

אויך ראש־השנה און יום־כיפּור, טעג ווען יידן מאַכן אַ חשבון־הנפש פון זייערע מעשים פון אַ גאַנץ יאָר און טוען תשובה, קען און דאַרף זיין חל אויך אויף וועלטלעכע יידן. זיי קענען מיט אַ רואיק געוויסן "אַדאָפּטירן" די רעליגיעזע, אין תוך עטיש־אוניווערסאַלע ימים־טובים ראש־השנה און יום־כיפּור, אַריינגעבן אַ וועלטלעכן הומאַניטאַרן כאַראַקטער וועט זיי נישט שאָדענען, נאָר באַרייכערן.

מיטן אויפקום פון מדינת־ישראל, האָבן וועלטלעכע און סעקולערע יידן געפונען אַ נייעם שותף צו באַרעכטיקן און אויפהאַלטן וועלטלעכע יידישקייט. אַלס ביישפיל קען דינען די ספּאָנטאַנע אויפוואַכונג אין די 50ער און 60ער יאָרן פון די קאָסמאָפּאָליטישע און אַסימילירטע יידן אין רוסלאַנד ־ צו אַ פולער אידענטיפיקאַציע מיט אונזערע נאַציאָנאַלע ווערטן. אויב דאָס וועט זיי שפּעטער פירן צו פולן צונויפגוס מיט דער רעליגיעזער באַוועגונג, וועלן אויך די וועלטלעכע נישט אָרעמער ווערן. ס׳איז אַ געשיכטלעכער פאַקט, אַז ״אַפּיקורסים״ און וועלטלעכע דענקער האָבן יאָרן־לאַנג זיך אידענטיפיצירט און געדינט געטריי צו גאָט... לויט דער דעפיניציע פון דעם דיכטער און בעל־מאמין אהרן צייטלין, זיינען בכלל נישטאָ קיין אַפּיקורסים וואָס זאָלן נישט זוכן גאָט.

לאָמיר זיך באַקענען מיט אַ פּאָר שורות פון זיינס אַ פּרעכטיק ליד: ״זיין אַ ייד הייסט אייביק לויפן צו גאָט / אַפילו אַז מ׳איז אַן אַנטלויפער / דערוואַרטן צו הערן אַ ליאַדע טאָג / אַפילו מ׳איז אַ כופר / ס׳קול פון משיחס שופר. / זיין אַ ייד הייסט נישט קענען אַרויס פון גאָט / אַפילו אַז מ׳וויל עס / נישט קענען אויפהערן תפילה צו טאָן / אַפילו נאָך אַלע תפילות / אַפילו נאָך אַלע אַפילו׳ס״.

אין גאָט־זוכעריי וועלן זיי אין די ראַמען פון אַ גייסטיק־קולטורעלן אָפּקלייב פון דער רעליגיעזער און טראַדיציאָנעלער ירושה, געפינען דעם סינטעז פון אַ יידישקייט, וואָס וועט פאַרזיכערן אונזער קיום אַלס פאָלק.

**דעצעמבער 1986**

# די עשרת-הדברות "אינטערפּרעטאַציעס" ביי יידן - און ביי נישט יידן

## (לכבוד שבועות)

שבועות איז ביי יידן דער געבוירן טאָג פון די עשרת־הדברות. אָבער אויך ביי נישט יידן, ביי אַנדערע פעלקער וועלכע האַלטן זיך פאַר אָפּהיטער פון די 10 געבאָטן, ווערן די עשרת־הדברות אָפּט דערמאָנט אין זייער ליטורגע, פרייע געזעצגעבונג, אין פאַרשידענע וואַריאַנטישע אויסטייטשונגען.

די אמת גלויביקע גויים וועלכע היטן אָפּ "זייערע" 10 געבאָטן, ווערן דורך יידן אַרויסגעהויבן אַלס מענטשן פאַר וועלכע מען דאַרף האָבן דרך ארץ, צוטרוי, און רופן אַרויס פריינטשאַפט און סימפּאַטיע אין די קעגנזייטיקע באַציאונגען פון מענטש צו מענטש. איז דאָך באַקאַנט דער אָנזאָג פאַר אַ ייד, נישט צו פאָרן אַליין מיט אַ גוי אין אַ וואָגן (אַמאָליקע טראַנספּאָרטאַציע, היינט וואָלט מען געזאָגט אין אַ אויטאָ) אויב אַדורכפאָרנדיק אַ גוואַיש געבעט הויז און דער גוי צלמ'ט זיך נישט.

כאָטש אין שפּעטערדיקע און אויך אין היינטיקע צייטן האָט אָט דער פּרואוו נישט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, ווען מען דערמאָנט זיך אין די פאַנאַטיש רעליגיעזע קרייציגלער, אָדער די אינקוויזיציע אין שפּאַניע, וואו טויזנטער יידן זיינען אומגעקומען אויף די שייטערהויפנס דורך די "גאָטספאָרכטיגע" הענט פון די "פרומע" גלחים. אָדער, ווי קען מען דאָ אַדורכגיין נישט צו דערמאָנען אונזער לעצטן חורבן, ווען מיליאָנען יידן זיינען אומגעקומען מיט די הענט פון דייטשע און אַנדערע קריסטלעכע מערדער, און די "פרומע" פּויבסטליכע און וואַטיקאַנישע קרייזן האָבן מיט שאָדן־פרייד, אָדער אין בעסטן פאַל, מיט גלייכגילט זיך צוגעקוקט ווי דער 5'טער געבאָט פון די עשרת־הדברות דער לא תרצח! ווערט פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט געטראָטן מיט די פיס און שטיל געשוויגן.

דאָס באַווייזט טאַקע די טעזע ווי אונזערע עשרת־הדברות מיט דעם קלאָרן אָנזאָג לא תרצח, קען פאַלש און ליגנעריש ווערן אויסגעטייטשט און צוטראָטן פון די מכלומרשטע אָפּהיטער פון די "10 קאָמענדמענטס", מיטן אויסרייד און תירוץ צו באַשטראָפן מענטשן אין נאָמען פון "נאָך העכערע געבאָטן" פאַרפיקסירט און אויסגעטראַכט אין מענטשליכע מוחות.

אויך די אַמאָליקע און היינטיקע מלחמות און בלוט פאַרגיסונגען, וואָס ווערן דיריגירט און אָנגעפירט פון מענטשן וואָס שווערן זיך ביי קריסטלעכע אָדער איסלאַמישע "באָרד און פּיאות", אַז די מלחמות און רציחות וואָס זיי פירן מיט אַנדערע פעלקער, אָדער אַפילו מיט זייער אייגענע משפחה־שבטים -

זיינען ״הייליקע״ מלחמות, וואָס שטייען העכער און וויכטיקער ווי דער לא תרצח, וואָס איז ־ אַפילו ווי זיי גיבן צו ־ אַ געטליכער פאַרבאָט, מען קען אים אָבער ״אַרומגיין״, אָפטמאָל טאַקע אויך מיט היפּאָקריטישע ״געטליכע״ אויסטייטשונגען.

דאָס זעלבע באַציט זיך אויך צו דעם שטרענגן אָנזאָג פון די עשרת־הדברות פון לא תגנוב: דאָ נעמען שוין די היתרים, אויסטייטשונגען און ״אַרומגייעונישן״ אָפטמאָל פשוט אָן אַ מאָסן כאַראַקטער. דאָס געשעט אַפילו ביי אַ סך וואָס זיינען יאָ אָפּגעהיטן ביי אַנדערע פאָרשריפטן פון די עשרת־הדברות, ווען עס קומט אָבער אינטער, צו מאַכן ״אַ לייכט פאַרדינסטל״, וואָס נאָמינעל טראָגט עס אפשר אַן אַנדער נאָמען, ווי קאָרופּציע, שאַנטאַזש, שווינדל, אָדער אַנדערע פּאָפּולער ״באַקאַנטע״ נעמען, ס׳איז אָבער נישט מער, אָבער אויך נישט ווייניקער ווי פשוטע גניבה, וואָס פאַלט אַרונטער אונטער דעם באַקאַנטן אָנזאָג פון לא תגנוב!

פון אַ גאַנץ אַנדערן קוק ווינקל און אויספירן מוז מען קומען ווען מיר באַטראַכטן אונזערע עשרת־הדברות און זייער ראָלע און אָנווענדונג אין אונזער אייגענער יידישער סביבה.

די עשרת־הדברות זענען פאַר אונז יידן נישט בלויז געטליכע געזעצן וואָס מיר דאַרפן נומעריש אויספילן. זיי פאַלן אַרונטער פון אַ ברייטערן באַגריף פון תורה און געטליכע געזעצן וואָס מיר דאַרפן לערנען, שטודירן און קאָמענטירן.

עס הויבט זיך אָן ביים יידישן קינד אין די סאַמע פריע יאָרן, ווי ס׳איז געווען אַ מנהג אין די יידישע היימען איינצוויקלען דאָס קינד אין אַ טלית און אים ברענגען אין חדר צום רבי׳ן צו לערנען תורה. דער באַגריף פון לערנען תורה איז אַ אוניקום וואָס איר וועט עס נישט טרעפן ביי קיין אַנדער פאָלק אין דער וועלט. דער טרוים פון יעדער מאַמע אין די שלאָפלאָזע נעכט ביים וויגן דאָס קינד איז געווען, אַז דאָס זאָל אויסוואַקסן און ווערן אַ גדול בתורה. די ערשטע וואונטשן פאַר אַ ניי־געבוירן קינד ־ ער זאָל ווערן אויפגעצויגן לתורה, לחופה ומעשים טובים. אויך דאָ ווערט תורה דאָמינירט אויפן ערשטן אָרט. מיט וויפיל איבערגעגעבנהייט, האַרצווייטאָג און זאָרג די עלטערן שיקן אַוועק דאָס קינד אין די ווייטע ישיבות צעוואָרפן איבער די שטעט און שטעטלעך פון פוילן, רוסלאַנד און ליטע, וואו דאָס קינד לערנט טאַקע תורה, אָבער שלינגט די טרערן אין בענקשאַפט און זאָרג נאָך דער היים און דאָס פאַרשעמקייט פון עסן טעג אין פרעמדע, אָפטמאָל אָרימע יידישע הייזער.

וויפל פּיעטעט און נאָסטאַלגיע די מאָדערנע העברעאישע און יידישע ליטעראַטורווידמעט אָט די ישיבה־בחורים, וואָס האָבן צווישן די פיר ווענט פון בית־המדרש אָדער ישיבה אַריינגעוועבט אין דעם האַרציקן מאָנאָטאַנעם

גמרא ניגון פון אביי ורבא, אַלע בענקענישן, שטרעבונגען און האָפענונגען צו ווערן אפשר מיט דער צייט אַ גדול בישראל אין לערנען, אָדער לכל הפחות קריגן אַ גוטן שידוך, מיט אַ כתב־רבנות אין אַ שטאָט אָדער שטעטל, אין פוילן, ליטע אָדער רוסלאַנד...

אונזער גרויסער דיכטער און שרייבער חיים נחמן ביאַליק, שענקט זיי טאַקע אין איינעם פון זיינע ווערק אַ פראַכטפולע פּאָעמע אונטערן נאָמען "המתמיד", וועלכע איז אין זיינער צייט געשמאַק געלייענט געוואָרן פון די זעלבע מתמידים אין די ישיבות, הגם נישט זעלטן אונטערן שטענדער און פאַרהוילן פון די אויגן פון ראש־ישיבה...

לערנען תורה, אויסטייטשן און קאָמענטירן די עשרת־הדברות, זיינען אין זייער אור־באַשטאַנד דער קווינטעסענץ פון אונזערע גייסטיקע און ערדישע שטרעבונגען אַריינצוברענגען אַ סדר אין אונזער טאָג־טעגליכקייט, וואָס אָפּהיטנדיק אָט די געזעצן, וואָלטן מיר זיך געקענט דערהויבן צו ווייזן אַ ביישפּיל ווי אַזוי אויפצובויען אַ שענערע און בעסערע וועלט, אָן רציחה, גניבה, פּערווערזיע, ווי בכלל אַריינברענגען אַ ביסל שבת־יום־טוב׳דיקייט אין אונזערע היימען.

ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין אונזערע ספרים, זענען די יידן נישט געווען די ערשטע וועמען ג־ט האָט פּאָרגעלייגט צו נעמען די תורה. די אַנדערע פעלקער זייענדיק דאַמאָלס פאַרזונקען אין ווילדע געצנדינערייִ, ווי בכלל אין מאָרדן און שעכטן איינער דעם צווייטן, איז באַקענענדיק זיך מיטן אינהאַלט פון דער תורה, האָט עס פאַר זיי אויסגעזען אַז עס וועט פאַר זיי זיין צו שווער אויסצופירן אָט די געטליכע הומאַניטאַרע געזעצן.

די יידן אָבער, שוין דאַמאָלס אין יענע אוראַלטע צייטן באַקאַנט אַלס אַן עמא־פּזיזא, אַ פאָלק וואָס טוט אַלץ שנעל שנעל, נישט באַקענענדיק זיך אַפילו מיטן אינהאַלט, האָבן גלייך צוגעכאַפּט די תורה און געענטפערט: "נעשה ונשמע"!.

צי זענען מיר אויך היינט אַזוי איילִיק אין אָפּהיטן די געזעצן פון דער תורה? צי באַמערקן מיר נישט אויך אין אונזער יידישער סביבה, אַ געוויסע פאַרפלאַכונג אין אָפּהיטן געוויסע מאָראַלישע ווערטן וואָס זיינען דאָך די גרונט פּרינציפּן פון די עשרת־הדברות?

לאָמיר אָבער, טראָץ דער אַרומיקער רעאַליסטיק, זיין אַביסל ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער׳ש און אָנווייזן, אַז אַפילו נאָך אונזערע אויסזעצונג, טענות און תרעומות, אַז מיר האָבן איבערגענומען אַ סך גויאישע מידות און געוואָרן כמעט ווי ככל הגויים, איז דאָך אַ פאַקט, אַז מיר זענען אַ ביסל אַנדערש ווי "זיי". נעמט צום ביישפּיל אונזער יידישער ווידערשטאַנד און ווידערווילן צו

שפּיכת־דמים, איינער פון די גרונד געזעצן פון די עשרת־הדברות, ווי די האַרבסטע תקנות און וואָרענונגען ווערן געגעבן אַפילו די סנהדרין, אַז אויב זיי האָבן אַרויסגעגעבן איין טויט־אורטייל אין משך פון 70 יאָר ווערן זיי באַצייכנט מיטן נאָמען "קטלנית".

לאָמיר ווי יידן, וואָס האָבן געהאַט די "פּריווועליגיע", אַז די עשרת־הדברות זיינען אונז געגעבן געוואָרן, זיין געטריי אירע פּרינציפּן, אויסטייטשונגען און אינטערפּרעטאַציעס, מיט אַן אַרויספאָדערונג צו דער גויאישער וועלט נאָכצופאָלגן אונזער ביישפּיל ביים אָפּהיטן אירע מאָראַלישע ווערטן און פּרינציפּן.

# ביים שיין פון די חנוכה פלעמעלעך

חנוכה ווערט אָנגערופן מיט פאַרשידענע נעמען, ווי דער יום־טוב פון די מכבייער, דער יום־טוב פון ליכט, דער יום־טוב פון גבורה און נאָך אַנדערע נעמען, וועלכע דריקן אויס דעם געדאַנקען גאַנג פון יידישן נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן שטאָלץ אַ דאַנק אַ קליינע גרופּע מענטשן, וואָס האָבן טראָץ זייער נישט גינסטיקע באַדינגונגען און אומשטענדן אין יענער צייט אין וועלכע זיי האָבן געלעבט, אויפגעהויבן די פאָן פון קאַמף און מרידה קעגן אַ קאָלאָסאַל פילפאַכיק שטאַרקערן שונא, וועלכער האָט דאַמאָלס געהערשט און אויסגעשפרייט זיינע מעכטיקע אָרעמס איבער ווייטע קאָנטינענטן און לענדער.

די געשיכטלעכע פּאַסירונג פון חנוכה לייענט זיך ווי אַ פאַנטאַסטישע עפּאָפּייע פון יידישע גבורה און מוט, וואָס איר פאַרנעם הויבט זיך אָן אין דעם יאָר 165 פאַר דער קריסטליכער צייט רעכענונג, בערך אַ 200 יאָר פאַרן חורבן בית שני.

די יידן וועלכע האָבן זיך געהאַט צוריקגעקערט פון גלות בבל קיין ארץ ישראל, האָבן דאָרט אויפגעבויט זייער צווייטע מלוכה און אויך דעם צווייטן בית המקדש, אָבער דאָס לאַנד איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון טיראַנישן הערשער, דעם סירישן קעניג אַנטיוכוס עפּיפאַנעס וועלכער ווערט באַצייכנט אין דער יידישער געשיכטע אַלס "אַנטיוכוס הרשע".

דאָס יידישע קעניגרייך יהודה מיט דער הויפּט שטאָט ירושלים האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ בילד פון פולשטענדיקן חורבן. די שטאָט האָט זיך געפונען אונטער דער אָקופּאַציע פון אַנטיוכוס'עס אַרמיי וואָס איז באַשטאַנען פון סירישע גריכן. דער בית המקדש, דער סימבאָל פון רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער שטאָלץ, איז געוואָרן פאַרשוועכט און פאַראומרייניקט דורך די גריכן, וואָס האָבן אַריינגעבריינגט אין דעם שטענדיק הויך פאַרהייליקטן פּלאַץ פון די יידן, געצנדינערישע בילדער און סימבאָלן און בכלל דורך פאַרשידענע וועגן און מיטלען געוואָלט צווינגען די יידן אויסצופירן די באַפעלן פון די גריכן און זיך אָפּזאָגן פון זייער גלויבן.

אָבער אין די וועלדער און פעלדער צווישן די בערג פון יהודה, האָבן אַרומגעוואַנדערט יידישע פּאַרטריאָטן, מענער און פרויען, אויפגעבראַכטע פון די געוואַלדטאַטן פון די גריכישע הערשער, זיינען זיי געווען גרייט יעדע מינוט אויפצוהויבן די פאָן פון קאַמף און אויפשטאַנד קעגן די פאַרשקלאַפער פון זייער פאָטערלאַנד.

אין יענער צייט האָט געלעבט אין דעם שטעטל מודיעין, אַן אַלטער מאַן מיט דעם נאָמען מתתיהו בן יוחנן, פון דער חשמונאים משפחה, מיט זיינע 5 זין: יוחנן, יהודה, שמעון, יונתן און אליעזר. אַלע זענען זיי געווען באַהויכט

פון גייסט פון אַקטיווען פּאַטריאָטיזם און מיט פולער שנאה און קאַמפּס גרייטקייט קעגן די גריכישע און סירישע אונטערדריקער.

אין אַ געווינסן טאָג זיינען קיין מודיעין אָנגעקומען גריכישע באַאַמטע און האָבן אויף דעם מאַרקפּלאַץ אַוועקגעשטעלט אַ געצנדינערישן מזבח און אויפגעפאָדערט די יידן פון שטאָט צו ברענגען קרבנות פאַר דעם אָפּגאָט.

זיי האָבן זיך אויך געווענדעט צום אַלטן מתתיהו ווי צום חשובסטן יידישן פאָרשטייער, אַז אויך ער, זאָל אַלס ביישפּיל, ווייזן אַ מוסטער פון געהאָרכזאַמקייט און מקריב זיין אַ "קרבן" אויפן געצנדינערישן שטייגער. זיי האָבן אים דערקלערט אַז אַלע פעלקער וואָס גייען אַריין אין דער גריכישער אימפּעריע וואַרפן זיך אונטער דעם געזעץ פון אָנערקענען די גריכישע מלוכה רעליגיע.

אָבער דער גרייז גרויער מתתיהו האָט זיי געענטפערט: "מעגן אַלע פעלקער וואָס זענען אונטערטעניק און געהאָרכזאַם דעם קעניג, פאַרראַטן דעם גלויבן פון זייערע עלטערן, איך אָבער און מיינע זין און די אַלע וועלכע זיינען טריי דעם יידישן גלויבן, וועלן זיך נישט אונטערוואַרפן די גריכישע געזעצן". און ווען עס האָט געטראָפן אַז אַ ייד האָט יאָ געוואָלט אָננעמען דעם אָנבאָט און שעכטן אַ חזיר אויף דעם מזבח, האָט מתתיהו זיך געוואָרפן אויף דעם פאַררעטערישן ייד, האָט אים געטויט צוזאַמען מיט דעם שליח פון קעניג און דאָס איז געווען ווי אַ סיגנאַל צום אָנהייב פון קאַמף.

מתתיהו מיט זיינע זין, צוזאַמען מיט אַ גרופּע דרייסטע קעמפער זיינען אַוועק אין די בערג, זיך אָרגאַניזירט, אין אָנפאַנג ווי פּאַרטיזאַנער גרופּן און שפּעטער זיך אויסגעשולט, אויסגעברייטערט, אַריינגעצויגן טויזנטער יונגע מענטשן און פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ רעגולערע קעמפערישע אַרמיי. בראש פון אָט דער אַרמיי האָט זיך געשטעלט דער עלטסטער זון, יהודה, אונטער דער פאָן פון "מכבי", די ראשי תיבות פון מכבי זענען: "מי כמוך באלים ד'".

נאָך עטלעכע פּרוואָוון פון די גריכישע הערשער צו פאַרפירן אַ קאַמף מיט די חשמונאים איז זיי קיינמאָל נישט געלונגען צו ברעכן דעם ווידערשטאַנד פון די יידן, טראָץ זייער פילפאַכיקער גרעסערער צאָל סיי אין מענטשן סיי אין פאַרשידענע וואָפן מאַטעריאַל.

ווען ס'איז די גריכן געוואָרן זייער נישט באַקוועם די וואַקסנדע השפּעה וועלכע די חשמונאים האָבן געקראָגן אַלס רעזולטאַט פון זייערע נצחונות אויפן שלאַכט־פעלד, האָבן זיי אָרגאַניזירט זייער גאַנצע אַרמיי אין פולער קאַמפּס אויסשטאַטונג און געטראַכט אַז דאָסמאָל וועט זיי שוין געלינגען צו ברעכן דעם רוקנביין פון דעם יידישן ווידערשטאַנד.

אָבער אויך דאָסמאָל, טראָגט דער געוואַלדיקער איבערמאַכט אין צאָל פון מענטשן און געווער, איז די חשמונאים געלונגען צו באַזיגן די גרויסע גיגאַנטישע גריכישע אַרמיי וועלכע איז פחדנותדיק אַנטלאָפן פון דער באַלאַגערונג אַרום ירושלים, דערמעגליכט אַזוי אַרום אַז די יידן האָבן צוריק פאַרנומען דאָס בית המקדש, אים אויסגערייניקט פון די געצנדינערישע סימבאָלן און באַנייט דעם אַלטן יידישן ריטואַל פון ברענגען קרבנות אויפן מזבח.

דאָס איז געשען 25 טאָג אין כסלו, 165 יאָר פאַר דער קריסטלעכער צייט רעכענונג. אַלס אָנדעק און דערמאָנונג פון אָט דעם נצחון איז געוואָרן באַשטימט יעדעס יאָר 25 טעג אין כסלו צו פייערן דעם יום־טוב חנוכה, וועלכעס מיינט אין אַ יידישער איבערזעצונג אויפפרישונג, באַנייאונג, דאָס אַראָפּוואַרפן אַן אַלטע פרעמדע הערשאַפט און אָנהויבן אַ נייע יידישע עפּאָכע.

צו דעם ווערט נאָך איבערגעגעבן פון די חז״ל, אַז ווען די חשמונאים זענען אַריין אין דעם פאַראומרייניקטן, דורך די גריכן, בית־המקדש, און געזוכט ריינעם בוימל אָנצוצינדן די מנורה, האָבן זיי געפונען נאָר אַ קליין קריגעלע בוימעל וואָס האָט נאָך געהאַט דעם זיגעל פון כהן גדול. דאָס קריגעלע בוימל אָבער האָט געהאַט אַ קוואַנטום צו ברענען נאָר אויף איין טאָג. ס׳איז דאַן געשען דער גרויסער נס אַז דאָס קריגעלע בוימל האָט געברענט און געברענט אַכט טעג.

דאָ אייגענטליך ענדיקט זיך די היסטאָרישע געשעעניש, און ס׳איז באַקאַנט אַז אין אַלע ספרים ווי אויך אין תלמוד וואו עס ווערט דערציילט וועגן חנוכה, ווערט דער מאָמענט פון באַוואָפנטן אויפשטאַנד פון די חשמונאים דערמאָנט בלויז אין אַ פּאָר שורות, דאַקעגן דער נס פון דעם קריגעלע בוימל ווערט ברייט דיסקוסירט און קאָמענטירט. אפשר נעמט עס זיך דערפון וואָס דער באַגריף נס האָט זיך טיף איינגעבירגערט אין דער גאַנצער פסיכיק און אין דעם געדאַנקען גאַנג פון אונזער טאָג־טעגלעכער ווירקלעכקייט פון דעם יידישן לעבן. איז דאָך אונזער גאַנצע יידישע געשיכטע, אונזער אייגנטלעכער עקזיסטענץ פון אַ קליין פאָלק מיט געוואַלדיקער מאָראַלישע אייגנשאַפטן, מיט אַן אייגענעם לעבנס־וועג, אַנדערש פון אַנדערע פעלקער, אַ פּראָצעס פון געשיכטלעכע נסים וואָס ערשט פון אַ יאָרן לאַנגער געשיכטלעכער דיסטאַנץ קען מען עס אויפקלערן און אָפּשאַצן.

אַזוי, צי אַזוי, סיי מיט דעם נס ראָמאַנטיק, סיי מיט דעם העראָאישן קאַמפּס מאָמענט, האָט זיך דער יום־טוב חנוכה טיף איינגעבירגערט אין די היימען און געפילן פון די יידן פון אַלע דורות און אַלע צייטן.

אויך די וועלטלעכע ייִדישע און העברעאישע ליטעראַטור האָט זייער פֿיל סענטימענטאַלע און שטימונגספֿולע שילדערונגען און דערציילונגען סײַ אין פּראָזע סײַ אין פּאָעזיע וועגן דעם פֿאָלקסטימלעכן און היימישן כאַראַקטער פֿון דעם יום־טובֿ חנוכּה.

איז דאָך נאָך ביז הײַנט פּאָפּולער מאָריס ראָזענפֿעלדס שטימונגספֿול חנוכּה ליד: „אָ איר קליינע ליכטעלעך, פֿאַרציילט די געשיכטעלעך, די וואונדער פֿון אַמאָל" ווערטער וועלכע דריקן אויס אויף אַ וואונדערבאַרן אופֿן די האַרציקע געפֿילן מיט וועלכע דאָס פֿאָלק האָט אַרומגערינגלט דעם חנוכּה יום־טובֿ.

און ווען איר דערמאָנט און פֿאַרטראַכט זיך פֿון יענער צײַט, ווען פֿון די קליינע, אָפּטמאָל מיט שני און פֿראָסט פֿאַרפֿרוירענע פֿענסטערלעך אין די ייִדישע שטעטלעך, וואו עס האָבן אַזוי היימיש און וואַרעם אַרויסגעפֿינקלט די קליינע פֿלעמעלעך פֿון די ליכטעלעך, נישט די הײַנטיקע קאַלטע עלעקטרישע חנוכּה לאָמפּן, וועלכע ווערן אויך אַרויסגעשטעלט אין די פֿענסטער אַלס קאָנקורענץ צו די קריסטלעכע שכנים מיט זייערע ווײַנאַכטס־בוימער, נאָר טאַקע די פּשוטע היימישע קליינע פֿלעמעלעך פֿון די ליכטעלעך, וועלכע האָבן איבערגעלאָזן אַזעלכע שיינע יום־טובֿדיקע דעראינערונגען פֿון פֿרייד און שטאָלץ וואָס האָבן זיך טיף אײַנגעבירגערט אין די היימען און געפֿילן פֿון די ייִדן פֿון אַלע דורות און אַלע צײַטן.

איז עס טאַקע נאַטירלעך אַז חנוכּה ווערט אַזוי פֿאַרבנרייך און יום־טובֿדיק געפּייערט אין דעם לאַנד וואו עס איז געשען דער נס פֿון אַמאָל אין ישׂראל. ס'איז דאָרט אײַנגעפֿירט געוואָרן אַ מנהג, אַז צו די קבֿרים פֿון מתּתיהו און זײַנע זין אין דעם פֿאַרוואָרפֿענעם דערפֿל מודיעין, ווערן אָרגאַניזירט אויספֿלוגן פֿון יונגע מענטשן פֿון אַלע עקן לאַנד, זיי צינדן אָן פֿאַקעלן אויף די קבֿרים פֿון די העלדישע מכּבֿיער און זיי גייען אין געשלאָסענע רייען מיט די פֿאַקעלן איבער שטעט און דערפֿלעך ביז צום הויז און רעזידענץ פֿון נשׂיא אין ירושלים.

איז דאָך די פּאַקטישע אַנטשטייאונג פֿון אַ ייִדישע מדינה נאָך 2 טויזנט יאָר פֿאַרלירן איר זעלבסטשטענדיקייט און זיין צושפּרייט איבער אַלע וועלט־טיילן און קאָנטינענטן, אויך אַ פֿאָרזעצונג פֿון דעם נס פֿון אַמאָל און דער נס פֿון אונזער דור.

זענען מיר טאַקע ווי דער גייסט פֿון די חשמונאים, דער גייסט פֿון רעוואָלט קעגן אונזערע פֿײַנט, דער גייסט פֿון אַ קליין פֿאָלק אַרומגערינגלט מיט אַ ים פֿון פֿײַנטלעכע לענדער, האָט צוריק אויפֿגעלעבט אין אונזערע טעג אין דעם רוים פֿון דער וועלט.

מיר זענען אַלע עדות פֿון אַ וואַקכאַנאַליע פֿון האַס, מאָרד און טעראָר אָנגעפֿירט פֿון אָרגאַניזירטע באַנדעס און מלוכות, שוואַרצע ווי רויטע, מיט רייכע רעסורסן פֿון געלט, נאַפֿט, און מענטשן. פֿון דער צווייטער זייט איז אַן אינזעלע אויף דער וועלט מאַפּע, וועלכע איז אפֿשר אין דער פּראָפּאָרציע צו דער וועלט נישט גרעסער ווי דאָס קליינע דערפֿל פֿון דער היסטאָרישער מודיעין, וועלכע קעמפֿט שווער און ביטער פֿאַר איר סאַמער עקזיסטענץ.

אונזער לאַנגיאָריקע גלות־געשיכטע איז רייך אין נסים, געשעענישן און פּאַסירונגען וואָס האָבן אין זיך אַ סך ענלעכקייטן און שווערקייטן ווי אין אונזער היינטיקער שטורמישער צייט, איז דערפֿאַר לאָמיר זיך קלאָר מאַכן, אַז פּונקט ווי קליינע פֿלעמעלעך קענען אַדורכברעכן די געדיכטסטע פֿינסטערניש, וועלן מיר ביי דער שיין פֿון אונזערע ליכטלעך וואָס מיר וועלן אָנצינדן אין דעם חנוכה, פּרובירן פֿאַרטרייבן די פֿינסטערע שאָטנס פֿון יאוש, צווייפֿל און זאָרגן וואָס רינגלען אונז אַרום אין די טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר.

ס'איז אַן אָנגענומענער מנהג אַרויסצושטעלן די חנוכה ליכט אין די פֿענסטער, ווי די גמרא זאָגט, אויף לפּרסומא־ניסא, צו פּראָקלאַמירן דעם נס פֿאַר די שכנים און אַלע מענטשן אַרום. און דער עיקר, זאָלן אונזערע שונאים וויסן, אַז צו דעם גאַנצן אַרסענאַל פֿון געווער און פֿאַרטיידיקונגס מיטלען וואָס מיר האָבן אין אונזער באַזיץ, האָבן מיר אויך דעם געהיימן וואָפֿן וואָס מען רופֿט עס אַן דער נס, וואָס האָט אונז אַ סך מאָל אַרויסגעהאָלפֿן אין דעם פֿאַרטיידיקונגס־קאַמף פֿאַר אונזער קיום.

**דעצעמבער 1985**

# דער יום טוב פסח אין אונזערע געצעלטן

פסח איז אַ פּאָפּולערער און פריילעכער יום טוב אומעטום, אין אַלע לענדער פון דער וועלט וואו יידן געפינען זיך. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, וייענן דאָ פאַרשידענע סיבות. קודם, די צייט. נישטאָ דאַכט זיך קיין בעסערע צייט צו פייערן ימים טובים און זיך פילן היימלעך און יום־טוב׳דיק, ווי פרילינג צייט, ווען דער ווינטער איז אַריבער און דער גאַנצער אַרום צוזאַמען מיט די מענטשן, האָבן עפּעס ווי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַ לאַסט, מען פילט זיך היימלעכער, זאָרגלאָזער און צוזאַמען מיט די ענדערונגען אין דער נאַטור, ווילט זיך אויך אַריבערגיין פון דער טאָג־טעגלעכקייט צו עפּעס נייעס, יום טוב׳דיקס.

פּסח אָבער קומט ניט אָן פלוצים. ער פאַלט ניט אַראָפּ פון הימל. מען דאַרף זיך צו אים צוגרייטן, אָבער שוין די צוגרייטונגען האָבן אין זיך עפּעס פייערלעכעס. נאָך זייענדיק חדר־יינגלעך האָט מען געלערנט אַז ״שואלין ודורשין בהלכות הפסח שלשים יום לפני הפסח״, אַז שוין דרייסיק טעג פאַר פסח דאַרף מען אָנהויבן לערנען די דינים און מנהגים פון פסח. און כאָטש די דינים און מנהגים פון פסח האָבן זיך אין משך פון יאָרן ניט געענדערט און זיינען, ווי אַלע דינים געוואָרן פאַראייביקט, דאָך האָבן געווויסע מנהגים ביים אָפּריכטן דעם סדר אָנגענומען אַנדערע פאָרמען. יידן פון די מזרח עדות, ווי צום ביישפּיל, טייל יידן פון תימן, מאַראָקאָ און אַנדערע אין ישראל, ריכטן אָפּ דעם סדר מיט פעקלעך אויף די פּלייצעס און שטעקנס אין די הענט, סימבאָליזירנדיק דעם אויסזען ווען די יידן האָבן אַרויסמאַרשירט פון מצרים. דאָס זעלבע אויך ביי יידן פון אַנדערע עדות אין ישראל.

בכלל איז פּסח פאַרבונדן מיט אַ סך ריטואַל און צערעמאָניאַל וואָס גיט צו קאָליר, חן און רעגט אָן די פאַנטאַזיע צו וועלן וויסן די באַדייטונג דערפון.

שוין דאָס וואָרט ״סדר״ באַדייט אָרדענונג. יעדע זאַך וואָס ווערט געטאָן, געזאָגט און אַפילו געגעסן, סימבאָליזירט אַ קעגנשטאַנד, געשעעניש, אַ פאַרלויף וואָס איז פאָרגעקומען אין די צייטן ווען די יידן זיינען געווען קנעכט אין מצרים און משה רבנו האָט זיך באַמיט אַז מען זאָל זיי אַרויסלאָזן פון דאָרטן. דערמאָנט עס ניט עפּעס, וואָס אויך היינט אין אונזערע צייטן דאַרף מען עפּעס לערנען דערפון ?

ניט אומזיסט ווערט געזאָגט אין דער הגדה: ״בכל דור ודור חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא ממצרים״, אַז אין יעדן דור דאַרף זיך יעדער ייד פילן ווי ער אַליין איז ערשט אַרויס פון מצרים, און דאָס דאַרף אויך ווערן איבערגעטראָגן צו די יידן אין אַלע דורות און אַלע צייטן ווען זיי וועלן געשטעלט ווערן פאַר דעם פּראָבלעם ווי די יידן אין מצרים, פון גזירות,

אונטערדריקונג, ניט אַרויסלאָזן פון לאַנד, ווי אַ שטייגער די ייִדן אין סאָוועט רוסלאַנד, וועלכע שוין איבער 60 יאָר ווי זיי קלאַפּן אין די טויערן און שרייען: לאָזט אונז אַרויס פון לאַנד!

בכלל, ווען איר בלעטערט די הגדה וועלכע איז פול מיט פאָלקלאָר, פּאָעזיע און חכמה פון אַלטן לעבנסשטייגער, טרעפט איר זיך גלייכצייטיק־אָן מיט פיל שטעלעס און שילדערונגען וועלכע רופן אַרויס אַנאַלאָגישע פאַרגלייכן מיט פאַרשידענע כאַראַקטער־טיפּן, אַזוי ווי מען וואָלט זיי אַראָפּגענומען פון אונזער הייַנטיקער, מאָדערנער, אַקטועלער, אָבער רשעות׳דיקער, משוגענער וועלט־סצענע.

נעמט אַ שטייגער די כאַראַקטער־טיפּן פון די זייער פּאָפּולערע 4 בנים וועלכע זיינען ניט מער ווי אַלעגאָרישע טיפּן, פאַרשטעלט אונטער די נעמען פון דעם חכם, דער רשע, דער תם און דער גלאַט אַזוי שלימזל, דער שאינו יודע לשאול. פּאַסן זיי זיך ניט אַריין אין דער הייַנטיקער מאָדערנער שוין אַפילו הויך ציוויליזירטער וועלט, וואו רשעות און שלימזלדיקייט, מיט דער פּאַסיווער באַגלייטונג פון תם, זיינען די מאַסגעבנדע פאַקטאָרן וועלכע דיריגירן, הערשן, און פירן אָן מיט פעלקער און לענדער אין פאַרשידענע טיילן?

אַלס מוסטער קענט איר נעמען די יו־ען, וואו דריי פערטל פון די פעלקער געהערן צו דער קאַטעגאָריע פון די 4 בנים אין דער הגדה.

דאָס אָפּריכטן דעם סדר, האָט אין זיך אַ סך פּאַטעטישקייט און פייערלעכע מאָמענטן, אָבער דעם הויך־פּונקט פון דעם סדר דאַרף מען צושרייבן צו דעם מאָמענט ווען מען עפנט די טיר און מען לאַדנט איין אונזער אַלעמענס גוטן פריינד אליהו הנביא אַריינצוקומען אין שטוב אַריין, און די מענטשן מיט די אָנגעגאָסענע כוסות אין די הענט רעציטירן איינע פון די שטאַרקסטע און רירנדסטע שטעלעס אין דער הגדה, באַקאַנט אונטער דעם נאָמען פון ״שפוך חמתך״, וועלכע לייענט זיך אין אַ ״פרייע איבערזעצונג: ״ג־ט, גיס אויס דיין צאָרן אויף די פעלקער לענדער וואָס האָבן קיין מאָל פון דיין נאָמען ניט געוואָלט הערן, זיי האָבן די ייִדן פאַרטיליקט און פאַרוויסט זייער לאַנד. זאָל ג־ טס קללה און כעס ווערן אויסגעגאָסן אויף זיי און זייער נאָמען זאָל ווערן אויסגעמעקט פון ג־טס הימלען״.

איך בין זיך מודה אַז מיט יאָרן צוריק, ווען איך האָב ביי מיין טאַטנס טיש, ביים אָפּריכטן דעם סדר, שוין פאַרשטאַנען פירוש המלות, דעם אינהאַלט פון די ווערטער, און דעמאָלט זייענדיק אַ ביסל אָנגעשטעקט פון די פּראָגרעסיווע און ראַדיקאַלע געדאַנקען און אָנשויאונגען פון יענער צייט, האָב איך זיך געפילט אַ ביסל ניט באַקוועם און שאָקירט, טראַכטנדיק, צי איז ניט פאַראַן אַן איבערגעטריבענער נאַציאָנאַליסטישער שאָוויניזם אין די הויך דעקלאַמירטע

פאַרלאַנגען פון ג־ט, אַז ער זאָל אַזוי האַרב באַשטראָפן די פעלקער פון דער וועלט פאַר פאַרפאָלגן די יידן, ביז אויסמעקן זייער נאָמען פון דער וועלט מאַפּע?

אָבער היינט, נאָך אושוויץ, טרעבלינקע, מיידאַנעק, נאָך דעם אויסמאָרדן אַ דריטל פון אונזער פאָלק ביי דער פּאַסיווער שטיל שווייגעניש פון אַלע פעלקער אין דער וועלט, קען מען ערשט פאַרשטיין ווי נביאיש פּאָראויסזעעריש און צוגלייך האַרצרייסנד פּאַטעטיש עס זיינען די ווערטער געווענדעט צו ג־ט. אָבער דער צאָרנדיקער פּראָטעסט אויסגעשריי און די קללה אויף די ליפּן איז מיט דעם ווייד־פינגער געווענדעט צו דער וועלט וואָס האָט אַזוי אַכזריות׳דיק געשוויגן. יאָ, מען קען ניט בלויז אַכזריות׳דיק שלאָגן און מאָרדן, נאָר מען קען אויך שווייגן אַכזריות׳דיק! אַפילו בלויז דאָס אויסדרייען דעם רוקן און פאַרמאַכן די ליפּן צוזעענדיק ווי דיין שכן און מיטמענטש ווערט געיאָגט און געמאָרדעט, אויך דאָס איז געמיין און ברוטאַל, און וועט קיינמאָל ניט ווערן פאַרשוויגן!

איז דען אַ וואונדער ווען אין דער נאַכט פון פסח, ווען די יידן דערמאָנען די שווערע צייטן, גזירות און פאַרפאָלגונגען אין מצרים, און אין געדאַנק קומען אויף די דורות שפּעטערדיקע צרות און פאַרפאָלגונגען, ווי די גזירות ת״ח ות״ט, די שפּאַנישע אינקוויזיציעס, כמעלניצקיס פּאָגראָמען און אַוודאי און אַוודאי דעם מורא׳דיקן חורבן וואָס אונזער דור האָט געזען מיט זיינע אויגן, אַז דאָס אַלעס צוזאַמענגענומען זאָל ניט אַרויסרופן אַ רעאַקציע און אַ ביטערן צער און צאָרן־אויסגוס אויף דעם אַדרעס פון די פעלקער ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין די פּאַטעטישע ווערטער פון שפוך חמתך.

דאָס געמיט ביים סדר ווערט אַ שפּאָר ביסל היימלעכער ביי דעם צערעמאָניאַל פון אויפמאַכן די טיר פאַר אליהו הנביא, ווען ער קומט דאַן אַריין אין יעדער שטוב וואו מען דיכט אָפּ דעם סדר, און טרינקט אָפּ פון דעם כוס וואָס מען האָט אָנגעגאָסן פאַר אים.

בכלל שפּילט די מיסטעריעזע פיגור פון אליהו הנביא אַ גרויסע ראָלע אין דעם יום־טוב פסח. ער ווערט אין פאַרשידענע וואַריאַנטן, און פאַרכאַפּנדע שילדערונגען פאַראייביקט אין דער יידישער ליטעראַטור, דורך אַרויסהויבן די מאָמענטן, אַז אַפילו אין די עקסטרעמסטע פאַלן פון יאוש און פאַרצווייפלונג, ווי למשל אין דעם ים פון דלות און נויט מיט וועלכן דאָס יידישע לעבן איז דעמאָלט געווען אַזוי ״רייך״ און געוויסע אָרעמע פאַמיליעס זיינען געווען נידערגעשלאָגן און פאַרצווייפלט, ניט האָבנדיק קיין געלט איינצוקויפן שפּייז אויף יום־טוב, האָט זיך אין סאַמע לעצטן מאָמענט, ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, באַוויזן דער מיסטעריעזער אליהו הנביא, אין די אָדער אַן אַנדערער געשטאַלט, און באַוויזן צו ענדערן די גאַנצע אַטמאָספערע פון שטוב,

אַריינברענגען יום טוב׳דיקייט און היימלעכקייט, דורך באַזאָרגן די אָרעמע פאַמיליע מיט אַלעס וואָס איז נויטיק פאַר אָפּריכטן דעם פּסח סדר.

די לעגענדאַרע געשטאַלט פון דעם אָרעמען ייד מיט דער טאָרבע אויף די פּלייצעס, ווי ער וואַנדערט איבער וועגן און שטעגן, קלאַפּט אָן אין יידישע היימען צו ברענגען הילף און טרייסט אין מאָמענטן פון נידערגעשלאָגנקייט און נויט, האָט באַרייכערט די פאַנטאַזיע פון יידישע שרייבער אין אַלע צייטן און ווערט דורך זיי פאַראייביקט אין הערלעכע קאַפּיטלען, סיי אין פּראָזע סיי אין פּאָעזיע.

עס קען זיין אַז אין די שפּעטערדיקע צייטן האָבן אונזערע גויאישע שכנים, מקנא געווען אונזער שיינער און היימישער געשטאַלט פון אליהו הנביא און פּרובירט אים נאָכמאַכן מיט אַ להבדיל "סאַנטאַ קלאַוס"־פּראָפיל, וואָס ברענגט מתנות צו קינדער, אָבער ווי אַלע נאָכמאַכונגען איז עס אַ סוראגאט און עס האָט ניט אין זיך דעם יידישן טעם...

אָן שום ספק, איז דער יום טוב פּסח אַן אָנגעזעענע דאַטע אין דער יידישער געשיכטע.

שוין דאָס באַפרייען זיך פון אַ פאָלק, וואָס האָט מער ווי 200 יאָר געאַרבעט ווי שקלאַפן און אַרויס ווי פרייע מענטשן, אַפילו ווען מען זאָל ניט אַרויסהויבן די מופתים און ניסים וואָס זיינען געשען איידער און בעת זיי זיינען אַרויס פון מצרים, אַפילו בלויז דער געשיכטלעכער פאַקט אַז אין יענעם פרע־היסטאָרישן מיטלאַלטער און געצנדינערישע צייטן, האָט אַ פאָלק זיך געקענט אַרויסרייסן פון קנעכטשאַפט, דאָס אַליין איז שוין אַ גרויסער נס און אַלס אַזעלכער איז פּסח אַריין אין דער יידישער געשיכטע ווי אַ היסטאָרישע דאַטע און אַ סימבאָל פון מענטשלעכער און יידישער באַפרייאונג.

ווי אַ סך אַזעלכע היסטאָרישע דאַטעס, האָבן זיי אַ דירעקטע שייכות מיט אונזער היינטיקער מאָדערנער צייט, מיט אונזער היינטיקן דור וועלכער האָט אויף זיינע געשיכטע־בלעטער צו פאַרצייכענען צוויי היסטאָרישע געשעענישן, אויך אין די פּסח־טעג, געטרוקט איינס פון צווייטן בלויז אייניקע יאָר.

*ערב פּסח 1943*, אין וואַרשעווער געטאָ, האָבן די לעצטע רעשטלעך פון אַן אויסגעהונגערט אויסגעהרגעט פאָלק, זיך איבערגרופּירט און צוגעגרייט צו שטעלן אַ האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד די דייטשע סאָלדאַטן וואָס האָבן אַרומגערינגלט די געטאָ, און געוואָלט דעפּאָרטירן אַלע יידן קיין מיידאַנעק און אַנדערע אומקום פּלעצער אין פּוילן.

אמת, זיי זיינען שוין ניט געווען אַ סך. קוים אַ ברוך טייל פון דעם גרויסן קיבוץ פון וואַרשעווער יידן און אויך פון אַנדערע שטעט אין פּוילן. קיין

אויסזיכט אויף דערפאָלג, אַפילו צו ראַטעווען זייער אייגן פּערזענלעך לעבן, האָט דער אויפשטאַנד אין דער וואַרשעווער געטאָ אין פסח 1943 ניט געקענט ברענגען. צו קליין אין צאָל, כמעט אומבאַוואָפנט און שוצלאָז קעגן דער דעמאָלט מעכטיקער דייטשער אַרמיי, האָט דער אויפשטאַנד אין דעם וואַרשעווער געטאָ קיין באַפרייאונג נישט געברענגט די יידן.

דאָס אָבער וואָס דער אויפשטאנד האָט זיך אָנגעהויבן אין דער פסח נאַכט, ווען יידן אין פילע וועלט־טיילן קומען זיך צונויף אָפּצייכנען די באַפרייאונג פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט, דאָס קען זיין, האָט אויך געגעבן אינספּיראַציע און דערמוטיקונג די אויפשטענדלער אין דער וואַרשעווער געטאָ, וואָס אויב זיי האָבן ניט אויסגעקעמפט זייער פּערזענלעכע פרייהייט, האָבן זיי אָבער מיט זייער מוטיקן קאַמף זיך באַפרייט פון פחד און מורא פאַרן שונא, אומגעקומען על קדוש השם, און דערמיט אַריינגעשריבן אַ העראָאיש בלעטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער אייביקייט, וואָס אויך וועגן דעם, אַזוי ווי פון די ניסים פון פסח דאַרף געשאַפן ווערן אַ הגדה, וואָס זאָל איבערגיין פון דור צו דור.

און פון טראַגישן העראָאיזם אין פסח 1943, צום יום טוב׳דיקן ווידערגעבורט פון מדינת ישראל, פסח צייט 1948.

ווי אַלע טראַדיציאָנעלע יידישע ימים־טובים, איז די אָפיציעלע דאַטע פון דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל, געבונדן מיט דער יידישער צייט־רעכענונג פון ה׳ אייר, סך־הכל אַ פּאָר טעג מאַך פסח.

עס איז אפשר ניט בלויז קיין געשיכטלעכער צופאַל, וואָס ביידע ימים טובים, דער יום טוב פסח און דער יום טוב פון דעם אויפקום פון דער יידישער מדינה, ווערן געפייערט כמעט אין דער זעלבער צייט, איז דאָך דער לעצטער אויסרוף, מיט וועלכן די הגדה ווערט פאַרענדיקט דער וואונטש אַז ״לשנה הבאה בירושלים״.

אין דער יידישער געשיכטע, איז דער פאַרלאַנג און די בענקעניש נאָך פרייהייט, געבונדן מיט דעם אַרויפגיין קיין ירושלים, וועלכע איז זינט טויזנטער יאָרן דער קען־צייכן, דער סימבאָל פון יידישער אומאָפּהענגיקייט און הייליקייט.

און אויב אויף אונזער דור איז אויסגעפאַלן די זכיה צו זען די אויפריכטונג פון אַ יידישע מדינה, וועט עס זיין נאָר מיט ירושלים אַלס איר הויפּטשטאָט, וואָס סימבאָליזירט מיט זיך, ווי דער נאָמען זאָגט, ירושלים, די שטאָט פון שלום.

זאָל דער שיינער מנהג וואָס איז באַנייט געוואָרן די לעצטע יאָרן אין ישראל, עולה רגל צו זיין קיין ירושלים פון אַלע טיילן אין לאַנד, און פייערן דאָרט מיט געזאַנג און טענץ דעם יום־טוב פסח, זאָל כאָטש אַ טייל פון דער פרייד, פון אָט דער "אווירא דארץ ישראל", אַריבערגעטראָגן ווערן צו די יידן אין די תפוצות, ביים אויפנעמען דעם ליבן יום־טוב פסח אין אונזערע געצעלטן.

**אַפּריל 1984**

# אַ קרבן-פּסח ביי די שומרונים

ווער זיינען די שומרונים? לויט פאַרשיידענע היסטאָריש־תלמודישע און רבנישע קוואַלן, זיינען נאָכן פאַלן פון ישראל־קעניגרייך אין שומרון, די שומרונים געבראַכט געוואָרן אין לאַנד אַריין דורך דעם מלך פון אַשור. ער האָט זיי געבראַכט פון פאַרשיידענע לענדער און זיי באַזעצט אויפן אָרט פון די פאַרטריבענע יידן.

זיי ווערן דערמאָנט אין די כתבים פון ר׳ בנימין מטולידה, רמב״ם, רמב״ן און אַנדערע.

דער רמב״ן האַלט זיי פאַר אָפּשטאַמיקע פון די ״כותיים״. די שומרונים וואַרפן אָבער קאַטעגאָריש אָפּ דעם נאָמען און דערקלערן זיך פאַר די אמת׳ע און ״ריינע״ ישראלים. דער הר־גריזים און די שטאָט שכם זיינען ביי זיי די הייליקסטע ערטער. משה רבנו ווערט ביי די שומרונים געערט און פאַרהייליקט.

בכלל האַלטן זיך די שומרונים ווי אָפּשטאַמיקע פון די עשרת השבטים, אין רעליגיעזע צערעמאָניאַלן זיינען זיי פאַרקרוב׳ט מיט יידן. זיי האַלטן פון אַ סך יידישע ימים־טובים און ספּעציעל איז ביי זיי פאַרהייליקט דער יום־טוב פסח, וואָס זיי האַלטן אָפּ יעדעס יאָר, 14 טעג אין חודש ניסן, מיט ברענגען קרבנות אויף דעם הר גריזים.

אין דער ערשטער צייט האָבן זיי זיך שטאַרק אַסימילירט מיט דער גריכישער קולטור און האָבן דעריבער זיך נישט באַטייליקט אין דעם חשמונאים־אויפשטאַנד קעגן די גריכישע אָקופּאַנטן.

די רוימישע פאַרפאָלגונגען קעגן די יידן און דער פאַרבאָט פון מילה און שבת האָט אויך שטאַרק געטראָפן די שומרונים און ספּעציעל ווען דער קייסער אַדריאַנוס האָט אויפגעשטעלט אַ יופּיטער־סטאַטוע אויף זייער פאַרהייליקטן הר־גריזים.

ס׳זיינען געווען עטלעכע פּרוואוון פון אויפשטאַנד קעגן די רוימער, אָבער זיי זיינען בלוטיק אונטערדריקט געוואָרן.

נאָכן באַהערשן דאָס לאַנד דורך די אַראַביש־איסלאַמישע פעלקער, זיינען די שומרונישע קהילות קאָנצענטרירט ביי די ים־ברעגן, ווי קסריה, אַשקלון און עזה, זיי זיינען אויך אַוועק קיין מצרים און דאָרט געגרינדעט אַ גרויסע שומרונישע קהילה. אין משך פון הונדערטער יאָרן, זייענדיק אָפּגעריסן פון יידישן שטאַם און לעבנדיק אויך איזאָלירט פון די אַראַבישע שכנים אַרום, זיינען זיי אויך געוואָרן רעדוצירט אין צאָל.

אַ גרעסערע קהילה פון אַ פּאָר הונדערט נפשות געפינט זיך היינט אין דער שטאָט שכם, אַרום דעם הר־גריזים, וואו זיי האָבן געלעבט ווי אין אַ שומרונישער געטאָ אין דער אַראַבישער שטאָט, וואָס איז ביז דער 6־טאָגיקער מלחמה געווען כמעט יידן־ריין. נאָכן באַפרייען שכם און איינגלידערן די שטאָט האָבן זיי באַקומען די מעגלעכקייט צו פּאַראייניקן זיך מיט אַ קלענערן קיבוץ פון שומרונים וואָס לעבן שוין הונדערטער יאָרן אַרום דער ניי־אויפגעבויטער שטאָט חולון. אָבער זיינען די חולונ׳ער שומרונים ״עולה רגל״ צום הר־גריזים, ווען זייערע ברידער פירן אַדורך יעדעס יאָר, 14 טעג אין חודש ניסן, די צערעמאָניע פון ברענגען דעם קרבן־פסח.

אין די לעצטע צען יאָר, זינט שכם איז געוואָרן פאַראייניקט מיט דער יידישער מדינה, איז דאָס מקריב זיין דורך די שומרונים דעם קרבן־פסח אויפן הר־גריזים, געוואָרן אויך אַ ספּעקטאַקל פאַר אַ סך ישראלים און ספּעציעל פאַר טוריסטן, אויב זייער באַזוך פאַלט אויס אין דער צייט פון שומרונישן פּסח. ראַדיאָ־ און טעלעוויזיע־קאַמעראַס, אַ זשורנאַליסטן־לאָזשע מיט פילם־אַפּאַראַטן און אַ גרויסער עולם אויסגעזעצט אויף ספּעציעל אויסגעבויטע הויכע עסטראַדעס, קוקן זיך צו מיט שפּאַננג און נייגער ווי אַזוי אַ פאַרבלאָנדזשעטער יידישער שבט פּרובירט אין אונזערע מאָדערנע צייטן אויפצולעבן אַ ריטואַל פון יידישן דת מיט 2 טויזנט יאָר צוריק.

איך האָב בייגעוואוינט אַזאַ צערעמאָניע. די איז געווען זייער קאָלירפול. אויף אַ גרויסן פרייען פּלאַץ אויף דעם היסטאָרישן הר־גריזים איז מיט געמאָסטענע טריט אָנגעקומען דער כהן גדול, אַ גרייז־גרויער זקן אָנגעטאָן אין גרינע זיידענע קליידער, איינגעהילט אין אַ טלית, אין דער באַגלייטונג פון אַ סוויטע כהנים, אויך אָנגעטאָן אין העל־גרינע קליידער. נאָך זיי איז אָנגעקומען אַ צווייטע גרופּע כלי־קודש, ווייזט אויס פון אַן אַנדערן סאָרט, אַלע אָנגעטאָן אין גלאַנציק זיידענע ווייסע קליידער. נאָכדעם האָט מען מיט גרויס פּאַראַד אַריינגעפירט די 7 שעפּסן, די ״קרבנות״, וואָס האָבן קראַמפּהאַפט זיך געטוליעט איינס צום צווייטן, ווי נישט ווילנדיק זיך צעשיידן און זיך אויסמישן מיט דעם גרויסן המון שומרונים, וואָס האָבן אויסגעפילט דעם פּלאַץ אַרום; מענער, פרויען און קינדער, אַלע אויסגעפּוצט יום־טוב׳דיק אין העל־בונטע רויטע, שרייענדיקע פאַרבן.

דער כהן־גדול, אין באַגלייטונג פון די עלטסטע פון דער עדה, דערנענטערט זיך צום מזבח געבויט פון 4 קאַנטיקע גרויסע גלאַטיקע שטיינער, הויבט אָן די תפילות מיט אַ קלינגענדיקער שטימע, וואָס איז גאָר נישט אין פאַרפאָרן צו זיין שוין גאָר טיפער עלטער. די גאַנצע עדה שומרונים זאָגן נאָך מיט גרויס התלהבות און פּאַטאָס פּסוק נאָך פּסוק, יעדעס וואָרט וואָס דער כהן־גדול זאָגט אָדער רעציטירט. דער עקסטאַז האָט דערגרייכט אָפּטמאָל

אַ גאָר גרויסע הייך. די מענטשן זיינען זיך געפֿאַלן איינער דעם צווייטן אויפֿן האַלדז און געוואונטשן זיך צו דערלעבן איבער אַ יאָר צו קענען מקיים זיין די מצווה פֿון קרבן־פסח.

מיטאַמאָל ווערט אויף אַ מינוט שטיל און עס הערט זיך אַ דייטלעך הויכער באַפֿעל־אויסגעשריי פֿון כהן־גדול "ושחטו את הפסח" און אויף דעם ענטפֿערט דער המון "פסח הוא לאשימא". דעמאָלט וואַרפֿן זיך די 7 צוגעגרייטע שוחטים, אַלע אין ווייסע לאַנגע קליידער, מיט בלאַנקענדיקע חלפים אין די הענט אויף די שעפּסן. ווען דאָס בלוט פֿון די געשאָכטענע שעפּסן הייבט אָן אַרויסרינען ווערט אַ רעש און אַ טומל, טייל כאַפּן אונטער דאָס בלוט און באַשפּרענקלען דערמיט דעם מזבח, אַנדערע טראָגן אַוועק אַ ביסל בלוט אין די הייזקעס אַרום וואו זיי וואוינען און באַשפּרענקלען דערמיט די לייסטן און די טירן.

דער כהן־גדול זעצט פֿאָר לייענען די פּרשה פֿון יציאת מצרים (ספר שמות). אויף די 7 געשאָכטענע שעפּסן ווערט אַרויפֿגעגאָסן הייס וואַסער און ביי יעדן שעפּס זיינען זיך 4 שומרונים מתעסק ביים אַראָפּציען די פֿעל. ווען דער שעפּס איז ריין און גלאַטיק, ווערט ער דורך מענטשן אַרויפֿגעהאָנגען אויף אַ שטאַנג און אַ דריטער עפּנט אויף דעם בויך, ס׳ווערן אַרויסגענומען די אינגעווייד, זיי ווערן באַזאַלצן, צוגעטראָגן מיט גרויס פֿייערלעכקייט צום מזבח און ביי די תפילות, רעציטירט פֿון כהן און נאָכגעזאָגט פֿון אַלע אָנוועזנדיקע, ווערן זיי פֿאַרברענט.

די גלאַטיק אויסגערייניקטע שעפּסן ווערן אַריינגעטראָגן אין 3 פֿון פֿריער אָנגעהייצטע אויוונס אין דער טיף פֿון 3 מעטער אין דער ערד. בעת דער קרבן־פסח בראָט זיך אין די הייסע אויוונס, זיצן די שומרונים אַרום דעם פֿייער. מען טאַנצט, מען זינגט און דער כהן־גדול דערציילט די "ניסים פֿון מצרים" אַדורכגעפֿלאָכטן מיט פֿאָלקלאָריסטישע מעשה׳לעך, ביז שפּעט אין דער נאַכט.

אַרום חצות ווערן די אויוונס אויפֿגעעפֿנט. פֿון די אָפּגעבראָטענע שעפּסן ווערן באַשטימטע חלקים אָפּגעטיילט, וואָס נאָר כהנים מעגן עסן. דאָס איבעריקע ווערט צעטיילט "צום פֿאָלק". יעדער הויפּט פֿון אַ שומרונישער משפּחה עסט צוזאַמען מיט זיינע בני־בית דעם קרבן־פסח מיט מצות און מרור. ס׳ווערט געגעסן שנעל ("בחפזון"), אָן גאָפּל און מעסער, אָפּהיטנדיק אַז קיין ביין זאָל נישט צעבראָכן ווערן, כדי מקיים צו זיין דעם פּסוק "ועצם לא תשברו בו". אַלץ וואָס בלייבט איבער נאָכן עסן ווערט צונויפֿגעזאַמלט און מיט גרויס כוונה און פֿייערלעכקייט ווערט עס פֿאַרברענט אויפֿן מזבח.

ס׳איז שוין לאַנג נאָך חצות. אויפן האָריזאָנט הייבן זיך אָן צו ווייזן די סימנים פון אַ נייעם אויפגייענדיקן פרימאָרגן. קוקנדיק פון הר־גריזים אַראָפּ אויף דער שטאָט שכם מיט די קליינע דערפלעך און ישובים וואָס ליגן צעוואָרפן אין טאָל און אויף די פעלדרן פון די בערג, אַנטפּלעקט זיך פאַר אייך אַ פאַנטאַסטישע פּאַנאָראַמע פון טויזנטער עלעקטרישע ליכטלעך וואָס פינקלען אין דער שוואַרצקייט פון דער נאַכט אויף לאַנגע מיילן אַרום. אַ הייליקע שטילקייט נעמט אייך אַרום. איר פילט זיך באַהאָפטן אין קאָסמאָס מיט דער אייביקייט פון באַשאַף וואָס קייטלט זיך דורך טויזנטער דורות אויף דער דאָזיקער הייליקער ערד.

אויף די דעכער אַרום דעם באַרג גריזים, שפּאַנען מיט פעסטע טריט יידישע חיילים מיט מאַשין־ביקסן אין זייערע הענט. דאָס האָבן זיי אַ גאַנצע נאַכט געהיטן און אָפּגעהיטן אַז אונזערע אַלטע ווייטע ״קוזינען״, די שומרונים, זאָלן נישט ווערן איבערראַשט פון איבערפאַלן פון ״אונזערע״ און ״זייערע״ אַראַבישע שכנים.

נישט איינעם פון די חיילים האָט זיך אין אָט דער שלאָפלאָזער נאַכט דערמאָנט געוויסע פּסוקים פון אונזער אַלטער הגדה און געוויס האָבן זיי מיט גרויס חשיבות און סאַטיספאַקציע געטראָגן אויף זיך דעם עול פון לא ינום ולא יישן שומר ישראל.

**די ״צוקונפט״ אַפּריל 1889**

# צווישן די צוויי וועלט-מלחמות

ליטעראַרישע עסייען פֿון דר. העשיל קלעפּפֿיש, אַרויסגעגעבן דורכן וועלט־ראַט פֿאַר יידיש און יידישע קולטור, תל־אָביב, 1982, 568 זייטן

דאָס בוך "צווישן די צוויי וועלט־מלחמות", איז אַ זאַמלונג פֿון 92 עסייען, וואָס דר. קלעפּפֿיש האָט געשריבן און פֿאַרעפֿנטלעכט אין די מיטן 30קער יאָרן, אין דער אָרטאָדאָקסישער טאָג־צייטונג אין פּוילן, וואַרשע, "דאָס אידישע טאָגבלאַט".

די אָפּהאַנדלונגען און עסייען זיינען ליטעראַרישע, אין מערסטן־טייל וועגן באַקאַנטע פּוילישע אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנער שרייבער, פּאָעטן, עסייאיסטן, דענקער, וויסנשאַפֿטלער און מלוכה־מענער, וועגן וועמען, דער דעמאָלט נאָך גאָר יונגער, ערשט־גראַדואירטער פֿון דעם ראַבינער סעמינאַר "תחכמוני" דר. קלעפּפֿיש, האָט געשריבן אין דעם אָרטאָדאָקסישן טאָג־בלאַט, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער פּולער אַפּוטרופּסות פֿון דעם זייל פֿון דעם פּוילישן חסידות, דער גערער רבי, דער גרינדער און איניציאַטאָר פֿון דער פּוילישן אָרטאָדאָקסישער באַוועגונג "שלומי אמוני ישראל", באַקאַנט שפּעטער אַלס די "אגודת ישראל"־פּאַרטיי אין פּוילן.

די ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען און עסייען פֿון דעם יונגן אָרטאָדאָקסישן שרייבער דר. קלעפּפֿיש, איבער אייראָפּעאישע "גויאישע" שרייבער אין דעם אולטראַ אָרטאָדאָקסישן טאָג־בלאַט, שוין דאָס אַליין איז צו יענער צייט געווען אַ חידוש. זיינען דאָך די ישיבה בחורים און די דף יומי לערנער ניט געווען קיין צופּיל "קאָנסומענטן" און לייענער פֿון דער וועלטלעכער אייראָפּעאישער ליטעראַטור, איז וואָס האָט באַוואויגן דאָס אולטראַ אָרטאָדאָקסישע טאָגבלאַט אַזוי ברייט צו עפֿענען אירע עמודים כמעט וואָך וועכנטלעך איבער שרייבער און טעמעס פֿון קולטור און צייט פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַוודאי פֿאַר אַ סך פֿון אירע לייענער געקלונגען ווי טעמעס פֿון אַן אַנדערער פֿרעמדער דרויסנדיקער וועלט און די שרייבער און ביכער האָבן מיט רעכט געקענט באַצייכנט ווערן דורך זיי אַלס ספרים חיצונים?

ווייזט אָבער אויס, אַז דער יונגער און שוין דעמאָלט באַגאַבטער אָרטאָדאָקסישער שרייבער און למדן דר. קלעפּפֿיש, האָט באַוויזן אַריינצוברענגען אין זיינע אָפּהאַנדלונגען איבער שרייבער אין זייערע ווערק, דעם הויך־הומאַניסטישן און צוגלייך יידיש טראַדיציאָנעלן קולטור־צוגאַנג, געשריבן מיט למדנישער און וועלטלעכער ערודיציע וואָס זיינען ביי אים ווי איין פֿליסנדער שטראָם, וואָס פֿרישט אָפּ דעם געדאַנקענגאַנג פֿון יעדן איינעם אָן אונטערשיד פֿון וועלכער רעליגיעזער אָדער וועלטלעכער "דאָמינאַציע" איר זאָלט אים ניט צושרייבן.

און עס איז אינטערעסאַנט, כאָטש געשריבן מיט אַזויפיל יאָר צוריק, זיינען די גרעסטע טייל פון די 92 עסייען אויף טעמעס וואָס אָטעמען נאָך היינט מיט שטענדיקער אַקטועלקייט ווען זיי באַהאַנדלען פּראָבלעמען און פראַגן וואָס ווערן אויף נאָך לאַנגע יאָרן זיין "אייביקע" נאָך ניט פאַרענטפערטע.

נעמט צום ביישפּיל די עסייע "דער ייד מיטן לאַנגן מעסער". דאָס איז וועגן דער טרויעריק־באַרימטער יידן־דראַמע, פון דעם ענגלישן דיכטער שעקספּירס, "שיילאָק", וואו ער ווייזט אַ בלוט־דורשטיקן ייד, וואָס וויל נקמה נעמען אין אַ גוי דורך אויסשניידן פון זיין ברוסט אַ פונט פלייש אַלס נקמה פאַר פאַרפירן און באַליידיקן זיין טאָכטער. וועגן אָט דער אויסגעטראַכטער געשיכטע פון דעם פּיפיקן דראַמאַטורג שעקספּיר, זיינען שוין טויזנטער אָפּהאַנדלונגען געשריבן געוואָרן. קריטיקער, אַפילו ניט קיין ספּעציעלע יידן־פריינד האָבן אָנגעוויזן אַז דער געשילדערטער יידן־געשטאַלט שיילאָק מיט זיין בלוטדורשטיקן האַס פון ווערן נקמה נעמען אין אַ גוי און פאַרלאַנגען אויסצושניידן אַ פונט פלייש גענוי ווי דער אָפּמאַך איז דורך אים געוואָרן געחתמעט, אויב ער וועט ניט צאָלן זיין וועקסל ביים נעמען די הלואה פון דעם ייד שיילאָק, איז אַן אַבסורד.

אין דער גלענצנד געשריבענער עסיי, ברענגט דר. קלעפּפיש אויך אַרויס אַ געוויסע געשיכטלעכע רעוועלאַציע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער שיילאָק דראַמע, פון דעם באַוואוסטן אַמעריקאַנער פאָרשער דזשאַן היקס וועלכער פרובירט אַריינברענגען אַ ביסל היסטאָרישן אמת אין אָט דער שיילאָק־געשיכטע וועלכע דערמאָנט אונז אין געוויסע מאָמענטן אין אַ סך פאַרליימדונגען און בלבולים אויף יידן פון פאַרשידענע צייטן, ווי פאַרסמטע ברונימער, בלוט אויף מצות און נאָך אַזעלכע קוואטשן.

אַ סך עסייען פון דעם בוך זיינען געווידמעט היסטאָריש צייטלעכע געשעענישן. איינע פון זיי איז די טראַגישע געשיכטע פון דעם אַרמענישן פאָלק וואָס האָט אין דער צייט פון דעם 1טן וועלט־קריג געוואוינט אין גרויסע טיילן פון טערקיי און רוסלאַנד. אַ קליין אַזיאַטיש פאָלק וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אין קליין־האַנדל און אין צופּאַסן זיך צו אַלע עקאָנאָמישע שוועריקייטן און באַדינגונגען אין דעם געגעבענעם לאַנד וואו זיי האָבן געוואוינט, זיינען די אַרמענער אין דער צאָל פון אַ פאָר הונדערט טויזנט געווען צעוואָרפן איבער דער לענג און ברייט פון דער אַמאָליקער טערקישער אימפּעריע.

אין דער צייט פון דעם ערשטן וועלט־קריג זיינען די אַרמענער אַלס טערקישע בירגער געוואָרן מאָביליזירט אין דער טערקישער אַרמיי וואָס האָט ווי באַוואוסט געקעמפט קעגן די קאָאַליציע מלוכות און שפּעטער אָנגעהויבן ליידן גרויסע מפּלות אויף די פראָנטן. אַלס רעזולטאַט דערפון איז

פאָרגעקומען אַ דעזערציע און אַן אַנטלויפן פון די פראָנט פּאָזיציעס דורך טיילן פון דער אַרמיי אין וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען זעלנער פון די מינאָריטעטן גרופן, ווי אַרמענער און אַנדערע.

דאָס זאָל האָבן פאַראורזאַכט אַ כוואַליע פון שנאה און האַס פון די טערקן קעגן די אַרמענער. עס האָט זיך פונדאַנערגעפלאַקערט אַ העץ־קאַמפּיין אין טערקיי, אַז די אַרמענער זיינען שפּיאָנען, פאַררעטער, אַ 5טער קאָלום און אַזוי ווייטער אין דעם באַקאַנטן נוסח, פון דעם איינציקן וועג פּטור צו ווערן פון די שונאים פון לאַנד און זיי אַרויסטרייבן פון טערקיי. הונדערטער טויזנטער, מענער, פרויען און קליינע קינדער, זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן אין די ווייטע שטרעקעס פון די מדבריותן אַרום די לענדער אין יענע וועלט־טיילן. (עס קלינגט גרוילהאַפט פאַנטאַסטיש! אָבער דאָס זיינען היסטאָריש אמת׳ע פּאַסירונגען).

אויף דער טעמע, האָט דער באַרימטער יידיש־עסטרייכישער שרייבער פראַנץ ווערפעל אָנגעשריבן אַ רירנד און אינטערעסאַנט בוך "די 4 טעג פון מוסא דאג" אין וועלכן ער דערציילט, אַז בעת דעם גירוש פון די טויזנטער אַרמענער אין דעם מדבר, ווען די גרעסטע טייל זיינען שוין געהאַט אומגעקומען פון הונגער, דורשט און קראַנקהייטן, האָבן זיך בערך 5000 יונגע אַרמענער פון די דערפער, איידער די טערקן האָבן נאָך באַוויזן זיי אַרויסצוטרייבן פון די היימען, זיך אָרגאַניזירט און באַפעסטיקט אויף אַ באַרג וואָס האָט געהאַט דעם נאָמען "מוסא דאג", אויסגעשולט פון זיך אַן אַרמיי וואָס האָט פאַר יעדן פּרייז באַשלאָסן זיך ניט לאָזן אויסקוילן פון די טערקן, און עס געשעט דאָס אומגלויבלעכע. "די אויסגעדאַרטע און אויסגעמאַטערטע פאַרצווייפלטע אַרמענער באַווייזן וואונדער אין זייער שלאַכט קעגן די מעכטיקע טערקישע אַרמיי". ערשט נאָך 40 טעג פון באַלאַגערונג און פאַרצווייפלטע קאַמפן, אַריינפירנדיק אַ שלל פון אַמוניציע און זעלנער איז "מוסא דאג" געפאַלן.

דער מוסר השכל פון דער טראַגישער פּאַסירונג לערנט אונז אַ סך. דר. קלעפּפיש אין זיין עסיי שרייבט" אפשר נאָך שווידערלעכער נאָך ווי 40 טעג פון מוסא דאג, פון דער גאַנצער שחיטה איבער אַ פאָלק, איז ווי די וועלט האָט רעאַגירט אויף די אַכזריותן פון די טערקן. מען האָט גוט געוואוסט אַז אין מלכות טערקיי שפּילט זיך אָפּ אַ טראַגעדיע, הונדערטער טויזנטער מענטשן זיינען פאַרטריבן געוואָרן אין אַ מדבר אויף אַ הונגער־טויט, דאָך האָט קיין שום רעגירונג ניט פּראָטעסטירט, דאָך האָט קיין שום איינפלוסרייכע אָפיציעלע פּערזענלעכקייט ניט געוואָרפן זיך אין קאַמף פאַר די שוואַכע".– באַקאַנטע, זייער באַקאַנטע ווערטער...

די שטומע "שוויַיגעניש" פֿון דער וועלט האָבן מיר ייִדן, לײַדער אויך "געהערט" מיט יאָרן שפּעטער, בײַ דעם אומקום פֿון אַ דריטל פֿון אונזער פֿאָלק.

דער אויפֿשטײַיג פֿון דײַטשן נאַציזם און אַנטיסעמיטיזם אין די דרײַסיקער יאָרן, און זײַן אויסווירקונג אויף די דײַטשע שרײַבער און ליטעראַטור און זייערע שכנים – די פּוילישע שרײַבער – וואָס האָבן גאַנץ גערן מיטגעמאַכט דעם שדים־טאַנץ, קומט בולט צום אויסדרוק אין עטלעכע העכסט־געלונגענע עסייען אין דעם בוך.

כדאַי אָבער אונטערצושטרײַכן, אַז דר. קלעפּפֿיש באַמיט זיך אַרויסצוהייבן די ליבעראַלע און נאָבעלע געשטאַלטונג פֿון אַ סך פּוילישע שרײַבער, דענקער און פֿילאָזאָפֿן, וואָס טראָגן דער געדיכטער אַנטיסעמיטישער לופֿט מיט וועלכע פּוילן האָט "טראַדיציאָנעל" געאָטעמעט, האָט זי אַרויסגעגעבן פֿון זיך באַדײַטנדע הומאַניסטישע גרויס־מײַסטער פֿון וואָרט, ווי אַדאַם מיצקיעוויטש, עליזאַ ארזשעשקאָווא, מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ, אַנדזשעי סטרוג, טאַדעאוש זאַדערעצקי און אַנדערע. אין דער אָפּשאַצונג וועלט פּאָליטיקער, ווי פֿראַנץ קאַפֿקאַ, ל. פֿויכטוואַנגער, סטעפֿאַן צווײַיג, וואָלטער ראַטענאַוי, לייב טראָצקי און אַנדערע, האָט דר. קלעפּפֿיש מיטן קריטעריום פֿון רחמים, טראָץ זייערע זיגזאַגישע בלאָנדזשענישן איבער פֿרעמדע גערטנער, מײַסטערהאַפֿט אַרויסגעבראַכט די טראַגישע צעשפּאָלטנקייט פֿון זייער שפּעפֿערישן לעבן אין דעם "גויאישן" אַרום.

איינע פֿון די פּאָטעטישסטע און העכסט אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונגען אין דעם בוך איז די עסיי וועגן דר. נתן בירנבוים צו זײַן ערשטער יאָרצײַט, וואָס איז אויסגעפֿאַלן צו יענער צײַט.

אַוודאי פֿילט זיך דאָ די סוביעקטיווע אידעאישע נאָענטקייט פֿון שרײַבער צו דעם פֿילאָזאָפֿישן גערדאַנקענגאַנג פֿון דעם גרויסן אָרטאָדאָקסישן דענקער און פּובליציסט ספּעציעל אין די שפּעטערע יאָרן פֿון זײַן לעבן, פּונקט ווי מען קען דאָס זעלבע אויך זאָגן וועגן דער עסייע אין דער אָפּשאַצונג פֿון א. לעיעלעס משיח־דראַמע "אשר לעמלען", וואו ער שרײַבט וועגן די גאולה און משיח מאָטיוון, אַ טעמע וואָס איז דעם שרײַבער און געלערנטן דר. קלעפּפֿיש ספּעציעל נאָענט ווי אַ סך האָבן געהאַט די געלעגנהייט אים צו הערן אַרויסטרעטן אויף פֿאַרשידענע פֿאָרומס, וואו מיט זײַן אָראַטאָרישן טאַלאַנט האָט די אידעע פֿון משיחיזים און גאולה, כאָטש געזען דורך אַבסטראַקטע אַספּעקטן באַקומען דעם קאָנקרעטן גלויביקן אינהאַלט.

די עסייען, געשריבן מיט טאַלאַנט און ערודיציע, פירן אונז צו אַ תקופה, ווען גייסטיקע שעפערישקייט האָט געברויזט אין יעדן ווינקעלע פון יידישן לעבן.

זאָל דאָס זיין אַן אינספּיראַציע און דערמאָנונג, ניט צו לאָזן איינדרימלען די גייסטיקע ווערטן, וועלכע שיינען נאָך אַרויס, אין אונזער מאַטעריעלער היינט.

**יולי 1983**

# אין פייער פון געשעענישן

## (עסייען און אַרטיקלען פון דר. בערל פרימער, פאַרלאַג י.ל. פרץ 301 זייטן)

דאָס בוך "אין פייער פון געשעענישן" איז אַ סעלעקטיווע זאַמלונג פון עסייען און אַרטיקלען אין די געביטן פון פובליציסטיק, יידישע צייט פראַגן, ווי אויך אידעאָלאָגישע און סאָציאָלאָגישע אַרבעטן, געשריבן ווי דער נאָמען פון דעם בוך זאָגט אָן, אין טראַנס פון געשעענישן פון טאָג.

די אַקטועלקייט אָבער פון די טעמעס פאַרלענגערט זיך ווייט אַריבער זייער טאָג טעגלעכקייט, ווייל זיי זיינען פּראָבלעמען און פראַגן וועלכע שטייען שוין יאָרן לאַנג אויף דעם סדר היום פון אונזער טאָג טעגלעך לעבן, און וועלן אויך להבא שטיין אין צענטער פון אונזער גייסטיקן נאַציאָנאַלן קיום און המשך אין די לענדער פון אונזער צעשפּרייטקייט.

מיר מיינען דאָ דערמיט די ערשטע און אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונג אין דעם בוך וואָס פאַנגט זיך אָן מיט אַ שטודיע וועגן: געמישטע חתונות.

אַלאַרמירנדע באַריכטן און פאָרשונגען וועגן אָט דעם פּראָבלעם זיינען די לעצטע יאָרן פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך פאַרשידענע פאָרשער און קאָמפּעטענדע קוואַלן וועלכע גיבן זיך אָפּ מיט פעסטשטעלן דעם היינטיגן דעמאָגראַפישן צושטאַנד פון דעם יידישן צבור אין דער וועלט און די פראַגנאָזן וועגן אונזער וואוקס, אָדער בעסער געזאָגט וועגן אונזער נומערישן צוריקגאַנג, אַפילו שוין אין די גאָר נאָענטסטע יאָרן, אַלס רעזולטאַט פון די איבער 33 פּראָצענט געמישטע חתונות אין די פאַראייניקטע שטאַטן און נאָך מער ווייט־גייענדע טרויעריגע ציפערן אין מזרח און מערב אייראָפּעאישע לענדער מיט קלענערע יידישע ישובים.

פאַר די וועלכע ווילן געפינען אַ טרייסט אַז אָפּטמאָל קען דער יידישער צד נומעריש געווינען אויב דער "גויאישער" צד איז מסכים אַז די קינדער וואָס ווערן געבוירן פון אַזאַ "מיש־מאַש" זאָלן ווערן דערצויגן אַלס יידן, און עס איז דאָ אַ געוויסער פּראָצענט וואָס טוען עס טאַקע. ס'איז אַ פאַקט אַז איר קענט היינט טרעפן קינדער אין אָרטאָדאָקסישע ישיבות פון אַזעלכע היימען, אָבער אין גרעסטן טייל זיינען עס קינדער וואָס דער גויאישער צד האָט אַדורכגעמאַכט אַ גיור מיט דער פולער באַוויליקייט אָנצושליסן און זיך איינגלידערן אין דעם יידישן כלל.

איז אינטערעסאַנט זיך צו באַקענען מיט דער צווייטער עסייע פון ד"ר פרימער אין דעם בוך, געווידמעט די באַוועגונג פאַר גיור, ספּעציעל נאָך ראַביי שינדלערס אַרויסטריט מיט איניגע יאָר צוריק צו שאַפן אין דער יידישער

געזעלשאַפט אַ באַוועגונג פאַר אַ מאַסן גיור פון קריסטן געגוי ווי עס טוען די קריסטלעכע מיסיאָנערן, וואָס דורך פאַרשידענע קערפּערשאַפטן און אָרגאַניזאַציעס באַמיען זיי זיך אָפּצושמדן יידן.

אַוודאי ווייסן מיר אַז ס'איז שוין אַדורך אַ פּאָר יאָר נאָך דער באַמבאַסטישער און זעלבסט זיכערער פעסטשטעלונג פון ראַביי *שינדלער* אַז דורך אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע באַוועגונג צווישן קריסטן וועט אונז מעגליך זיין צו פאַרבעסערן דעם דעמאָגראַפישן פאַרלוסט וואָס מיר ליידן צוליב די געמישטע חתונות, דערווייל ביז איצט זעען מיר נישט די גרויסע צאָל קריסטן וואָס זאָלן שטיין *"מיטן היטל אין דער האַנד"*, (דאָ וואָלט מען אפשר געדאַרפט זאָגן מיטן היטל אויף דעם קאָפּ...) און זיך בעטן מען זאָל זיי אַריינעמען אין דעם יידישן צבור, און אַפילו ווען עס געפינען זיך אַזעלכע ווערט זיי געמאַכט פאַרשידענע שוועריקייטן, אויב זיי ווילן אַדורכמאַכן אַ גיור כהלכה ביי אַ אָרטאָדאָקסישן רב.

אָט לייענען מיר אין דער פּרעסע אַז אין ישראל קומען צו מער ווי 1000 קאַנדידאַטן יעדעס יאָר וועלכע ווילן אַריינקומען אין יידישן כלל. איז ערשטנס פאַרלאַנגט מען פון זיי אַז זיי זאָלן אַדורכמאַכן "אַן אָפּקילונגס פּעריאָד" אין משך פון אַ יאָר, ד.ה. אַז זיי זאָלן אין משך פון אַ יאָר האָבן אַן ערנסטן ישוב־הדעת מיט זיך זעלבסט אויב זיי האָבן נישט דערווייל קיין חרטה צו ווערן יידן. ערשט דאַמאָלט פאַרלאַנגט מען פון זיי אויסצולערנען זיך די דינים און די גרונד פּרינציפּן פון יידישן דת און טאַקע באַלייגן אַן עקזאַמען אויף דעם געביט.

עס קען זיין אַז די שוועריקייטן און הינדערנישן וואָס ווערט אָנגעוואָרפן די "נייע יידן" זיינען באַרעכטיקט, ווייל פונקט ווי מיר האָבן אַ פאַרשטענדלעכן ווידער געפיל צו יידן משומדים וואָס "טוישן אויס דאָס רענדל" אַזוי קען זיך אויך אַריינכאַפּן אַ חשש פון צווייפל צי די סיבות פון די קריסטן אַריינצוקומען אין די יידישע געצעלטן זיינען אַלע מאָל אויפריכטיק באַרעכטיקע.

בכלל גענומען זיינען די יידישע מקורים נישט אַלע מאָל געווען איינהייטלעך ווען מיר זיינען געשטאַנען פאַר דעם פּראָבלעם פון גרים, פונקט ווי מיר האָבן געלערנט דעם אָנזאָג "איר זאָלט ליב האָבן דעם גר / ווייל איר זענט אַליין אַמאָל געווען גרים אין לאַנד מצרים", האָבן מיר שפּעטער געהערט די ביטערע פעסטשטעלונג אַז "קשים גרים לישראל כספחת". אפשר דאַרף מען אויך דאָ אָנווענדן דעם מסורה׳דיקן באַלאַנס פון כבדהו וחשדהו?

ווי עס זאָל נישט זיין, איז עס נישט מער ווי אַן אילוזיע זיך צו פאַרלאָזן אויף ראַביי *שינדלערס* רעצעפּט אַז דורך אַ ברייטער באַוועגונג פאַר אַ מאַסן גיור וועט מען קענען פאַרבעסערן אונזער דעמאָגראַפישע מערכה אין דער

וועלט, וואָס איז אַ פועל יוצא פון די געמישטע חתונות און אַסימילאַציע טענדענצן.

און ריכטיק פאַרענדיקט ד״ר פרימער זיין אינטערעסאַנטע עסייע, ״די געמישטע חתונות זיינען אַ סימפּטאָם פון יידישער אויסליידיגונג, און אַנשטאָט צו ׳יידישן׳ גויים דאַרף מען פאַריידישן יידן, און נאָר דורך יידישע עקשנות און אַ ברייטע דערציערישע אַרבעט קען מען העלפן אויפהאַלטן אונזער קיום און המשך״.

יאָ, די פראַגע וועגן אויפהאַלטן אונזער קיום און המשך, דאָס איז אייגנטלעך דער רויטער פאָדעם וואָס ציט זיך אַדורך ווי אַ שנור אין די 70 עסייען און אָפּהאַנדלונגען, געשריבן מיט גרויס ערודוציע און וויסן איבער פאַרשידענע פּראָספּעקטן און פּראָבלעמען פון יידישן און אַלגעמיינעם אוניווערסאַלן כאַראַקטער, טעמעס מיט וועלכע יידן לעבן שוין יאָרן לאַנג, און מיט וועלכע עס וועט אונז נאָך וואַרשיינלעך אויסקומען ״זיך צו עלטערן״ כל זמן מיר וועלן זיין אין גלות אָדער אַפילו ״בלויז״ אין די תפוצות...

דאָס זיינען צום ביישפּיל די עסייען וועגן קריסטלעך־יידישע באַציאונגען, געווידמעט די עקומענישע דיאַלאָגן, סימפּאָזיומס, סעמינאַרן, און קאָנפערענצן צווישן גייסטלעכע פוןביידע רעליגיעס, וועלכע קומען אויף פון צייט צו צייט מיט רעש און ווערן שנעל פאַרגעסן, אָדער די פּרשה וועגן אַנטיסעמיטיזם און אַנטי־ציוניזם וואו דר. פרימער האָט דאָ אַן אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונג איבער אַ בוך וואָס די ישראל סעקציע פון יידישן וועלט קאָנגרעס האָט אַרויסגעגעבן אונטערן נאָמען ״בחינות״.

דאָס בוך איז אַ זאַמלונג פון עסייען וועגן דער ענטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַליטעטן ־ דאָקטאָרין אין ראַטנפאַרבאַנד און עס ווערט דאָרט אַדורכגעפירט אַ וויסנשאַפטלעכער אַנאַליז פון 15 טיפּישע טעקסט ביכער פון געשיכטע וואָס ווערן באַנוצט אין די שולעס פון רוסלאַנד, און עס ווערט פעסטגעשטעלט אַז די טעקסט ביכער זיינען פול מיט פאַלסיפיקאַציעס, פעלשונגען פון פאַקטן, פאַרטושונגען פון היסטאָרישע אמת׳ן, א.א.וו.

דר. פרימער ברענגט עטלעכע ביישפּילן: ״ווען מען באַהאַנדלט אין דער רוסישער געשיכטע די צאַרישע פאַרפאָלגונגען פון פעלקער, דערמאָנט מען די טאַדזשיקן, די אַרמענער, די אַרבידזשאַנער, און אַנדערע, אָבער מען פאַרשווייגט די פאַרפאָלגונגען און פּאָגראָמען אויף יידן. אין דעם קאַפּיטל נאַצי אַכזריות׳ן, ווערט נישט דערציילט אַז אין די טויט־לאַגערן האָט מען געמאָרדעט יידן. ווען מ׳גיט איבער וועגן דער היטלער תקופה פון די יאָרן 1939־1933, דערציילט מען וועגן די אונטערדריקונגען פון פּאָליטישע פרייהייטן, דער געראַנגל פון קאָמוניסטן קעגן היטלערן, די שריפה פון

רייכסטאָג, אָבער קיין זכר נישט פון אַנטיסעמיטישע פּאַרפּאָלגונגען, פון דער קריסטאַל־נאַכט א.א.וו. בעת מ׳גיט איבער די געשיכטע פון דער צווייטער וועלט מלחמה, ווערט אַפילו מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט אַז די נאַציס האָבן אויסגעמאָרדעט מיליאָנען יידן, בלויז, אַז אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן זיינען אַריינגעשליידערט געוואָרן 100,000 קאָמוניסטן, דאָס איז אַלץ...

ישראל איז אַפילו נישטאָ אין דער רשימה פון די ניי־ענטשטאַנענע מלוכות נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה, זי ווערט אָבער יאָ דערמאָנט אין פאַרבינדונג מיט איר "אַגרעסיע" פון דער סיני־קאַמפּאַניע אין 1956"...

מען קען שוין אָבער היינט נישט נתפעל ווערן פון אַזעלכע פעלשונגען און פאַרטוישונגען פון היסטאָרישע אמתן, ווען מען באַקענט זיך מיט די ביכער פון די קיטשקאס, יעפימאווס און אַנדערע. וואָס דערשיינען היינט אין די רעגירונגס פאַרלאַגן פון סאָוועט רוסלאַנד, וואו דאָרט "רעדט" מען גראַדע יאָ וועגן די יידן, ישראל, און אונזער ראָלע צווישן די פעלקער אין דער וועלט, אין דעם לשון פון די שטרייכערס, און זקני־ציון פּראָטאָקאָלן, איז איידער אַזאַ "פּאָפּולאַריטעט" איז שוין בעסער צו בלייבן אַנאָנים און אָנגיין מיט אונזער לעבן, להכעיס די אַלע וואָס ווילן אונז סיי מאָרדן - סיי פאַרשווייגן...

דר. פרימער ווי אַ שליח פון ישראל, וועלכער לעבט שוין אין אַמעריקע אַ פּאָר יאָר און פאַרנעמט אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע אין היגן געזעלשאַפטלעכן לעבן אויספירנדיג מיט אַחריות די שליחות וועלכע די ישראלדיקע אָרבעטערשאַפט האָט אים אָנפאַרטרויט, האָט אין דעם בוך אַן אינטערעסאַנטע אָפּשאַצונג וועגן שליחים און שליחות.

די טעמע איז נישט פרעמד פאַר די וועלכע קענען די סטרוקטור פון דעם היגן געזעלשאַפטלעכן אַפּאַראַט און די אָנפירענדע אינסטאַנצן אין די געביטן וואו די ישראל שליחים פאַרנעמען אָפטמאָל שליסל פּאָזיציעס, פאַרשטייט זיך, דאָרט וואו די ישראל טעטיקייט שטייט אויבן אָן.

און ד״ר פרימער שרייבט אין זיינע ווערטער: "לעצטנס האָט מען געוואָרפן אַן אוס־חן אויף שליחות, נישט בלויז קריטיקירט מען דעם אויסוויל פון די שליחים, נאָר די אינסטיטוציע אַליין. באַלד וועט עס ווערן אַ נעגאַטיווער באַגריף און דאָס וואָרט שליח וועט אַריינגעשטעלט ווערן אין געגנזנפיסלעך".

ס׳איז פאַרשטענדלעך און מענטשלעך, אַז ד״ר פרימער, אַליין אַ שליח און ווי אַן אינווייניגסטער מענטש, וואָס טראָגט זיינע פרואוון אַרויסצוברענגען די סיבות פון דעם שלעכטן "אימאַזש" וואָס די שליחים פון ישראל האָבן זיך דאָ, ווי אויך אין די דרום אַמעריקאַנער לענדער איינגעשאַפט, פּרובירט גלייכצייטיק פאַראַלגעמיינערן און נייטראַליזירן די קריטיק אויף די שליחים און שליחות.

אַוודאי וואָלט גוט געווען ווען די *שליחים* וואָלטן זיך געהאַלטן אין די מינימאַלע כללים און ריכט־לינעס וואָס אַ *שליח* דאַרף מיט זיך פאָרשטעלן און פערזאָניפיצירן, לויט ווי ד״ר פרימער האָט אָנגעצייכנט. ס׳איז אָבער אַ ספק צי דר. פרימער וועט קענען צונויפשטעלן אַ מנין *שליחים* (נישט צום דאַווענען...) וואָס זאָלן קענען לייענען זיין יידישע עסייע געווידמעט *שליחים* און *שליחות*...

אין די 70 אַרטיקלען און עסייען אין דעם בוך אין *״פייער פון געשעענישן״* איז דאָ אַ *שלל* פון מאַטעריאַל פון אַ פאַרשידנאַרטיקן כאַראַקטער, ווי פובליציסטיק, אידעאָלאָגישע און סאָציאָלאָגישע אַרבעטן, ליטעראַטור קריטיק און רייזע איינדרוקן, דאָמינירנדיג אָבער זענען די אידעאָלאָגישע פובליציסטישע אַרבעטן, וואָס אַפילו אויב מ׳וועט נישט מסכים זיין מיט געוויסע אויספירונגען פון מחבר, גיבן זיי אָבער אַ געלעגנהייט זיך ערנסט צו פאַרטראַכטן איבער אָט די פראָבלעמען, ווייל זיי שטייען אויפן טאָג אָרדענונג פון אונזער געזעלשאַפטלעכן לעבן.

# שמחה סימכאָוויטש׳עס נייער בוך

**״צער און טרייסט״,**
**לידער פון ש. סימכאָוויטש,**
**מאָנטרעאָל 1989, 258 זייטן**

עס ליגט פאַר אונז אַ בוך פון דעם דיכטער שמחה סימכאָוויטש, אַ תושב אין קאַנאַדע שוין אַ פּאָר צענדליק יאָר, די לעצטע יאָרן אַ לערער פון ייִדיש און ייִדישער ליטעראַטור אין טאָראָנטער ייִדישן סעמינאַר.

שמחה סימכאָוויטש האָט שוין אַרויסגעגעבן עטלעכע ביכער פּאָעזיע וואָס האָבן געקראָגן וואַרעמע אָפּשאַצונגען פון באַרימטע שרייבער און ליטעראַטור קריטיקער אין זייער צייט. דאָס איצטיקע בוך געזאַמלטע לידער אונטערן נאָמען ״צער און טרייסט״ איז איינגאַרטיק דערמיט, וואָס זעלטן רעדט אַ בוך אַזוי צום געמיט פון אַ היינט־צייטיקן לייענער פון אַ ייִדישן בוך, אויב נאָך דערצו, געהערט דאָס בוך צום ״שבט״ פון די שארית־הפליטה, וואו דאָס וואָרט צער איז דער באַגלייט שאָטן זיינער שוין אַ פּאָר צענדליק יאָר, איינגעקריצט אין זיין זכרון, און אָפּטמאָל נאָך מער איינגעקריצט אפשר אין זיין אייגן בלוט און פלייש, מיט די באַקאַנטע אומשולדיקע טרויעריקע נומערן אויף דעם אָרט וואו ער דאַרף לייגן די תפילין של יד...

שמחה סימכאָוויטש, ווי אַ שליח צבור פון אַ געפּייניקט געשלאָגן פאָלק, וויל אָבער דעם צער נישט אויסטראָגן בלויז אין די אייגענע דלת אמות פון זיין פּערזענלעך צעטראָטענע וועלט, נאָר מיט פלאַמיקע ווערטער מאָנט ער אַ חשבון ביי מענטש און ג־ט פאַר ״לעבענס מיליאָנען, פאַר שאַנד און שפּאָט״.

אין זיין ליד ״דאָס געוויין פון מיין היים״ פון וועלכן מיר נעמען בלויז אַרויס קוים אַ פּאָר שורות לייענט זיך:

**״פאַרהילט איז די געטאָ אין חשכות נאַכט,**
**דער הימל אין טרויער, ווי די שטילקייט נאָך אַ שלאַכט,**
**ס׳שטאַרן די אָפענע טירן און פענצטער,**
**ס׳לויפן די לעצטע שאָטנס געשפּענסטער,**
**נישטאָ מיין היים, מיין וועלט איז צעשטערט,**
**אַליין געבליבן אויף גרויזאַמער ערד,**
**אַליין מיט מיין ווי אַליין מיט מיין צער,**
**גיי אויף מיין ווי פון אַשיקע תהומען,**
**טראָג זיך מיין צער איבער דער וועלט,**
**זאָל זידן מיין וואָרט און מאָנען**
**אַ חשבון ביי מענטש און ג־ט פאַר לעבנס מיליאָנען,**
**פאַר שאַנד און שפּאָט״.**

שמחה סימכאָוויטש, צוזאַמען מיט זיין ווי און צער פאַר די צעשטערטע און געשענדעטע גופים, געשענדעטע הייזער, מישט אויף אַ טרויעריק קאַפּיטל

פון אונזערע חורבן יאָרן, וואָס איז נאָך ביז היינט צו טאָג ווי אַן אייטערדיקע וואונד וואָס לאָזט זיך נישט פאַרהיילן טראָץ דעם לאַנגן צייט אָפּפלוס פון "יענע יאָרן", און דאָס איז די באַציאונג פון אונזער גרויסן דעת־הקהל אין אַמעריקע וואָס האָט נישט אויפגערודערט און אויפגעשטורעמט די וועלט ווען מ'האָט זעקס מיליאָן יידן געפירט צו דער שחיטה, און ער פרעגט די אַלטע אָנגעווייטיקטע פראַגע געווענדעט מיט דעם ווייז־פינגער צו אונזערע מיושבדיקע ברידער וואו זיי זאָלן זיך נישט האָבן דאַמאָלס געפונען אין דער פרייער וועלט:

"וואו זייט איר געווען ווען מ'האָט געבייטשט אונזערע לייבער מיט בראָנדיקער רוט?
וואו זייט איר געווען ווען מ'האָט די עדה'ס מיט קעפ אָפּגעגאָלטע געוואָרפן אין פייער פלאַם?
ווען מ'האָט זיי געפירט אין וואַגאָנען פאַרהאַמערט, וואו זייט איר געווען ברידער פון איבערן ים?
געדאַרפט האָט מען דאַמאָלס אַרויס מיט אַ יללה,
זיך וואַרפן אויף דער ערד, שרייען און מאָנען
אויסרייסן שטיינער פון גאַסן־ברוקן און שליידערן צאָרנדיק דער וועלט אין פנים,
נאָר איר זייט געזעסן אַזוי זיך פון ווייטן,
ביי טישן געמיטלעך מיט זעט און צופרידן,
געהאַנדלט, געלידלט, יומים־טובים געפּראַוועט און אין ווייכע בעטן געלייגט זיך מידע".

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז סימכאָוויטש'עס בוך, געהערט צו דער קאַטעגאָריע פון דער יידישער חורבן ליטעראַטור מיט וועלכע מיר באַגעגענען זיך פון צייט צו צייט. דאָס בוך איז מער ווי דאָס.

אמת, דער צער און טרויער מאָטיוו פון יידישן חורבן גייט דאָרט אַדורך ווי אַ רויטער, אָדער בעסער געזאָגט ווי אַ שוואַרצער פאָדעם, וועלכער בינדט צונויף אונזער עבר מיט אונזער היינט, און ווי פּאַראַדאָקסאַל עס זאָל נישט קלינגען, גיט אויך מונטערע טענער פאַר אונזער צוקונפט.

ווי זאָגט ער דאָרט אין איינעם פון זיינע לידער "ס'וועט קומען נאָך אַ טאָג פון פרייד, ס'וועט דיין האַרץ אומרו זיך איינשטילן, ס'וועט קומען נאָך אַ טאָג פון ליכט, ווען די טרערן וועלן ווערן טרוי".

דאָ גיט שוין דער דיכטער די אָנדייטונג פון זיין צוגעזאָגטן טרייסט צו דעם צער פון אונזער גרויסן חורבן. און פונקט ווי די שילדערונגען פון זיין צער צו אונזער גרויסן אומגליק זיינען עכט און איבערצייגענדיק, ווייל זיי זענען געשריבן מיט פשטות און האַרץ, אין דער בחינה פון דברים היוצאים מן הלב, אַזוי איז אויך זיין טרייסט געשריבן מיט געפיל פון נחמו נחמו עמי.

אין אַלגעמיין איז דאָס בוך, ווי אַ פאָטאָגראַפישער אַלבום פון איין *משפחה*, וואָס איז כולל אין זיך די הונדערטער און טויזנטער וואָס האָבן געלעבט אין די שטעט און שטעטלעך, מיט אַלע זייערע פריידן און ליידן, מיט אַלע זייערע יום־טוב׳דיקע און גרויע וואָכן טעג.

ס׳איז דאָ אין דעם בוך דער *שטילער* מעלאנכאָלישער טרויער פון דער יידישער בכבוד׳יקער אָרעמקייט. פון די פאַרהאָרעוועטע און פאַרפראָצעוועטע טאַטעס וואָס זיצן איבער די שטומע ניי מאַשינען, אָדער איבער נידעריקע שוסטער בענקלעך און פאַריכטן שטיוול, צוגלייך האָבן זיי ״רואיק און געלאַסן געטראָגן דעם ביטערן שווערן גורל אָן טענות צו דעם בורא״. ״דאָס איינציקע וואָס כ׳האָב אין די חצות׳דיקע *שעה׳ן* פאַרנומען איז, ווי ער האָט מיט ג־ט געפירט אַ וויכוח, ׳אוי טאַטע אין הימל, זאָל ער שוין קומען און ברענגען די גאולה *שלימה* – *משיח׳*.

דער דיכטער *ש*. סימכאָוויטש ברענגט אָבער אַרויס אין דעם בוך, נישט בלויז די שטילע רעזיגנאַציע פון די טאַטעס און זיידעס וואָס האָבן ביי ביינאַכטיקע ליכטלעך אָפּגעריכט חצות און געבעטן דעם בורא אַז משיח זאָל קומען און באַפרייען זיי פון ביטערן גלות, ״נאָר ס׳האָט געברויזט, געבליט און געוואָקסן אַ יוגנט וואָס האָט ווי אַ יונגוואַרג געראַנקט אין יידישן פוילן, וואָס האָבן ווי אָדלער געריסן זיך הויך אין די וייטן״.

אין אַ *שיין ליד*, איינס פון אַ סך, אונטערן נאָמען ״אַזוי איז אַ יוגנט פאַרגאַנגען״, דערציילט דער דיכטער אין אַ מייסטערהאַפט געשילדערטע עפאפייע, אין פשטות׳דיקע פערזן דעם גאַנצן רעגנבויגן פון יידישן לעבן אין די שטעטלעך וואו די יידישע יוגנט פון אַלע פאַרבן און קאָלירן האָבן געלעבט:

> ***״אין געסלעך ענגע אין אָרעמע קוואַרטאַלן, זיי האָבן געשפאַנט דאָרט מיט דראַנג און שטורם, מיט לערעס נייע, ביכער גלייביק־געהיימע־וועלטן צעשטערט און נייע וועלטן אויסגעפּאַרעמט״.***

דער דיכטער שילדערט זיי אין אַלע זייערע וואַריאַציעס, און אַפילו בלאָנדזשעניש אין פרעמדע גערטנער, מקריב זייענדיק זייער לעבן אויף פרעמדע מזבחות און אויף פלעמלדיקע מיראַזשן פון אַ ליכטיקערע וועלט.

זיי האָבן אַלע אָבער געהאַט דעם פלאַמיקן גלויבן אין דער נצחיות׳דיקייט פון גערעכטיקייט און ליבע פון מענטש צו מענטש און פאַרעקשנט געזוכט דעם וועג ווי אַזוי דאָס אייגענע פאָלק, די גאַנצע וועלט אויסצולייזן. זיי האָבן אָבער נישט באַוויזן אויסצולייזן די וועלט, ווייל זיי אַליין זענען געוואָרן ״אויסגעלייזט״ פון דער רשעות׳דיקער וועלט, וואָס האָט זיי פאַרברענט אויפן מזבח פון אוישוויץ, טרעבלינקע, מיידאַנעק און אַנדערע שבעה מדורי גיהנום.

"און שטיל איז געוואָרן אין די ייִדישע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן און ליטע", שרייבט סימכאָוויטש.

אָן שום ספק, דער געשפּענסט פון אומקום און טויט פאַרנעמט אַן אָנגעזען אָרט אין דעם בוך, דערפאַר אַוודאי האָט דער דיכטער באַטיטלט דאָס בוך אויף דעם ערשטן פּלאַץ מיט דעם אַזוי אונדז גוט באַקאַנטן "היימישן" צער, וואָס איז טאַקע דער פּועל־יוצא פון ייִדישן אַזוי אומהיימלעכן עבר.

דער דיכטער סימכאָוויטש אָבער, ווי אַ רעאַליסטישער בן־אדם, און נאָך דערצו געבענטשט מיט אַ דיכטעריש שעפערישער פאַנטאַזיע, קען נישט בלייבן שטעקן אין דעם אומהיימלעכן לאַבירינט פון ייִדישן אומגליקלעכן עבר. זיין אויג און אויער זיינען אָפן, איך וואָלט זיך אויסגעדריקט אַפילו "אויפגעפּראַלט" אויפן ייִדישן היינט, און צום גליק מיט אַ גרויסער דאָזע בטחון אויפן ייִדישן עתיד.

דערפאַר טאַקע זיין אינטערעסאַנט און הערלעך געזאַנג צו דער נאַטור וואָס רינגלט אונדז אַרום, ווי וואַלד, פעלד, ים, בערג, ווי צו אונזער גאַנצער הערלעכער, פּרעכטיקער קאָסמישער פּאַנאָראַמע, מיט וועלכער מיר לעבן און אָטעמען. אויך זיין געזאַנג צום אויפקום פון מדינת ישראל, צוזאַמען מיט זיין אהבת ישראל, ווי בכלל זיינע אַלטרויִסטישע ליבע לידער פון וועלט און מענטש צו מענטש, זענען פון דער מדריגה פון ווערן דעקלאַמירט, בכדי אַז נישט בלויז דאָס אויג, נאָר אויך דאָס אויער, זאָל געניסן פון זיין קלאַנג און חן.

פּשטות און עכטקייט איז דער לייט מאָטיוו פון דעם בוך פון ש. סימכאָוויטש. זיין צער און טרייסט איז אַזוי נאַטירלעך ווי אַ צווילינג ברידער אָדער שוועסטער. זיי זענען אַזוי פּשוט און עכט געשילדערט, אַז זיי טראָגן שוין אין זייער זוים דעם אויפגיין און דעם אומפאַרמיידלעכן דראַנג פון בטחון און גלויבן אין לעבן, פון דעם האַרטנעקיקן ייִדישן "אף על פי כן".

ווי אַ גלויביקער דיכטער, קען מען זיין קרעדאָ אַרויסלייענען בלויז אַפילו אין אַ פּאָר שורות פון אַ קורץ ליד טאַקע מיטן נאָמען: "איך גלויב".

> "כ׳גלויב אין ליכטיקייט וואָס וועט קומען, כאָטש כמאַרעדיק זיינען מיינע טעג;
> כ׳גלויב, כאָטש ס׳זיינען שוין נישט איינמאָל מיינע טרוימען מיטן ווינט אַוועק.
> כאָטש ס׳זיינען שוין נישט איינמאָל מיינע חלומות אויסגערונען,
> באַנייט מיין חלום זיך, מיין גלויבן, ווי דער זוניקער באַגינען".

אין דער בחינה פון אַ תּפילה, זאָל סימכאָוויטש׳עס גלויבן, טאַקע זיין באַשערט צו זען ליכטיקע מאָרגנס.

**אויגוסט, 1989**

# אהרן צייטלין ע״ה

## (צו זיין 15טן יאָרצייט ראש השנה תשמ״ט)

ראש־השנה תשמ״ט איז געוואָרן 15 יאָר זינט דער גרויסער צווייּשפּראַכיקער יידיש־העברעאישער דיכטער, פאָרשער, דענקער, עסייאיסט און פובליציסט אהרן צייטלין ע״ה, איז אַוועק אין דער אייביקייט.

מיט זיין טויט האָט די יידיש־העברעאישע ליטעראַטור פאַרלוירן איינעם פון אירע לעצטע קאָריפייען, וואָס איז קנאַפּע 60 יאָר געווען דיכטער, שרייבער און דענקער מיט אַן אייגנאַרטיקן, אַנדערש־דענקענדיקן און אַפילו סטיליסטישן טאַלאַנט.

אהרן צייטלין איז גלייך אַריין אין דעם יידיש־דיכטערישן וועלטעל ווי אַ באַוואוסטער און געקרוינטער. זיכער איז אים בייגעשטאַנען זכות אבות, זייענדיק דער עלטסטער זון פון באַרימטן שרייבער און דענקער הלל צייטלין. תיכף נאָך זיין זונס ליטעראַרישן דעביוט – אין דער שטוינענדיקער עלטער פון 12 יאָר – האָט דער פאָטער עדות־געזאָגט אויף זיין טאַלאַנט. לאָמיר אים ציטירן אַפילו ווען ער איז געווען ביים זאָגן עס סוביעקטיוו, אַז ״פון דעם קינד וועט אויסוואַקסן אַ דיכטער, וואָס וועט מיט זיין טאַלאַנט פאַראייביקן פרצ׳ן מיט ביאַליק׳ן צוזאַמען, און אפשר נאָך מער״. מיט יאָרן שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַפילו אָן דער ״סמיכה״ פון זיין גרויסן טאַטן, וואָלט אים, דעם יונגן צייטלין, בייגעשטאַנען זיין אייגענער זכות אַריינצוקומען אין פרדס פונעם יידיש־העברעאישן שעפערישן וואָרט.

גלייך זיין ערשט ווערק ״מטטרון״, אויף דער קאַנווע פון קבלה׳יסטישע זעאונגען און פאַרטראַכטונגען, געשריבן אין עלטער פון 20 יאָר, האָט געמאַכט אַ רושם אין דער ליטעראַריש־קריטישער וועלט. דער יונגער אהרן צייטלין, האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן צו זיין אַן אַליין־גייער, אָריגינעל און נישט קיין נאָכפאָלגער פון פאַרשידן־שרייבערישע קרייזלעך, וואָס האָבן געשאַפן שולעס אָדער טעאָריעס אונטער פאַרשידענע נעמען.

אהרן צייטלין האָט זיין אויג און פען געוואָנדן צו די ברייטע און טיפע ווייטקייטן פון מיסטיק, קבלה און חסידות. אָבער נישט בלויז קבלה, זוהר און זייערע קרובישע קאָמפּאָנענטן פון ״העכערע כוחות״, איינגעשלאָסן זיין פאַראינטערעסירונג מיט דער פאַראַפּסיכאָלאָגיע, איז געוואָרן דער הויפּט אָביעקט פון אהרן צייטלינס יצירה אין פאַרשידענע זשאַנערן. אַ גרויס אָרט אין אהרן צייטלינס שאַפונגען פאַרנעמען זיינע ג־ט־זוכענישן און אייביקע נשמה ראַנגלענישן; זיינע ספקות, פעלזן־פעסטע אמונה אין העכערע כוחות, וועלכע

פֿירן פּלאַנמעסיק דעם סדר העולם; אַפֿילו ווען דורך אונזערע שטערבלעכע חושים פֿאַרשטייען מיר נישט זיינע שטעגן און וועגן.

אין איינעם פֿון זיינע שמועסן מיטן שרייבער אברהם טאַבאַטשניק (ציטירט פֿון דער "גאָלדענער קייט", 1969) זאָגט ער: "מען רעדט וועגן ג־ט־זוכערס און ג־ט־געפֿינערס. איך וואָלט גערעדט וועגן דעם, אַז אמונה איז אַ כסדרדיק, נאָכאַנאַנדיק, כמעט גלייכצייטיק ג־ט־געפֿינען און ג־ט־פֿאַרלירן". ער ברענגט דערביי אַ אויסצוג פֿון ר' נחמן בראַצלאַווער, וואָס פֿאַרטייטשט עס מיט אַ משל: "אַ מענטש הויבט אָן קלעטערן אויף אַ באַרג. וואָס העכער ער קלעטערט, אַלץ ווייטער זעט אים אויס דער באַרג; וואָס מער אָפּגעגאַנגענער וועג, אַלץ בולט'ער ווערט דעם באַרגס אומענדלעכע הויך. דערנענטערן זיך צום ג־ט, הייסט דעריבער – האָבן דאָס געפֿיל סיי פֿון נאָענטקייט סיי פֿון אומענדלעכער ווייטקייט. דאָס איז די דיאַלעקטיק פֿון אמונה: ג־ט געפֿינען און ג־ט־פֿאַרלירן אין איין און דער זעלבער צייט. דערפֿון אויך די ייאוש־זייט פֿון אמונה. ייאוש און אמונה זיינען צוויי זייטן פֿון איין זאַך. אַז דו ווייסט מיר זאָגן ווי טיף פֿאַרצווייפֿלט דו ביסט, וועל איך דיר זאָגן ווי ווייט גלויביק דו ביסט".

אָט־די דיאַלעקטישע אָפּשאַצונג פֿון דער ראָלע וואָס אמונה און ג־ט שפּילט אַריין אין דעם יחידישן לעבן פֿון יעדן ייד לויט צייטלינס הסברה, דעקט זיך טאַקע מיט זיינס אַ פּרעכטיק ליד אויף דער טעמע, מיטן נאָמען "זיין אַ ייד":

> *"זיין אַ ייד הייסט אייביק לויפֿן צו ג־ט, אַפֿילו מ'איז אַ אַנטלויפֿער,*
> *דערוואַרטן צו הערן אַ ליאַדע טאָג אַפֿילו מ'איז אַ כופֿר,*
> *ס'קול פֿון משיח'ס שופֿר.*
> *זיין אַ ייד הייסט נישט קענען אַרויס פֿון ג־ט, אַפֿילו אַז מ'וויל עס;*
> *נישט קענען אויפֿהערן תּפֿילה צו טאָן, אַפֿילו נאָך אַלע תּפֿילות, אַפֿילו נאָך אַלע אַפּילוס".*

כאָטש דער ג־ט־מאָטיוו חזרט זיך איבער ביי צייטלינען אין פֿאַרשידענע וואַריאַנטן, סיי אין זיין דיכטונג, סיי אין זיין עסייאיסטיק – ווי אויך אין אַלע זיינע זשאַנערן – פֿאַרנעמט ער זיך אויך מיט פֿאַרשידענע פּראָבלעמען פֿון יידישן לעבן; און אַפֿילו פֿון דעם ברייטן אַרום וואָס האָבן געהאַנגען ברומו של עולם.

אין איינעם פֿון זיינע עסייען אונטערן נאָמען "באַטראַכטונגען וועגן דער מערב־קולטור" וואָס כאָטש דער עסיי איז געשריבן שוין מער ווי מיט 40 יאָר צוריק, קען זיך אויסדאַכטן אַז די ווערטער זיינען ערשט היינט אַרויס פֿון זיין פּען – שרייבט ער דאָרטן: "די קולטור פֿון דער מערב וועלט קען האָבן אַ

צוקונפט נאָר דאַן ווען איר וועט זיך איינגעבן צו צוימען דער בײַ[illegible]גונגס ווילדע, לויז־געוואָרענע, פאַרביסענע אַלץ צעשטערנדיקע מאַכט. ס׳וועט מוזן געבראָכן ווערן די דיקטאַטור פון דער קוואַנטיטעט. קעגן דעם קולט פון וואַנזיניקער האַסטיקייט, וועט מוזן באַוואוסטזיניק און פראַגראַמאַטיש אויפגעשטעלט ווערן אַ קולט פון שעפערישע נישט איילִיקייט. ס׳וועט אויך מוזן אָפּגעשטעלט ווערן די קינסטלעכע פאַרמערונג פון די אומצאָליקע מיטאָלאָגישע ״איזמען״ וואָס פאַרפלייצן די אַזוי גערופענע הומאַניסטישע דיסציפּלינען״.

ווי געזאָגט, זיינען הומאַניסטישע קולטור־פּראָבלעמען, ספּעציעל פון דער מערב׳דיקער קולטור־וועלט געווען ביי צייטלינען אויפן שרייב־טיש, אָבער זיין אַלטרואיסטישע אהבת ישראל, דאָס זיין אַריינגעטאָן בראשו ורובו אין גרויסן, פאַרצווייגטן לאַבירינט פון יידישע אייביקייט – פּראָבלעמען פון יידן און זיין קיום און המשך, האָט ביי אים געקראָגן פּריאָריטעט.

זיין ״ערשטע ליבע״, ווי געזאָגט, איז געווען קבלה און חסידות, אָבער דאָס ברויזנדיק־אַרומיקע טאָג לעבן אין אַלע וואַריאַציעס, פריידיקע ווי טרויעריקע, נאַטור־שילדערונגען אין לירישן פערז־ליד, מיט אַלע זייערע פאַרבן און קאָלירן, זיינען צעוואָרפן איבער זיין דיכטערישער יצירה. אויך דאָס אַרומיקע שטיל־לעבן, וואָס גייט כמעט אַדורך ווי אומבאַמערקט פון יעדן פשוטן מענטש, ווערט דורכן אויג פון דיכטער פאַרפיקסירט אין איינעם פון זיינס אַ שטימונגס ליד אונטערן נאָמען: אַן אויסשטעל-פענצטער אויף קאַנאַל-סטריט

**״צווייגיק און שווייגיק איינזאַמט אַ מנורה.**
**אין שטויב פון אויסשטעל־פענצטער וואַרט זי אויף בעלנים.**
**איבער אַ בוך פון וויצן יידישע אויף ענגליש טרויערט הערצלס פנים.**
**אַ שמחת־תורה פענדל שלאָפט. אַ חנוכה־דריידל בלייט. ר׳ שמואל מאָהילאָווער קוקט שטרענג אין אַ זייט.**
**אַ גאַנג חומשים, אַ פאַרזאָרגטער שופר, קוקט אַריבער צייט, אַריבער שטאָט. אַריבער גאַסן.**
**עס שטייט אין פענצטער ביי זיין זייט אַ פאָן פון שטערן און פאַסן און פרעגט ביים שופר דעם פאַרזאָרגטן:**
**וועל אָלרייט, ווהאַטס דהי טראָובעל מיסטער שאָופער?״...**

צייטלין, דער מייסטער פון יידיש לשון – מיט אַלע קנייטשן, חנ׳ען און אידיאָמען – פאַרוואַרפט טיילמאָל דעם ליטעראַרישן וואָרט־אויסדרוק. ער לאָזט זיינע העלדן רעדן אין אַ פשוטן, קערנדיק ״וואַרשעווער״ יידיש, באַשפרענקלט, אַפילו מיט געוויסע ״אַנגלאָציזמען״. דאָס איז געווען דער כאַראַקטעריסטישער רייד־נוסח פון אַ טייל ערשטע יידישע עמיגראַנטן, געקומענע פון מזרח־אייראָפּע, וועלכע האָבן זיך באַמיט אַריינצופּאַסן אינעם צו יענער צייט אַזוי באַרימטן שמעלץ־טאָפּ.

ווי אַ דוגמא פונעם געזאָגטן, קען אונז דינען זיין באַרימטע פּאָעמע "אַ מאָנאָלאָג אין 'פּלעינעם' יידיש", געדרוקט אין איינעם פון די צוויי בענדער "לידער פון חורבן און לידער פון גלויבן". די לענגערע פּאָעמע איז זייער אָפּט רעציטירט און דעקלאַמירט געוואָרן אויף גרויסע קולטור פאַראַנשטאַלטונגען. ציטלין, דער גרויסער מייסטער פון יידישן וואָרט, גראַם און פּרוז – גיט איבער דעם שטענדער צו אַ ייד – געקומען פון וואַרשע, פּוילן – וואָס האָט זיך שוין דאָ כלומרשט אויסגעגרינט, איינגעאָרדנט, געוואָרן "אָלרייט". ציטלין לאָזט אים רעדן אין זיין "פּלעינעם" יידיש פון וועלכן מיר נעמען נאָר אַרויס עטלעכע שורות:

"יו־נאָ מר. זייטלין, גרינערהייט בין איך נישט געווען איבעריק זאַט,
וועל, אין יענע יאָרן האָב איך אַריינגעקוקט אין אַ יידיש בלאַט.
ס'ליגט מיר נאָך אין זיכרון אַ שטיק פון איינעם – דזשאַסט ווי האָט מען אים גערופן? דזשעיקאָב גאָרדאָן!
ס'איז אַלץ געווען אַמאָל! היינט באַדערט מען זיך נישט מיט די גרינע זאַכן!
מען לעזט נישט מער קיין יידישן פּעיפּער,
און מען גייט נישט זען קיין זשאַרגאָנישע שטיק".

דערביי פאַרקלערט ער זיך און זעצט פאָר.

"און אַז מען מאַכט שוין געלט,
האָט עס עפּעס אַ ווערט?
מיין זונדל דער תכשיט רעב מאַיק,
האַלט מיך עני־וועי פאַר אַן אַלטן קאַיק.
מען האָרעוועט אויפן שוואַרץ יאָר יו־נאָ, אויף שדים.
מיין טעכטערל גלייכט נישט קיין יידישן באַי,
נאָר זי האָט זיך פאַרליאַפּעט אין אַ אַרישן גוי,
האָב איך אייניקלעך שגצים און אַ גוי אַ אײדעם".

אַזוי גייט נאָך אַוועק אויף אַ פּאָר זייטן דער פּרעכטיקער מאָנאָלאָג וועגן וואַרשע, אירע חסידים און וואוילע־יאַטן, אירע שטיבלעך און גאַסן, דורכן מויל פון אַ ייד, וואָס לעבט שוין דאָ יאָרן לאַנג אין אַמעריקע, זיך שוין אויסגעגרינט, "אַמעריקאַניזירט", אַ סימן האָט איר, אַז מיט זיין "פּלעינעם" יידיש האָט ער אָפּגעהאָרעוועט יאָרן לאַנג אין די סוועט־שעפּער פון אַמעריקע און אויפגעכאָוועט אַ דור וואָס רעדט שוין אפשר אַ "יענקישן" ענגליש; אָבער די זונדלעך, די מאַיקס, באַהאַנדלען די טאַטעס ווי אַלטע קאַיקס...

אהרן ציטלין האָט סיי אין זיין דיכטערישער ווירזע, סיי אין זיין עסייאיסטיש־פילאָסאָפישער פּראָזע, געזוכט און געשעפּט זיין טעמאַטיק אין די אייביקייטס פּראָבלעמען פון ייד און מענטש. אַרויסהויבנדיק דאָס

אוניווערסאַלע פון מלכות שדי, וואָס ווען – ווי אַלע מאמינים האָפן און גלויבן (אהרן צייטלין צווישן זיי) – קעניגן איבער אונזער זינדיקער ערד.

אהרן צייטלין איז אָבער אויך געווען דער דיכטער פון אונזער צייט. די צייט און דער דור, ווען צוויי זעלטענע דערשיינונגען פון אומגעווײנלעכן כאַראַקטער, זיינען זיך פאַרלאָפן אין איין לעבנס־קאַדענץ. דאָס איז: דער אומגליק און אומקום פון אַ דריטל פון אונזער פאָלק, און דער גרעאַנגל און אויפקום פון אַ יידישער מדינה. אויף אהרן צייטלין איז אויסגעפאַלן דער גורל פון זיין סיי אַ באַזינגער, סיי אַ מקונן. די טעמאַטיק פון גאולה און קדושה, דער אומקום פון זעקס מיליאָן קדושים און דער גאולה־אויפקום פון אַ יידישער מלוכה, איז געווען דער באַגלייט־מאָטיוו פון זיין דיכטערישער און קינסטלערישער יצירה.

אין די ערשטע טעג פון דער וועלט־מלחמה האָט ער זיך שוין געפונען אין ניו־יאָרק. זיינע עסייאיסטישע און פילאָסאָפישע אָפּהאַנדלונגען און אַפילו אויך זיינע פובליציסטישע אַרויסזאָגונגען איבער גייסטיקע און ערדישע פּראָבלעמען פון מענטש און ייד, זיינען געוואָרן אַ שם־דבר צו יענער צייט, אַפילו פאַר די מיט וועלכע ער איז געווען מחולק; ספּעציעל, מיט געוויסע סעקולערע קרייזן, וועלכע האָבן נישט געקענט מיטהאַלטן זיין געדאַנקען־גאַנג. אין איינעם פון זיינע דיכטערישע פאַרטראַכטונגען זאָגט ער דאָרט: ״נאַקעטער מענטש, נאַקעטער ייד, נאַקעט ווי אַ בוים אין שבט! דיין נאַקעטער קאָפּ מאָנט אַ של־ראש; דיין אָרעם מאָנט אַ של־יד. געהאָט אַ פקדון און אים נישט געהיט. ווײנט אין דיר שולד, ציטערט דיין שולד ייד, דו נאַקעטער ייד״.

די טעמאַטיק און זיינע לעצטע 35 שעפערישע יאָרן אין אַמעריקע איז געווען אויסגעפילט מיט איכה־ און קינה־מאָטיוון צוליב אונזער און זיין פּערזענלעכן בראָך; צוליבן פאַרלירן זיין גאַנצע משפחה אין פוילן. אַפילו דער אויפקום פון דער יידישער מדינה, וואָס אהרן צייטלין איז געווען איר התלהבות׳דיקער חסיד, האָט אים נישט געקענט באַרואיקן. טענה׳ט ער זיך אויס מיט דער פמליה של מעלה אין זיין באַרימט ליד ״אַ וועלט גיט מיר אָפּ!״. ער זאָגט דאָרט: ״צי מיינט טאַקע די שכינה, אַז פאַר אַ קינד געשליידערט אין אויוון איז שוין באַצאָלט ווען יידן קריגן אַ מדינה? אַ מדינה? און אַז הונדערט אייגענע מדינות, איז דאָס דער ענטפער; איז דאָס דער פאַרגלעט?״.

זיין ״זשאַקיוז״ פון דער באַנקראָטירטער מערב־קולטור און איר מאָראַל, וואָס האָט מיט שטומער גלייכגילט (און אפשר נאָך ערגער) זיך צוגעקוקט צו דער דעגראַדאַציע פון דעם מין מענטש אין דער שואה עפּאָכע – גייט אַדורך ווי אַ רויטער שטריך אין אַלע זיינע ווערק. מיט ווירטואָז דיכטערישן פּאַטאָס,

וואַרפט ער אַרויס אין אַ רייע לידער און פּאָעמען זיין שפוך־חמתך און באַשולדיקונג קעגן דעם אַרצי־רוצח דעם דייטש; די ראָלע פון דער וועלט און אירע פעלקער, בעת אונזער פיין און אומגליק.

אָט איז אַ פראַגמענט פונעם ליד "קדיש אין אַ טויט־וואַגאָן":

"אין אַ טויט־וואַגאָן אַ פאַרפלאָמבירטן,
אַ פאַרדראָסיקן מיט שטעכיקן דראָט,
שטעלט זיך אויף אַ ייד און רעדט צו ג־ט:
כ'פיר ליכט מיט זיך, דו זעסט? איך צינד זיי אָן.
מיר אַלע אין וואַגאָן, וועלן זאָגן קדיש נאָך זיך אַליין.
יתגדל ויתקדש שמיה רבא...
אין געוויין האָבן אַלע אָפגעזאָגט קדיש נאָך זיך אַליין,
און ג־ט האָט זיך געשטעלט זאָגן קדיש נאָך דער וועלט"...

אהרן צייטלין, דער דיכטער, דענקער און בעל־מאמין, איז אָבער גלייכצייטיק געווען אַ גרויסער בעל־בטחון. כאָטש געקריגט זיך מיטן אויבערשטן פאַר זיין הסתר־פנים אין צייט פון יידישע פיין און אומגליק, האָט ער דאָך געגלויבט אין זיין נצחיות'דיקייט, אין ג־ט און אין זיין פאָלק.

ווי אַ גרויסער דיכטער און מאָלער, ברענגט ער אָפּט אַרויס אין פשוטע ווערטער און שטריכן זיין קרעדאָ. ווידער עטלעכע שורות פון זיינס אַ ליד: "עם ישראל חי!":

"פאַראַן אַ געסעלע אין תל־אָביב — סך הכל אַ פאָר הייזער.
נאָר ס'גייט דאָס געסעלע אַרויס צום ים,
פון יענעם געסל זעט עס אויס נאָך גרעסער,
דער ים הגדול וואָס דער הימל איז זיין ראַם.
עם ישראל חי — אַזוי הייסט דאָס געסל, וואָס גייט אַרויס צו תכלת'דיקער פריי,
צו הימל, צו ים און שיף, צו זון און צו שטערן רופט עס, עם ישראל חי!".

אָט־דער קרעדאָ פון עם ישראל חי, טורעמט אין אַלע ווערק פון אהרן צייטלין. זיין גלויבן אין דער דורות'דיקער ירושה פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט, וועט טראָץ אַלע זיינע ספקות, צווייפלען און "אַפילוס", אַרויסהויבן דעם ייד און מענטש צו גייסטיקע הויכקייטן. ער וועט אַריבערשפּאַנען דורות און צייט, פאַרזיכערן אונזער המשכדיקע אייביקייט אין די דריי ווערטער, וואָס געזונגען האָבן עס יידן אַפילו אונטער אויפגעהויבענע הענט און פאַלנדיקע ווענט:

עם ישראל חי!

* * *

דאָ זיינען בלויז געגעבן געוואָרן עטלעכע שטריכן פון זיין פילזייטיקער פערזענלעכקייט. אהרן צייטלין איז אויך געווען דער מחבר פון ראָמאַנען, צאָלרייכע פיעסן, דיכטערישע און פילאָסאָפישע ווערק אויף העברעאיש און יידיש. דאַרף מען האָפן, אַז צו זיין יאָרצייט וועלן זיי אומעטום דערמאָנט ווערן מיט גרויס דרך־ארץ.

**פאָרווערטס, סעפטעמבער 1988**

# חיים נחמן ביאַליק

## (צו זיין 50טן יאָרצייט, תמוז 1984)

דער פריצייטיגער טויט פון חיים נחמן ביאַליק אין דעם הייסן זומער חודש פון תמוז 1934, האָט איינגעהילט די העברעאיש־יידישע קולטור וועלט אין טיפן טרויער. געווען איז דאַמאָלס חיים נחמן ביאַליק אין זיין פולן פונאַנדערבלי אַלס דער באַליבטער און געאַכטעטער נאַציאָנאַלער דיכטער פאַר עקסעלאנס פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

דער טויט האָט אים ווי אינמיטן פון זיין אָדלער – פלי אין די טיפע הויכקייטן – פון זיין גייסטיגער שעפערישקייט, ווי אָפּגעהאַקט די פליגלען און צוריק־געבראַכט אים, צו אונזער זינדיגער אָרימער ערד.

געווען באַרימט, געליבט און געשעצט ביים פאָלק שוין פון זיין פריעסטער יוגנט, ווען ער האָט אַלס 18 יאָריגער בחור אין יאָר 1891 אָפּגעדרוקט זיין ערשט ליד "אל הצפור", אַ שטימונגספול־נאַטור־ליד, וואו ער האָט אין זיין דיכטערישער פאַנטאַזיע זיך פאָרגעשטעלט און "געזען" אַז דאָס פייגעלע וואָס איז אַריינגעפלויגן אין זיין אָרים וואָלינער שטעטל ברענגט אים אַ גרוס פון גאָר ווייטע ווייטקייטן, און אפשר אויך טאַקע פון זיין באַליבט ווינקעלע וואָס איז שוין דאַמאָלס געווען אין זיין האַרץ, פון זיינע ברידער און שוועסטער אין ארץ ישראל.

און דער יונגער פאָעט פרעגט ביים פייגעלע: "ברענגסטו מיר אַ גרוס פון די פרוכטן אין לאַנד, פון די טאָלן און בערג אין הייליקן לאַנד".

בכלל גענומען זיינען ביי ביאַליקן נאַטור מאָטיוון און נאַטור שילדערונגען געשריבן מיט די דינסטע לירישסטע ניואַנסן געווען בלויז אַ זייטן שטעג אין זיין דיכטערישן אויפשטייג וואָס האָט שוין אין דעם בראשית פון זיין יצירה, געצויגן אויף אים די אויפמערקזאַמקייט פון די צאָלרייכע לייענער אין יענער געבענטשטער אַקטיווער בלי־צייט פאַר דער העברעאישער און יידישער ליטעראַטור.

צו דעם העכסטן פיעדעסטאָל פון דיכטערישער שלימות וואָס האָט אים צו יענער צייט און אויך ביז היינט דערהויבן ווי איינעם פון אונזערע גרעסטע נאַציאָנאַלע דיכטער וואָס די העברעאישע און יידישע ליטעראַטור האָט אַרויסגעגעבן, ווען אין יאָר 1906 איז אין פאַרלאַג "קדימה" אין אָדעס דערשינען אַ ביכל מיט דעם נאָמען "אין צער און צאָרן", וואו ביאַליק האָט דאָרט אָפּגעדרוקט צוויי פאָעמען וואָס האָבן געמאַכט געשיכטע און אויפגערודערט צו יענער צייט די יידישע וועלט.

די צוויי פּאָעמען זיינען "די שחיטה שטאָט" און "דאָס לעצטע וואָרט". וועגן דער פּאָעמע "די שחיטה שטאָט", וואָס ביאַליק האָט געשריבן אין יידיש און איז שפּעטער איבערגעזעצט געוואָרן אין העברעאיש אונטערן נאָמען "בעיר ההריגה" זענען שוין צאָלרייכע דיסערטאַציעס און ביכער געשריבן געוואָרן.

די זייער פּאָפּולערע פּאָעמע האָט דאַמאָלס אַרויסגערופן אַ געוואַלדיגע אויפרודערונג אין דער יידישער וועלט וואָס איז געווען אויפגעטרייסלט און אויפגעשוידערט פון דעם שרעקלעכן פּאָגראָם אויף יידן ערב פּסח 1903 אין קישענעוו, בעסעראַביע, וואו פיל יידן מענער פרויען און קינדער זענען אויף אַ שוידערלעכן אופן אומגעבראַכט געוואָרן.

ביאַליק שילדערט אין דער פּאָעמע די גרויליקע סצענעס און אויפטרייסלענדע בילדער, ווי אַט די אומשולדיגע ברידער זיינע זענען פון די פּאָגראָמשטשיקעס געפּייניקט געוואָרן און אומגעקומען.

מיט פלאַמיגע ווערטער געמישט מיט צער און צאָרן ווייטאָג און פּראָטעסט שרייבט דאָרט דער דיכטער:

"ג־ט האָט דיר מיט אַ מילדער האַנט געשענקט אַ צווילינג:
אַ שחיטה מיט אַ פרילינג,
דער גאָרטן האָט געבליט,
די זון האָט געלויכטן –
און דער שוחט האָט געשאָכטן".

אָבער דאָס מערקווירדיגסטע איז, וואָס ביאַליק האָט זיינע פלאַמיגע פּראָטעסט ווערטער געשליידערט נישט בלויז קעגן די רוצחים און די צאַרישע סאַטראַפּן וואָס האָבן זיך געמאַכט נישט זעענדיק און אַפילו צוגעהאָלפן די פּאָגראָמשטשיקעס, נאָר אויך קעגן זיינע אייגענע ברידער און שוועסטער וואָס האָבן זיך פאַרשטעקט אין די לעכער און נישט פּרובירט צו שטעלן דעם מינדסטן ווידערשטאַנד די מערדער.

מיט צער און ווייטאָג וואַרפט ער אַרויס פון זיך די ווערטער:

"זיי האָבן אין יעדן לאָך צו 3 מנינים זיך אויסבאַהאַלטן,
און גרויס געמאַכט צווישן מיסט ג־ט'ס נאָמען"
און מיט פאַטאָס רופט ער אויס:
"גרויס איז דער ווייטאָג און זייער גרויס איז די שאַנד,
איז ווער פון זיי איז גרעסער זאָג דו מענטשן זון!"

ס׳איז פאַרשטענדלעך אַז געוויסע לייענער און ליטעראַטור קריטיקער און צווישן זיי ש. ניגער אין דעם אַריינפיר עסייע אין זיין בוך ״לידער און פּאָעמען״ האָט תרעומת צום דיכטער און ער שרייבט דאָרטן: ״אַנטשטאָט אונז צו טרייסטן האָט דער דיכטער זיך אויסגעשמידט אַ האַרץ פון שטאָל און אייזן און פאַרמסרט אונז פאַר זיך אַליין, פאַרוואָס מיר זיינען אַנטלאָפן ווי די מייז, באַהאַלטן זיך ווי וואַנצן און ווי הינט געשטאָרבן. מיר האָבן געוואַרט עמיצער זאָל קומען אונז מנחם אבל זיין און ער איז געקומען מיט קללות און חרמות״.

עס האָבן אָבער אַלע יידן דאַמאָלס אינסטינקטיוו געפילט, אַז דער דיכטער מיט זיינע צאָרנדיקע שטראָף־רייד איז נישט אויסן געווען צו דערנידעריגן און ווייטאָן די לעבן־געבליבענע און די קרבנות, נאָר דערמאָנען, וואָרענען און זיך צוגרייטן אויף אַלע מעגליכע קומענדע אוואַנטורעס און פּאָגראָמען וואָס האָבן דאַמאָלס ממש געהאָנגען אין דער לופטן אין דעם צאַרישן רוסלאַנד.

ס׳איז אַ פאַקט, אַז אונטער דעם איינדרוק פון ביאַליקס ״די שחיטה שטאָט״, זיינען אין פיל שטעט אין רוסלאַנד און פוילן ענטשטאַנען זעלבסט־שוץ גרופּן וואָס האָבן מיט געווער אין די הענט זיך בראַוו אַנטקעגנגעשטעלט די פּאָגראָם אויסברוכן.

אָבער נישט בלויז שטראָף און מוסר רייד האָט דער דיכטער געהאַט פאַר זיין געפּייניקט און צעווייטיקט פאָלק. אין זיין פּאָעמע ״דאָס לעצטע וואָרט״, וואָס איז אפשר שוין באַלד געוואָרן אַזוי פּאָפּולער אין יענע צייטן ווי ״אין שחיטה שטאָט״ הערן זיך שוין טענער פון טרייסט און נחמה, געשריבן אין אַ נביאיש וויזיאָנערישן טאָן זאָגט דאָרט דער דיכטער:

״איך גיי, איך קום, כ׳וועל היילן וואונדן.
מיט אייך אין איינעם וועל איך בלוטן.
און וואו מען דאַרף וועל איך פאַרבינדן.
און וואו מען מוז וועל איך אָפּלעקן
דאָס בלוט וואָס טריפט פון אייער וואונד.
איך טראָג אַ טרייסט,
איך טראָג אַ בשורה פון נחמה,
איך בין געבענטשט פון ג־ט מיט גייסט,
איך וועל אייך שענקען מיין נשמה״.

עס האָבן זיך ווי מיט אַמאָל אויפגעוועקט ביים דיכטער נייע קוואַלן פון בטחון, גלויבן, האָפענונג און בענקעניש. עס האָבן זיך ווי פאַררוקט  אין אַ שאָטן זיינע פּעסימיסטישע יאוש טענער ווען ער האָט געזען ווי דאָס פאָלק זיינס ווערט געטראָטן און באַליידיגט, ער ווענדעט איצט זיינע אויגן צום מזרח

וואו ער זעט שטראַלן פֿון האָפֿענונג פֿאַר דער פֿולער באַפֿרייאונג פֿון זײַן פֿאָלק און לאַנד.

אין דעם ליד "ציון" איבערגעדיכטעט פֿון ר' יהודה הלוי, פֿרעגט זיך דער דיכטער:

"בענקסט אויך נאָך דײַנע קינדער, מוטער ציון,<br>
ווי זיי, צעזייטע און צעשפּרייטע, בענקען?<br>
וואו נעמט מען פֿליגל?! שטיקערווייז וואָלט איך מײַן האַרץ,<br>
ווייט, ווייט צווישן דײַנע בערג פֿאַרטראָגן,<br>
כ'וואָלט צוגעפֿאַלן צו דײַן ערד, כ'וואָלט אויסגעקושט<br>
איר יעדן פֿוס־טריט, יעדעס שטיינדעלע באַזונדער,<br>
און אומגעוואַנדערט וואָלט איך טאָג און נאַכט<br>
אַ נאַקעטער, אַ באָרוועסער אויף דײַנע חורבות,<br>
זיך אײַנגעוויקלט אין דײַן זיסן שטויב,<br>
און מיט דײַן נשמה־לופֿט זי אײַנגעאָטעמט".

פֿול מיט בענקעניש און האָפֿענונג, זינגט ער דאָרט אין איינעם פֿון די "ים־לידער", אויך איבערגעדיכטעט נאָך ר' יהודה הלוי, דאָס זייער ביז הײַנט פּאָפּולער ליד:

"כ'האָב פֿאַרגעסן אַלע ליבסטע, כ'האָב פֿאַרלאָזט מײַן אייגן הויז,<br>
כ'האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבן, טראָג מיך ים צום מוטער'ס שויס!<br>
האָסט אַ גרויסן ג־ט אין הימל, ימים שפּאַלט ער מיט זײַן האַנט,<br>
אויף זײַן פֿליגל מיט זײַן שטורם, טראָגט ער דיך צום ליבן לאַנד".

ס'איז נישט מעגליך צו שרײַבן וועגן חיים נחמן ביאַליק און נישט דערמאָנען זײַן פּראַכטפֿולע און זייער פּאָפּולערע באַרימטע פּאָעמע "המתמיד", געשריבן אין העברעאיש און איבערגעזעצט אין ייִדיש.

ביאַליק, אַליין אַ געוועזענער וואָלאָזשינער ישיבה בחור, האָט זיך פּערזאָניפֿיצירט אין "המתמיד", מיט דעם גורל פֿון אַלע ישיבה בחורים אין אַלע צײַטן, וואָס האָבן צווישן די 4 ווענט פֿון בית המדרש אין דעם האַרציקן מאָנאָטאָנעם גמרא נגון פֿון אביי ורבא, אַרײַנגעוועבט אַלע בענקענישן, שטרעבונגען און האָפֿענונגען פֿון אָרימען ישיבה בחור, צו ווערן אפשר מיט דער צײַט אַ גדול בישראל אין לערנען, קריגן נאָך דער סמיכה אַן אָנגעזעענע שטאָט צו ווערן דאָרט רב, דערווײַל וואָלט אויך גוט געווען חתונה צו האָבן פֿאַר אַ מיידל מיט אַ רײַכן שווער...

ביאַליק הויבט אָבער אַרויס די גרויסע ווערטן פון דער ישיבה וואָס האָט "אין צער און אָרימקייט די יידישע אומה ביז היינט אויף דער וועלט אויפגעהיט".

דער דיכטער חיים נחמן ביאַליק איז געווען קאַלירפול אין אַלע זשאַנערן פון פּאָעזיע און דיכטונג, ס'איז אָבער מערקווירדיק, וואָס אין אַלע זיינע לידער ווי אין די נאַטור לידער, נאַציאָנאַל־פאָלקסטימלעכע לידער, און אַפילו אין זיינע עלעגיש־אומעטיגע יחידישע פּאָעמען, וואו ער פאַרציילט אין פראַכטפולע קינסטלערישע פערזן, וועגן זיינע טרויעריגע יתומישע יוגנט יאָרן (ווערנדיג ערצויגן ביי דעם זיידן, אַ קפּדן און עלטערער ייד), אומעטום דאָמינירן אין זיינע לידער דער נאַציאָנאַלער פאָלקס מאָטיוו, און זיין הייסע איבערגעגעבענע ליבע צום פאָלק.

אויך דער תנכיש וויזיאָנערישער סטיל פאַרנעמט ביי ביאַליקן אַ חשוב אָרט אין אַלע זיינע שאַפונגען.

די אַלזייטיקע גרויסקייט פון דעם דיכטער קען מען אויך אָפּשאַצן ווען מען באַקענט זיך מיט דער גרויסער זעלטן אינטערעסאַנטער פּאָעמע "מתי־מדבר", וואו ער שילדערט אין בונטע פּאָעטישע פייזאזש־בילדער, די 40 יעריגע וואַנדערונגען פון יידן אין דעם מדבר, אַרויסגייענדיק פון מצרים, אַ פּאָעמע וואָס לאָזט איבער אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק אויף דעם לייענער.

אין קאָנטראַסט אָבער פון זיינע ערנסטע שווער־וואָגיקע פּאָעמען פון אַ נאַציאָנאַל קינסטלערישן הויך, וואָס האָבן זיך שוין איינגעבירגערט אין דעם פאַנטעאָן פון ליטעראַרישער אייביקייט, באַשענקט אונז דער דיכטער מיט זיינע לייכטע, אָבער שיין שפּילעוודיגע לידלעך ווי "אונטער די גרינינקע ביימעלעך, שפּילן זיך משה'לעך, שלמה'לעך", און אויך אַנדערע לידער, וואָס האָבן אין זיך דעם אַראָמאַט פון יוגענטלעכע חנקייט און פרישקייט, וואָס פאַרלירן נישט זייער געשמאַק, אַפילו אין גאַנג פון די יאָרן.

און צום סוף: דער געקרוינטער פון דורות נאַציאָנאַלער דיכטער און מייסטער פון געשריבענעם וואָרט, האָט ווי געשאַפן אַ נייעם זשאַנער צו זיין צייט אין דער ליטעראַטור און דאָס איז "ביאַליק שבעל פה".

נישטאָ דאַכט זיך נאָך קיין יידישער שרייבער אָדער דיכטער, וואָס זיין שפּרודלדיקע חכמה און זיין שיחת חולין זאָל ווערן אַזוי אויסגעהערט מיט כבוד און דרך ארץ ווי ביאַליקס. צו ביאַליקס וואָרט אין אַלע יידישע אָנגעלעגנהייטן וואָס זיינען דאַמאָלט געשטאַנען ברומו של עולם, סיי אין דעם פעריאָד ביז דעם יאָר 1921 ווען ער האָט געלעבט אין רוסלאַנד, סיי שפּעטער פון 1921־1924 אין בערלין און אַוודאי פון 1924 ווען ער האָט זיך באַזעצט (דאָס מאָל להשתקע) אין ארץ ישראל, אומעטום האָט זיך געשאַפן אַרום אים,

אַ קרייז, וואָס האָט ווי צו אַ רבי זיך צוגעהערט און געוואָרט אויף זיין וואָרט. אויך די יונגע ״אויפגייענדע ליטעראַרישע שטערן״ זיינען געוועזן (זשעדנע) פּאַראינטערעסירט צו קריגן פון אים אַ סמיכה־באַשטעטיגונג אַז זיי זענען ראוי צו זיין סופרים ביי יידן.

זיין פּלוצלונגער טויט אויפן אָפּעראַציע טיש מיט 50 יאָר צוריק אין ווין האָט אַרויסגערופן טרויער און צער אין אַלע קרייזן פון דער יידישער געזעלשאַפט צו יענער צייט.

היינט נאָך 50 יאָר, ווערט ביאַליק געלייענט, געלערנט אין שולן אין ישראל, און אָנערקענט און באַצייכנט ווי דער גייסטיקער ריז אין דער העברעאישער און יידישער דיכטונג. אַלס אַזעלכער ווערט ער אויך אפּגעשאַצט נאָך היינט, און מיר גלויבן, אויך פאַר די קומענדיקע דורות שפּעטער.

**יולי, 1984**

# יצחק לייבוש פּרץ

## (צו זיין 70סטן יאָרצייט, אַפּריל 1985)

שביעי של פסח תרע״ה, מיט 70 יאָר צוריק, האָט דאָס יידישע וואַרשע, די אַמאָליקע עיר ואם בישראל, וואָס איז דעמאָלט געווען אין איר פולן נאַציאָנאַלן און קולטורעלן פונאַנדערבלי, טראָץ אינמיטן די ערשטע וועלט־מלחמה, באַגלייט צו זיין אייביקער רו דעם גרויסן ייד און באַליבטן שרייבער י. ל. פּרץ ע״ה. וואַרשע האָט קיינמאָל פריער ניט געזען אַזאַ גרויסע לוויה. אַרום 100 טויזנט מענטשן האָבן זיך באַטייליקט. צוליב יום־טוב, האָט מען קיין הספדים ניט געהאַלטן.

דער באַרימטער קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור י. ל. פּרץ, ווערט פון די יידישע לייענער און פון דער אַלגעמיינער ליטעראַטור קריטיק אָפּגעשאַצט אַלס איינער פון די גרונט־לייגער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

עס איז אָבער ווייניקער באַקאַנט, אַז יצחק לייבוש פּרץ איז ניט בלויז דער מייסטער פון דער נאָוועלע און דערציילונג, נאָר איז אויך איינער פון די ערשטע יידישע פּאָעטן וועלכע האָבן אַרויסגעפירט די פּאָעזיע פון דעם שמאָלן יידישן געסל מיט איר אָפּגעזונדערטן ענגן קולטור־האָריזאָנט, און ווערט אויך אין דער פּאָעזיע דער אוניווערסאַלער מאָנער און וועקער פאַר סאָציאַלן יושר און גערעכטיקייט.

גענוג צו דערמאָנען זיין באַקאַנטע פּאָעמע: ״מיין נישט״, וואו פּרץ שטרעקט־אויס דעם וויז־פינגער צו דער וועלט מיט די ווערטער:

**״מיין נישט די וועלט איז אַ קרעטשמע באַשאַפן,**<br>
**צום שענק פּאַס, אין פרעסן און זויפן,**<br>
**ווען אַנדערע קוקן פון וויטן מיט גלעזערנע אויגן פאַרחלשט,**<br>
**און שלינגען דאָס שפּייעכץ**<br>
**און ציען צוזאַמען דעם מאָגן,**<br>
**וואָס וואַרפט זיך אין קראַמפּן!״**<br>
**געמאָסטן ווערט אַלעס, געוואויגן ווערט אַלעס!**<br>
**אָ, מיין נישט, לית דין, ולית דיין!״**

עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז פּרץ האָט געזוכט די מאָטיוון פון גערעכטיקייט און סאָציאַלער גלייכהייט, אין די פלאַמיקע ווערטער פון אונזערע נביאים, וואָס האָבן פאַרלאַנגט גערעכטיקייט פאַר שוואַכע און געדראָט מיט נקמה די שטאַרקע און אונטערדריקער.

עס זיינען באַקאַנט געוויסע שטעלן ביי פּרצ׳ן, וועלכע פּאַראַפראַזירן אין פערזן מיט גרויס טאַלאַנט קאַפּיטלען פון דעם גרויסן נביא יחזקאל.

מער אָבער ווי אין די פּאָעזיע, האָט י.ל. פּרץ געשאַפן אַ שיטה אין דער יידישער ליטעראַטור מיט זיינע נאָוועלן, עסייען און קורצע דערציילונגען, וועלכע זיינען קאָנדענסירט און מייסטערהאַפט דערציילעריש אין אינהאַלט. עס גייט דאָרט אַדורך ווי אַ רויטער שטריך זיין סימפּאַטיע און מיטגעפיל פאַר די "דערנידעריקטע און באַליידיקטע", פאַר די אָרעמע און אומבאַהאָלפענע. מיט זיין מוסטערהאַפטער פעדער באַווייזט ער אַז הינטער זייער אָפטמאָל גאָרניט זאָגנדן און אומבאַקאַנטן פּנים, באַהאַלטן זיך איידעלע זעלטענע שטריכן, נאַאיווע צערטלעכקייט און גייסטיקע שיינקייט.

פון דער צווייטער זייט, געזען אויך, די גרויע רעאַליטעט פון די מענטשן אַרום, וואָס די השגות זייערע דערגרייכן אָפטמאָל ניט מער ווי אָפּעסן אַ בולקע מיט פּוטער, ווי אין דער באַקאַנטער נאָוועלע זיינער "באָנטשע שווייג", ער האָט אָבער אויף אָט די "וואָכעדיקע יידן", געקוקט מיט ווייך־פאָטערלעכע אויגן, און אויך געזען אין זיי אַ פונק פון דערהויבונג און שיינקייט, ווי צום ביישפּיל אין דער רירנדער נאָוועלע "שלום בית" ווען חיים, דער טרעגער, בעט זיך ביים רבונו של עולם, אַז איבער 120 זאָל זיין ווייב חנה לאה, ניט זיין בלויז זיין פוס בענקעלע אין גן עדן, נאָר קענען זיצן צוזאַמען מיט אים אויף איין שטול.

בכלל גענומען, האָט יצחק לייבוש פּרץ אין די הונדערטער נאָוועלן, עסייען און דערציילונגען וועלכע ער האָט געשריבן, באַמיט זיך אַרויסצוהויבן די באַהאַלטענע קדושה וועלכע ליגט ערגעץ טיף באַהאַלטן ביי פּשוטע מענטשן וועלכע זיינען רייך מיט גייסטיקער גבורה, טראָץ די אַלע מאַטערנישן פון דעם עקאָנאָמישן געראַנגל פאַר דאגות פּרנסה, פאַר אַ פּשוט שטיקל ברויט. ערלעכקייט, אָפּפערווויליקייט און רחמנות איז געווען אַן אַקסיאָמע פון זייער טאָג־טעגלעכער עקזיסטענץ, אָפטמאָל זיינען זיי בכלל מבטל דאָס אומשטיינס געזאָגטע ערדישע לעבן, וועלכע איז דאָך ניט מער ווי אַ פּרוזדור, וועלכן מען דאַרף בלויז "איבערקומען", אין אָנבליק פון דער גייסטיקער אייביקייט וועלכע דערוואַרט זיי אויף דעם עולם האמת.

מיסטיק און ריינער גלויבן, איז אַ פּאָפּולערע טעמע ביי פּרצ'ן אין זיינע שאַפונגען, ווי עס קומט צום אויסדרוק אין זיין באַקאַנטע דראַמע "ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק", וועלכע ווערט באַטראַכט דורך אַלע פּרץ־פאָרשער, ווי איינע פון זיינע העכסט קינסטלערישע דערגרייכונגען.

די דראַמע וועלכע איז פול מיט פאַנטאַסטישע ווידזיעס, האלוצינאַציעס, איבערערדישע כוחות פון קאָשמאַרפולע סצענעס, פון טאַנצנדיקע מתים, מיט פולבלוטיקע מענטשן, האָט בשעתו אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקן פוראָר אין יידישן לעבן. זי איז יאָרן לאַנג ניט אַראָפּ פון דער סצענע פון דער יידישער בינע, איז געשפּילט געוואָרן אין פאַרשידענע וואַריאַציעס און

אינטערפּרעטאַציעס, אָנהויבנדיק פון סטאַניסלאַווסקיס טעאַטער נאָך אין דער מאָסקווער "הבימה", אין די ערשטע יאָרן פון דער באָלשעוויסטישער הערשאַפט, און שפּעטער אין אַלע יידישע ישובים אין דער וועלט, וואו עס האָט געשפּרודלט אַ יידיש קולטור־לעבן.

אינטערעסאַנט אַז ערשט ניט לאַנג, איז אַרויס אַ בוך פון דעם באַקאַנטן פּרץ־פאָרשער חנא שמערוק, געווידמעט אַ ספּעציעלע שטודיום פון דער דראַמע, "ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק".

ס'איז נישט מער ווי נאַטירלעך, אַז דער איינפלוס און ראָלע פון חסידות און חסידיזם אין יידישן לעבן, זינט איר אויפקום, אַנטשטייאונג, און אויפבלי דורך איר גרינדער און פּאָפּולאַריזאַטאָר, ר׳ ישראל פון מעזשיבוזש, דער בעל שם טוב, זאָל ביי פּרצ׳ן באַקומען אַ גרויסן אָרט אויף דער ברייטער קאַנווע פון די ליטעראַרישע און קינסטלערישע שאַפונגען אין זיינע ווערק.

יצחק לייבוש פּרץ און זיינע חסידישע נאָוועלן האָבן אויפגעלעבט און אַרויסגעבראַנגט פאַר אונז די פּאָעטישע שיינקייט פון חסידיזם אין זיין אור־קוואַל, וואָס איז אַזוי אויסגעוועבט אין איר נאַטירלעכקייט, פרישקייט, פּאָלקישקייט, ברייט הומאַניש און ליריש פּאָעטיש. עס איז אומשטרייכטבאַר, אַז חסידיזם ביי איר אַנטשטייאונג איז געווען אַ פּאָלקסטימלעכע באַוועגונג, האָט דאָך דער באַגרינדער פון דער שיטה אַליין געשטאַמט, געלעבט און זיך אויסגעמישט מיט דער יידישער אָרעמקייט. געוואוינט אין דאָרף, געמאַכט קאַלך און עס פאַרקויפט אין דער שכנותדיקער שטאָט. געקליידט זיך ווי אַ פּויער אין יענער געגנט, האָט ער אין זיינע איינזאַמע שפּאַציר־גענג איבער די דאָרטיקע בערג, געזוכט און געפונען פרייד און דערהויבונג.

די חסידישע נאָכפאָלגער פון יענע, און אַלע אונזערע צייטן האָבן געהאַלטן, אַז די איינפאַכקייט פון האַרץ און אַ מונטער פריילעך האַרץ, איז די ערשטע באַדינגונג פאַר אַ פאַראייניקונג און באַהעפטונג מיט ג־ט. פרייד מאַכט ברייטער דאָס האַרץ און ברענגט־מיט די האַרמאָניע פון מענטש צו מענטש, דאַקעגן אומעט מאַכט ענגער און פאַרשליסט דאָס האַרץ צו די מענטשן און נאַטור וואָס רינגלט זיך אַרום.

אָט די אָפּטימיסטישע פילאָזאָפיע וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ לעבנס־פירונג וואו אַלע זיינען געווען אייגענע ברידער, מיט וועלכע עס האָבן זיך אויסגעצייכנט די באַציאונגען צווישן חסידים אין אָנפאַנג פון אָט דער באַוועגונג, איז אַריין דאַמאָלס אין יידישן לעבן, ווי אַ בשורה וואָס האָט יונג געמאַכט די הערצער און האָט אַרויסגערופן פרייד און לוסט ביי אַלע די, וואָס צרות פון דאגות, פּרנסה און אַנדערע פּראָבלעמען, איז געווען דער ריטם פון זייער טאָג־טעגלעכקייט.

עס איז ברייט באַקאַנט די באַרימטע נאָוועלע פון פּרצ'ן "אויב נישט, נאָך העכער", וואָס שוין דער נאָמען פון אָט דער נאָוועלע איז אַריין אין אוצר פון דער יידישער ליטעראַטור און פאָלקלאָר, אין באַצוג צום אַרויסהויבן ווערטפולע גייסטיקע ווערטן אַפילו אין פּראָזאַאישן טאָג־טעגלעכן לעבן. שילדערט אונז טאַקע יצחק לייבוש פּרץ אין אָט דער חסידישער נאָוועלע, ווי אַזוי די נעמיראָווער חסידים פאַרציילן און וואונדערן זיך וואָס דער רבי באַווייזט זיך ניט צו סליחות אין בית־המדרש און פּסקנען־אָפּ, אַז דער רבי מוז אַוודאי דאַמאָלט זיין אין די הויכע הימלען.

אַ מתנגד, אַ ליטוואַק, לאַכט־אָפּ פון די חסידים, אַז דער רבי "פאַרברענגט" אין די הימלען און בכדי זיך צו איבערצייגן אויף אַן אמת וואָס דער רבי טוט אינדערפרי צו סליחות־צייט, גנבעט זיך דער ליטוואַק אַריין ביינאַכט אונטערן רבינ'ס בעט, צו זען וואָס דער רבי טוט פאַרטאָג. און אָט וואָס ער זעט: דער רבי טוט זיך־אָן אין פּויערישע מלבושים, נעמט אַרויס אַ האַק פון שענקל און גייט פון שטוב אַרויס. דער ליטוואַק קריכט אים נאָך. דער רבי פאַרקירעוועט אין וואַלד אַריין און דער ליטוואַק גייט אים נאָך. דער רבי האַקט־אָפּ אַ בוימל, צעהאַקט אויף קליינע העלצלעך, מאַכט אַ בינטל, טראָגט עס אַוועק אין אַ זייטיק געסל, קלאַפּט־אָן אין אַן אָרעמע כאַטע, וואו אַ הילפסלאָזע פרוי ליגט אַ קראַנקע אין בעט און פאַרשטעלנדיק זיך פאַר אַ פּויער, אין אַ פּויעריש לשון, לייגט איר דער רבי־פאַר אַז זי זאָל ביי אים קויפן דאָס בינטל האָלץ גאָר ביליק. אַז די פרוי קרעכצט אַרויס דורך דעם פענצטער, אַז זי האָט ניט קיין געלט און קען אַפילו ניט אַראָפּ פון בעט איינצוהייצן דעם אויוון, זאָגט איר דער "פּויער", אַז זי זאָל זיך ניט זאָרגן, ער וועט איר באָרגן די פּאָר גראָשן פאַר דעם האָלץ און וועט איר אויך איינהייצן דעם אויוון.

ווען עס ווערט וואַרעם און ליכטיק אין שטוב פון דעם איינגעהייצטן אויוון, האָט דער רבי אַ ביסל אַן אויפגעהייטערטער, ערשט געזאָגט דעם ערשטן און צווייטן פּיזמון פון די סליחות...

און פּרץ פאַרענדיקט די נאָוועלע:

**"דער ליטוואַק, וואָס האָט דאָס אַלץ געזען, איז שוין געבליבן אַ נעמיראָווער חסיד. און שפּעטער, אויב אַ חסיד האָט אַמאָל דערציילט, אַז דער נעמיראָווער רבי הויבט זיך אויף סליחות־צייט, יעדן פרימאָרגן, און פליט־אַרויף אין הימל אַריין, פלעגט שוין דער ליטוואַק ניט לאַכן, נאָר צוגעבן שטילערהייט: אויב ניט נאָך העכער!"...**

אין זעלבן גייסט פון גלאָריפיקאַציע פון חסידות קען מען לייענען אין זיין אויך מייסטערהאַפטע חסידישע נאָוועלע אונטערן נאָמען "צווישן צוויי בערג". יצחק לייבוש פּרץ שילדערט אונז דאָרט דעם צוזאַמענטרעף פון בריסקער רב, וועלכער ווערט ביי פּרצ'ן פּערזאָניפיצירט אַלס דער פאָרשטייער

פון דער מתנגדישער שיטה פון יידישן לעבן, מיט דעם ביאַלער רבין, וועלכער האָט מיט זיך פערזאָניפיצירט דאָס האַרץ פון חסידיזם.

שוין די אויסערלעכע שילדערונג פון אָט די צוויי טיפּן, איבערגעגעבן אין אַ מאָנאָלאָג פון אַ חסיד, ווייזן אונז צו וועמען די סימפּאַטיע פון פּרצ׳ן געהערט.

אָט איז פּרצ׳עס מייסטערהאַפט לשון:

״דער בריסקער רבי אַ הויכער, הויכער ייד... אַן אימה האָט ער געוואָרפן, ווי אַ מלכות, אַ ווייסע לאַנגע באָרד, איין שפּיץ אַריינגערוקט אונטערן גאַרטל, דער צווייטער שפּיץ באָרד ציטערט איבערן גאַרטל...

ברעמען ווייסע, דיקע, לאַנגע. אַ האַלב פּנים האָבן זיי אים פאַרשטעלט. און אַז ער האָט זיי אויפגעהויבן, רבונו של עולם! די פרויען זיינען ממש צוריקגעפאַלן, ווי פון אַ דונער צוריקגעוואָרפן, אַזוינע אויגן האָט ער געהאַט! חלפים, בלאַנקע חלפים האָבן אין זיי געבליצט!...

דער ביאַלער דרך, אַן אַנדערער דרך, אַן אַנדער וועלט! דעם ביאַלער רבינ׳ס אויגן לייכטן אַזוי גוט, אַזוי שטיל, עס קומט אַריין אַ חיות אין האַרצן. ער וואַרפט אויף דיר אַ בליק, האָט ער דיך מיט גאָלד באַשאָטן... און זיין קול, דאָס סאַמעטענע זיסע קול – רבונו של עולם – ביים האַרץ כאַפּט עס אָן, ביים האַרץ גלעט עס אַזוי שטיל, אַזוי מחיה׳דיק... ניט קיין מורא, חס־ושלום האָט מען פאַר אים, נאָר די נשמה צעגייט אין ליבשאַפט, אין מתיקות פון ליבשאַפט...״.

מיסטיציזם און רעאַליזם, זיינען געווען צוויי שטרעמונגען אין פּרצ׳עס שאַפונגען, וואָס אין תוך קענען זיי אויסזען ווי זיי וואָלטן געשטראָמט אין צוויי קעגנזעצלעכע ריכטונגען. זיי האָבן אָבער ביי פּרצ׳ן געפונען זייער תיקון... דורך אַרויסברענגען גייסטיקע דערהויבונג און שלימות אין דעם פּראָזאַאישן טאָג־טעגלעכן לעבן.

דאָס האָט ער געזען אין דער חסידישער באַוועגונג, וואָס האָט געוואָלט מבטל מאַכן די וואָכעדיקייט און אָנהאַלטן די אייביקע שבתדיקייט, ווי ר׳ שלמה אין דער דראַמע ״די גאָלדענע קייט״, וועלכער וויל קיין הבדלה ניט מאַכן, כדי דער שבת זאָל בלייבן!...

פּרצ׳עס איינפלוס אויף דער יידישער ליטעראַטור צו זיינער צייט איז געווען זייער גרויס. עס האָבן זיך צו פּרצ׳ן, אין וואַרשע, געצויגן די אַלע יונגע

אויפגייענדיקע טאַלאַנטן וועלכע האָבן בײַ פּרץ'ן געזוכט צו קריגן "סמיכה" אַלס שרייבער, פֿון וועלכע עס איז שפּעטער אויפֿגעגאַנגען די נייע מאָדערנע יידישע ליטעראַטור.

די פאָדערונגען וואָס יצחק לייבוש פרץ האָט געשטעלט זיך און די אַנדערע וועמען ער האָט דערצויגן אין זיין גייסט איז געווען – אַז די יידישע ליטעראַטור זאָל אַרויס פון דעם מאָנאָטאָנען קרייז אין וועלכן זי האָט זיך געפונען. ער האָט מיט זיין אמת טאַלאַנטפולער שאַפונג געעפנט פאַר איר נייע הימען, נייע קוואַלן פון געדאַנק און באַגייסטערונג.

אַלס כאַראַקטעריסטיק פון פרצ'עס שטרעבן אַרויסצורייסן דאָס יידישע לעבן פון דער אַרומיקער גרויקייט און עס געבן אַ נייעם העכערן ציל און אידעאַל, איז כדאי צו ציטירן דעם מאָטאָ פון איינעם פון פרצ'עס ווערק: "און אַזוי גייען מיר, זינגענדיק און טאַנצנדיק, מיר גרויסע, גרויסע יידן, שבת יום־טובדיקע יידן".

פאַרוואַנדלען דעם גרויען אינדערוואָכן צו אַ שבת און יום־טוב, אַרויסהויבן זיך פון דער גרויער אַלטעגלעכקייט צו אַ "העכערער און שענערער וועלט" – אָט די באַפליגלטע געדאַנקען, זיינען היינט, 70 יאָר נאָך זיין אַוועקגיין, נאָך אַזוי אַקטועל שיין ווי אין די צייטן ווען יצחק לייבוש פרץ האָט זיי געשאָנקען דער יידישער ליטעראַטור.

**אַפּריל, 1985**

# יוסף פּאַפּיערניקאָוו
# און זיין יידיש אימפּעריע

## צום 90סטן געבוירן-יאָר פון דעם דיכטער, סעפּטעמבער 1988

יוסף פּאַפּיערניקאָוו, וועמענס 90סטער געבוירן־יאָר ווערט מיט כבוד און ליבּ פאַרצייכנט אין ישראל און אין די תפוצות, איז פון די קליינע צאָל יידישע שרייבער און דיכטער, וואָס האָבּן געהאַט די זכיה אין זייער פאָרגעשריטענעם עלטער, נאָך אַליין צו זען און הערן, אין וואָרט און שריפט, די אויפריכטיקע אָפּשאַצונג און אַנערקענונג, סיי פון די ליטעראַטור־קריטיקער און מבינים, סיי פון גלאַט לייענער און חובבי־יידיש, וואָס האָבן במשך פון די ביז איצט 65 יאָר פּאַפּיערניקאָווס פרוכטבאַרע שעפערישע לעבנס־צייט, געהאַט די געלעגנהייט און טאַקע אויך הנאה, סיי פון זיין דיכטערישן פּאַטאָס, און סיי אויך פון זיינע האַרציקע שטילע געזאַנגען.

יוסף פּאַפּיערניקאָוו איז נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן געקומען קיין ארץ ישראל. געקומען פון פוילן פון אַן אָרעמער היים, וואו אַ משפחה פון ניין האָט זיך געבאָדן אין דלות און נויט. געקומען אַן אויסגעוואָרצלטער און הונגעריקער אין לאַנד אַריין, אין יענע יאָרן, ווען שפע און זאַטקייט איז דאָ אויך געווען אַ זעלטן מאַכל... קריזיס, אַרבעטסלאָזיקייט, כיבוש עבודה, קאַמף מיט ביליקע אַראַבישע אַרבעטס־הענט, ווען יידישע אַרבעטער זיינען געקומען אויפן אַרבעטס־מאַרק האָט מען געפּרואווט די מוסקולן פון די אויסגעשטרעקטע הענט צי זיי זיינען ראוי פאַר אַ טאָג אַרבעט... אָבער טראָץ אַלץ און אַלעמען, ווי עס איז דער שטייגער געווען אין יענע צייטן, האָט מען מיט אַ טאַנצנדיקן "הוירא", פאַרענדיקט דעם אַרבעטסלאָזן "אַרבעטס־טאָג"...

אָט ווי עס שילדערט אונז פּאַפּיערניקאָוו זיינע ערשטע צייטן (וואָס האָבן זיך שפּעטער ליידער אויסגעצויגן אויף חדשים און יאָרן) אין זיין איינאָרדענען זיך אין לאַנד, אין אַ ליד אונטערן נאָמען "טויבן":

"טויבן, טשאַטעס טויבן אויף מיין דאַך, (וואָס קען נאָך שענער און
אידילישער זיין)
נאָר אסור אויב עס דאַרף מיך מקנא זיין ווער, מיר פליען נישט קיין
טייבעלעך אין מויל אַריין.
טויבן שטעלן זיך בלויז אויף און קומען צו ווי בגניבה, צו מיין
אויפגעפּראַלטער טיר.
צו כאַפּן בלויז אַ שנעלן בליק אַריין, אין אָרעמען, אין ענגן דאַך־שטיבל ביי
מיר.

**ווי צו זען וואָס איך טו אין אים, ווי עס לעבט אַ דיכטער אַ פּאָעט, וואָס האָט פּאַר זיין געזאַנג דערוואָרבן זיך אַ שטוב: אַ טויבנשלאַק, אַ טישל און אַ בעט.״**

מיט אַ לייכטן און דינעם הומאָריסטישן סאַרקאַזם, אין אַ ליד אונטערן נאָמען ״גימל אויף גימל״, זעצט פּאַפּיערניקאָוו פאָר אין אַ ווייטערדיק ליד פאַרצושטעלן זיין ״מלכות״, וואו ער שרייבט:

**״נישט דלת אויף דלת, נאָר גימל אויף גימל, אַזאַ איז דאָס שטיבעלע מיינע אויפן דאַך,**
**דערפאַר האָב איך דעם גאַנצן הימל מיט אַלץ וואָס איך דאַרף צו מיין דיכטעריש פאַך״.**

זיין קרעדאָ אַלס דיכטער זינגט פּאַפּיערניקאָוו אויס אין אַ ליד טאַקע אונטערן נאָמען „מיט אַ ליד״:

**״כ׳בין געווען שוין אַ משורר — ווען געגאַנגען איז מיר קוים דאָס צענטער יאָר,**
**געזונגען האָב איך דאַמאָלס ביי אַ חזן, געווען אַ זינגערל אין כאָר,**
**היינט זינג איך סאָלאָ ביחידות מיין געזאַנג,**
**פון תפילות אייגענע אַליין געשאַפענע, מיט נוסח אייגענעם און אייגן גאַנג.**
**שוין יאָרן לאַנג ווי כ׳דאַוון מיר אויס מיין לייכט און שווער געמיט.**
**איך בענטש און לויב דער שיינקייט פון דער וועלט, און שעלט און פאַרשעלט דאָס שלעכטס אויך מיט אַ ליד״.**

צו באַזינגען דאָס זוניקע און שיינע, און פאַראורטיילן דאָס שלעכטע און מיאוסע, סיי ביי זיך אין לאַנד, סיי אין דער וועלט, דאָס איז דער לייט־מאָטיוו, דער רויטער פאָדעם וואָס גייט אַדורך אין אַלע זיינע איבער 20 ביכער זאַמלונגען און הונדערטער לידער זיינע צעוואָרפן אין פאַרשידענע אַנטאָלאָגיעס אַרויסגעגעבן אין ישראל און אין די תפוצות.

מיט עטלעכע ליבעס איז דאָס דיכטערישע האַרץ פון פּאַפּיערניקאָוו׳ן געבענטשט און קומט צום אויסדרוק אין זיינע געטאָקטע פערזן, מעטאַפאָרישע פאַרגלייכונגען, און איבער אַלעם, דיכטערישער סאָציאַלער פּאַטאָס, ווי געשאַפן פאַר רעציטיר־אויסדרוק.

די ערשטע ליבע זיינע איז די ליבע צום לאַנד, זיין לאַנדשאַפט, פּייזאַזש, ביימער, פרוכטן, צמחים, וואָס קומט צום אויסדרוק אין זיינע פּילצאָליקע לידער וואו ער באַזינגט אין צערטלעכע פערזן די באַגראָזטע טאָלן און שטיינערנע בערג, ווי צום ביישפּיל די וואַסערפאַלן און טרוקענע מדבר־שטעגן, און צוגלייך דעם אַראָמאַט פון די פרוכטן און די מאַראַנצן־ביימער.

זיין צווייטע ליבע איז צום האָרעפּאַשנעם אַרבעטס־מענטש, וואָס טראָגט אַלע שווערקייטן, אַנטוישונגען און געפאַרן, איז ער דער רוקנביין פון לאַנד. פּאַפּיערניקאָוו זינגט און פאַרציילט:

”כ׳בין שטענדיק געווען אין מיין היימלאַנד דער זינגער פון אַרבעט און בוי.
כ׳האָב שטענדיק די ברידער באַזונגען אין שווערקייט פון היים־עול און יאָך.
איך האָב זיי מיט לידער באַגלייט, ווען אויף אַלץ איז ווי בלוטיקער טוי,
געלעגן דער שווייס פון דער מי און די שטויביקע גרויקייט פון דער וואָך“.

ווי אַ רעפריין חזר׳ן זיך אָט די געטאָקטע ווערטער איבער אין פאַרשידענע ניואַנסן, פאָרם־אויסדרוקן, דיכטערישע ווערטער־פּראָזע, וואָס באַגלייטן און באַזינגען די שטיין־האַקער אויף די שטויביקע כבישים, די מויערער אויף די רושטאָוואַניעס פון די זיך בויענדע הייזער, וואו עס געפינען זיך די באָרוועסע חלוצים, וואָס טריקענען די זומפּן אין די מאַלאַריע פאַרפעסטעטע וואַסערן.

דאָס לאַנד האָט אָבער אַדורכגעמאַכט אין משך פון פּאַפּיערניקאָוו׳ס דיכטערישער צייט־תקופה, אומגעהויערע אויפברויזן, מלחמות, אָנפאַלן פון אַראַבער און פּאָגראָמען אויף יידישע לעבנס און האָב־און־גוטס. דער יידישער פּאָעט יוסף פּאַפּיערניקאָוו גיט אויף דעם זיין דיכטעריש חלוצישן ענטפער אין די ווערטער:

”מיר וועלן פון אָרט זיך נישט רירן, מיר וועלן פון דאַנען נישט גיין,
איר זאָלט אונדז אַפילו נישט לאָזן, אַ שטיין אויף אַ שטיין!
אַזוי האָבן יונגע, אַזוי האָבן אַלטע באַשלאָסן,
ווען ס׳האָט זיי דער שכן די פלויטן, די טירן געבראָכן.
מיר האָבן דאָ מדבר און סטעפּ באַטראָטן, אין וויסטקייט געפונען אַ היים,
מיט שווייס און מיט בלוט זיך אין אויפבוי פאַרקנאָטן, געווען דער צעמענט דאָ, די ציגל דאָס ליים
און געוואָרן יסוד און די האַרטקייט אַליין,
די האַרטקייט פון גורל, וואָס האָט אונדז באַשוואוירן: מיר זאָלן פון אָרט זיך נישט רירן, מיר זאָלן פון דאַנען נישט גיין!“

עס טורעמט אָבער איבער אַלעס, ווען מיר ווילן כאָטש אַפילו אין קורצע מיניאַטור־שטריכן אָפּצייכענען פּאַפּיערניקאָוו׳ס 90סטן געבורין־יאָר, זיין דיכטערישע פּיאָנערן־ראָלע אין קאַמף פאַר די רעכט און חשיבות פון דער יידישער שפּראַך, קולטור און דיכטונג אין דעם דעמאָלסדיקן ארץ־ישראל, ביז דעם היינטיקן מדינת ישראל.

יאָ, אַ סך וואַסערן זיינען אָנגעפלאָסן אין אַלע וועלט־ים׳ען, זינט דער צייט ווען אַ יונגער יידישער פּאָעט איז געקומען צו די ברעגן פון ארץ־ישראל, מיט דער האָפענונג זיך אָנצוזגלידערן אין דעם קליינעם זיך בויענדן, אָדער אָרעמען

ייִדישן ישוב, וואו וועלטלעכע פֿאַנאַטישע נטורי־קרתא׳ניקעס פֿון דער העברעאישער שפּראַך, זײַנען ווי באַוואָפּנטע שומרים אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און געסלעך פֿון ישוב, געבליקט יעדן אין פּנים אַרײַן און געמוסרט, ״עברי דבר עברית״! און דאָ קומט אַ ייִדישער דיכטער פֿון פּוילן און וויל זיך מצרף זײַן מיט די עבֿרית זינגנדיקע באַרוועסע חלוצים אין זײַן ״גרילצנדיקן״ ייִדישן לשון. איז דער קבלת־פּנים פֿאַר אים דאָרט געווען, ווײַט נישט קיין געהויבענער. דער דיכטער קלאָגט זיך טאַקע אין זײַן ליד ״ווי להכעיס״.

*״מײַן היים איז אָרעם, אָבער בלאָזן בלאָזט זי זיך נגידיש און קאַפּריזנע.*
*ווי אַ דאַמע פֿון סאַלאָן פֿאַרטראָגט זי נישט ביי זיך, די שפּחה ייִדיש,*
*וואָס געהערט נישט דאָ צום ״גוטן טאָן״.*
*מען איז דערפֿאַר אַ ייִדישן פּאָעט*
*צום יום־טובֿ׳דיקן טיש נישט מצרף!*
*נאָר אַמאָל בלויז פֿאַר רחמנות, ווי אַ ווייטן קרובֿ אים מקרבֿ,*
*כ׳האָב פֿונדעסטוועגן זי ליב מײַן היים, וואָס וועט פֿון מיר שוין נישט האָבן קיין נחת,*
*כ׳וועל זיך אייביק מיט איר קריגן און באַזינגען זי אויף מאַמע־לשון ייִדיש, ווי להכעיס״.*

זיי האָבן זיך אָבער נישט בלויז געקריגט, די פּאַפּיערניקאָווס און זײַנע חבֿרים, די גרופּע חובֿבֿי־ייִדיש, וואָס האָבן זיך אַמייסטן רעקרוטירט פֿון די אַמאָליקע לינקע ״פּועלי ציון״. צוזאַמען מיט זייער איינגלידערן זיך אין לאַנד, מיטמאַכנדיק אַלע שווערע און גוטע צייטן (מער שווערע ווי גוטע), האָבן זיי געגרינדעט פֿאַרלאַגן, אַרויסגעגעבן ייִדישע ביכער און זשורנאַלן, וואָס אויב אַפֿילו די קיאָסקן וואו מען האָט פֿאַרקויפֿט די ייִדישע ביכער און זשורנאַלן זײַנען געוואָרן אונטערגעצונדן און פֿאַרברענט דורך די העברעאישע ״גדוד מגיני השפה׳ניקעס״. זײַנען זיי שפּעטער צוריק אויפֿגעשטעלט געוואָרן דורך די מגיני־השפה ייִדיש׳ניקעס, וואָס זייער דיכטערישער טריבון איז טאַקע דעמאָלט געווען דער הײַנטיקער בעל היובל יוסף פּאַפּיערניקאָוו.

ווי דער שטייגער פֿון אַלע יובילאַנטן און בעל היובֿלס, מאַכט אויך אונזער 90־יאָריקער דיכטער יוסף פּאַפּיערניקאָוו אַ שטיקל סך־הכל פֿון צייט צו צייט, אַ חשבון הנפש, אַ צוריקבליק צו יענע יאָרן ווען ער איז געקומען אין לאַנד אַרײַן צו אַ שיטער־באַוואוינטן אָרעמען ישוב, מיט אַ סנאָבישן און זילזול־באַציאונג צו אַ ייִדישן דיכטער און שרײַבער, – ביז דעם הײַנטיקן קיין עין־הרע דריי און אַ האַלב מיליאָניקן ייִדישן ישוב מיט אַלע אַטריבוטן פֿון אַ פֿול־פֿולסירנדן ייִדישן מלוכה־לעבן.

ער האָט געווּוּס פֿון דעם פֿיל נחת און פֿרייד. אַוודאי איז פֿאַר אים אויך די מעטאַמאָרפֿאָזישע פֿאַרענדערונג פֿון דעם ״קלימאַט״ פֿאַר ייִדיש אין ישׂראל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ הייפֿל קנאי׳דיקע ייִדישיסטישע שומרי־

החומות פאַר יידיש, ביז – אַן אויפגעוואַקסענע קערנדיקע באַוועגונג (גראַדע אַ ווערטער־שפּיל, ווייל איר איניציאַטאָר איז געווען דער באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער עסקן פון אַ הויכן סטאַזש, דער יידיש־אַמבאַסאַדאָר אין ישראל יצחק קאָרן), וואָס האָט צוריק אויפגעהויבן די יידיש־מערכה, די שפּראַך מיט אירע גרויסע קולטור־ווערטן, וואָס איז יאָרן לאַנג געווען דער שורץ־מאַנטל פון מיליאָנען יידן קעגן אַסימילאַציע און אויסמישונג אין די גלות־לענדער. אויב די איניציאַטיוו אויפצולעבן די יידישע שפּראַך און קולטור איז געקומען דווקא פון ישראל, באַווייזט עס נאָכאַמאָל די ריכטיקייט פון דעם פּסוק "כי מציון תצא תורה". איז עס זיכער אַ גרויסע פּאָזיטיווע דערגרייכונג וואָס די שירים פון פּאַפּיערניקאָוו און אַנדערע יידישע דיכטער ווערן געלייענט און געלערנט פון איבער אַכט הונדערט קינדער אין די מלוכה'שע שולן אין ישראל, רעליגיעזע ווי וועלטלעכע.

דער דיכטער יוסף פּאַפּיערניקאָוו קען זיכער זיין שטאָלץ און צופרידן, וואָס זיין באַקאַנט און פּאָפּולער ליד: "זאָל זיין, אַז איך בוי אין דער לופטן מיינע שלעסער", וואָס איז צו זיינער צייט מיט אַזאַ התלהבות, דבקות און בענקעניש געזונגען געוואָרן פון אַ גרויסער טייל פון דער חלוצישער יוגנט אין פּוילן ווי אויך שפּעטער אין ישראל, אַז אָט די "לופטיקע שלעסער", ווי אַ סך פון זיינע דיכטערישע טרוימען און וויזיעס זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רעאַלע טאָג־טעגלעכע פאַקטן.

ווינשטן מיר אים, דעם דיכטער יוסף פּאַפּיערניקאָוו צו זיינע 90 יאָר, אַז די השגחה זאָל אים נאָך באַוויליקן ווייטערע יאָרן צו זען, הערן און האָבן נחת פון זיין אויפגעבויטע "יידיש אימפּעריע" – אין ישראל לאַנד.

**אָקטאָבער, 1988**

# אַ בוך פון וואָרט און געזאַנג

## (חנה און יוסף מלאָטעק: ״פּערל פון אידישן ליד״. אילוסטראַציעס פון צירל וואַלעצקי. 286 זייטן)

חנה און יוסף מלאָטעק זיינען צוויי באַליבטע און פּאָפּולערע פאָרשער פון יידישן וואָרט און ליד. זיי פאַרנעמען זיך דערמיט שוין יאָרן, פירנדיק אין ״פאָרווערטס״ שוין מער ווי 15 יאָר אַ קאָלום פון אָט דעם זשאַנער. איצט האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ מאַסיוו און וואָגיק בוך פון 286 זייטן אין אַ גרעסערן זשורנאַל פאָרמאַט מיט 115 לידער, וואו די טעקסטן זיינען אין יידיש מיט לאַטיינישער טראַנסליטעראַציע, מיט נאָטן פון דער מוזיק און דערביי אויך אַ קליינע ביאָגראַפיע פון ליד אין ענגליש.

די 115 לידער נעמען אַרום סיי אַ טייל וואָגיקע און הויך פּאָעטישע שאַפונגען פון באַקאַנטע און אָנערקענטע פּאָעטן און שרייבער ווי ה. לייוויק, אַברהם רייזין, איציק מאַנגער, אהרן צייטלין און אַנדערע, און סיי אַ שלל לידער וואָס די מחברים פון די לידער זיינען ווייט נישט געווען באַקאַנט דעם פאָלק, זיי זיינען אָבער זייער אָפט געזונגען געוואָרן סיי פּריוואַט, סיי עפנטלעך און באַצייכנט געוואָרן אַלס פאָלקס־לידער.

די טעמאַטיק פון די לידער איז אַ פאַרשידנאַרטיקע. זיי נעמען אַרום אַרבעטער פּראָטעסט־לידער, ליבע־לידער, חזנישע ליטורגישע לידער, טעאַטער־לידער, שטימונגספולע לידער, און פיל אַנדערע.

דערביי איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז נישט אַלעמאָל זיינען די אַזוי גערופענע פאָלקס־לידער געווען טאַקע אַ פּראָדוקט פון אַן אומבאַקאַנטן מחבר פון פאָלק. ס׳האָט זייער אָפט געטראָפן אַז אַ ליד האָט געהאַט אַ זייער ״כשר׳ן״ און אָפטמאָל אַפילו אַ זייער חשוב׳ן ״טאַטן״ מחבר, אָבער צוליב דער פּאָפּולערקייט פון ליד, געזונגען טאַקע פון ברייטע פאָלקס־קרייזן, האָט מען ווי איגנאָרירט אָדער פאַרגעסן דעם מחבר און באַצייכנט דאָס ליד אונטער דעם נאָמען ״אַ פאָלקס־ליד״.

דאָס האָט געטראָפן מיט אַזעלכע פּאָפּולערע און באַקאַנטע שרייבער אַפילו ווי אהרן צייטלין, ז. סעגאַלאָוויטש און אַנדערע, וועמענס לידער זיינען געשמאַק געזונגען געוואָרן ביי עפנטלעכע פאַראַנשטאַלטונגען און פון די טעאַטער־בינעס אַלס פאָלקס־לידער, אָבער אין אמת׳ן זיינען זיי געווען פון אַ גאָר שיינעם ליטעראַרישן יחוס. אַוודאי האָבן דאָ אַ געשפּילט אַ גרויסע ראָלע די קאָמפּאָזיטאָרן, אָפטמאָל פון אַ גאָר וויכטיקן סטאַזש ווי שלום סעקונדאַ, רומשינסקי, אייב עלשטיין און אַנדערע וועלכע האָבן געשאַפן די מוזיק צו די

לידער, וואָס האָבן אַפּעלירט צום האַרץ און געמיט פון די מאַסן צוליב וועלכן די לידער זיינען געוואָרן אַזוי פּאָפּולער און באַליבט ביים פאָלק.

אַמבולטסטן האָט זיך דאָס געפילט ביי די אַזוי גערופענע טעאַטער־לידער, וועלכע זיינען געזונגען געוואָרן פון די יידישע טעאַטער־בינעס. פאַרשטייט זיך אין די צייטן ווען דאָס יידישע טעאַטער האָט געגלאַנצט מיט אַזעלכע סטאַרס ווי באָריס טאָמאַשעווסקי, אַדלער, מאָריס שוואַרץ און אַנדערע וואָס כאָטש דער ליטעראַרישער ניוואָ פון די לידער איז נישט געווען פון אַזאַ געוואַלדיקער הויך, אָבער די נאָסטאַלגישע מעלאָדיעס האָבן גערירט ביים האַרץ און מיטגעריסן יונג און אַלט. דאָס זעלבע אויך ביי די ליטורגישע מעלאָדיעס, וואו דער טראָפּ איז מערסטנס געוואָנדן אויף דער מתיקות פון ניגון ווי פון דעם אינהאַלט פון ווערטער.

אויך דאָ האָבן די צוויי פאָרשער חנה און יוסף מלאָטעק, אַריינגעלייגט אַ שלל פון אַרבעט אויסצופילן דעם בלויז פון "פאַרגעסנהייט", אויסצונוצן דורך יעדן קוואַל וואָס איז געשטאַנען צו זייער רשות, אַרויסצונעמען די "אַנאָנימקייט" פון יעדן ליד, דורך ביילייגן אַ "מעטריקע" פון נאָמען פון "טאַטן" (אַמאָל בלויז פון אַ "מאַמען"...) פון ליד מיט אַ דאַטע ווען געבוירן ווי אויך מיט קורצע ביאָגראַפישע שטריכן פון מחבר אָדער קאָמפּאָזיטאָר פון דער מעלאָדיע.

פאַרשטייט זיך אַז די מוזיק־נאָטן וועלכע זיינען צוגעגעבן צו יעדן איינעם פון די 115 לידער, מאַכן דאָס בוך פאַר אַ זעלטן פיינעם אוניקום צו די ליטעראַרישע און פּאָעטישע ווערק וואָס האָבן זיך די לעצטע יאָרן באַוויזן אויף אונזער אָרעמען ליטעראַרישן מאַרק.

אויך די טראַנסליטעראַציע וואָס באַגלייט יעדעס ליד אין דעם בוך איז אין דעם פאַל שוין "אַ פּראָדוקט פון אונזער צייט", דאָס איז ליידער די פאַרמינערונג פון דעם קרייז לייענער פון יידישן וואָרט און ליד, פאַר וועמען דער יידישער אַלף בית איז ווי פאַר אַן אַמאָליקן דאָרפס־ייד, אַ שווערע גמרא מיט תוספות... מוז מען זיך טאַקע באַנוצן מיט טראַנסליטעראַציע וואָס איז דאָך ווי אין פאַרגלייך מיט אונזער היימישן אלף בית קאַפּע ווי צו אַ ריכטיקער געשמאַק־אַראָמאַטישער נאַרמאַלער קאַפּע...

אין אַלגעמיין אָבער זיינען די לידער ווי אַ רעגנבויגן פון אַלע פאַרבן און קאָלירן פון יידישן לעבן צו יענער צייט, ווי מען זאָגט: "פון וויגעלע ביז צום גרויען עלטער", אויסגעזונגען פון אונזערע פּאָעטן און שרייבער וואָס האָבן אַראָפּגעשיינט פון דער מזרח־וואַנט פון דער יידישער ליטעראַטור און פּאָעזיע – ביז דעם קרייז אומבאַקאַנטע דיכטער און שאַפער פון יידישן ליד, וואָס איז אַריין אין אונזער פאָלקס־אוצר אונטער דער טערמינאָלאָגיע "פאָלקס

לידער״, אַ דאַנק אונזערע באַגאַבטע קאָמפּאָזיטאָרן וואָס האָבן דורך די שטימונגסאָפּולע מעלאָדיעס פאַראייביקט דאָס ליד אין דעם אוצר פון אונזער פאָלקס־שאַפונג.

זאָל דאָס בוך ״פּערל פון אידישן ליד״ זיין ווי אַ שנור פּערל וואָס האָט אַמאָל אַזוי מייעסטעטיש אַראָפּגעשיינט פון אונזערע טייערע מאַמעס און באָבעס, ווען זיי האָבן זיך אויסגעפּוצט צו גיין אין שוהל אַריין, אָדער אויפנעמען ליבע געסט ביי זיך אין דער היים. איז ווי פּערל, דינען זיי ווי ״פון דער נאַטור״ באַשאָנקען איבערצוגיין בירושה פון דור צו דור; זאָלן טאַקע די ״פּערל פון אידישן ליד״ אויך געטראָגן ווערן ווי אַ צירונג איבערצוגעבן עס ווי אַ ירושה פון אונזער דור, פאַר אונזער צוקונפטיקן המשך – די דורות נאָך אונז.

יוני 1989

# יצחק גרינבוים — דער אַדוואָקאַט פֿון פּוילישן אידנטום

שטיל און באַשיידן איז אין נאָוועמבער 1979 אין געוויסע יידיש־געזעלשאַפטלעכע קרייזן, אָפּשטאַמיקע פֿון פּוילן, אָפּגעצייכנט געוואָרן דער הונדערט יעריקער געבורטסטאָג פֿון יצחק גרינבוים.

אָן שום ספק איז יצחק גרינבוים געווען אַ זייער פּאָפּולערע און צוגלייך קאָנטראָווערסאַלע פיגור אין יידיש־פּאָליטישן לעבן אין די פּאַר־מלחמה׳דיקע יאָרן אין פּוילן.

אויף אַן אַנקעטע ״פּאָל״ בלע״ז) פֿון אַ יידיש־אילוסטרירטן זייער געלייענטן וואָכן־זשורנאַל צו יענער צייט, איז יצחק גרינבוים צו גלייך מיטן גערער רבין, אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פֿון די ערשטע 10 פּאָפּולאַרסטע פּערזענליכקייטן אין דער יידישער געזעלשאַפט.

אַלס די גלאַנץ־עפּאָכע פֿון זיין לעבן דאַרף מען באַצייכענען די אין אָנהויב צוואַנציקער יאָרן, באַלד נאָך פּוילנ׳ס באַפּרייאונג, ווען ער איז אויסגעוויילט געוואָרן, אין 1919 אַלס דעפּוטאַט צום 1טן פּוילישן פּאַרלאַמענט (״סעים״). שוין דאַמאָלס האָט ער זיך אַרויסגערוקט צו זיין דער טאָן־געבער און טריבון פֿון פּוילישן אידנטום, ביים אויסאַרבעטן די ערשטע געזעצן פֿאַר דער נאָר־וואָס אַנטשטאַנענער פּוילישער מלוכה, וואו אַנטיסעמיטן פֿון פּאַרשידענעם קאַליבער, אָנהויבנדיק פֿון די ענדעקישע שוואַרץ־מאה׳ניקעס פֿון דמאָווסקי׳ס חדר ביז דער פּאַרטיי וואָס האָט פּאַרטראָטן אין סעים דעם דאָרפיש־רייכן פּריצים־שטאַנד, די ״פּיאַסט״ פּאַרטיי, וואָס האָבן געשלאָסן אַ פּאַקט אָנצונעמען געזעצן וואָס זאָלן אין דער ערשטער רייע טרעפן דעם יידישן מיטלשטאַנד.

און וואָס קען נאָך זיין בעסער ווי אָננעמען אַ זונטאָג רו געזעץ, צו צווינגען די יידישע קרעמער און בעלי־מלאכות וואָס האָבן אין זייער גרויסן רוב געהאַלטן געשלאָסן די געשעפטן אין שבת, אַראָפּצונעמען נאָך אַ טאָג אין דער וואָך פֿון זייער פּדיון און אַזוי־אַרום זיין אויסגעשטעלט אויף דער שאַרפער קאָנקורענץ פֿון זייערע קריסטליכע שכנים.

גרינבוים׳ס מוטיגע אַרויסטרעטונגען אין סעים קעגן דעם געצוואונגענעם זונטאָג רו געזעץ ווי בכלל קעגן אַלע אָפּענע און באַהאַלטענע געזעצן וואָס האָבן געהאַט דעם צוועק צו דיסקרימינירן און אַרויסשטעלן די יידן אַלס בירגער פֿון אַ צווייטער מדרגה אין דעם ניי־אַנטשטאַנענעם פּוילן, איז געוואָרן אַ שם דבר אין דער יידישער, און אויך אין דער קריסטליכער וועלט, בעת זיינע רעדעס אין סעים זיינען די גרויסע גאַלעריעס געווען געפּאַקט פֿון יידן יונגע

און אַלטע, חסידים און פֿרייע – אַלע האָבן מיט שטאָלץ און באַפֿרידיגונג אויפֿגענומען זיין דרייסטע און טיף־לאָגישע פֿאַרטיידיקונג און פּאָליטיק קעגן די אַנטיסעמיטישע העצעס פֿון דער סעים־טריבונע, ווי אויך זיינע שאַרפֿע פֿאַרדאַמונגען קעגן כוליגאַנישע אָנפֿאַלן פֿון דער פּוילישער אונטערוועלט אויף שוצלאָזע יידן אין פֿאַרשידענע שטעט און שטעטלעך.

די פּוילישע געזעלשאַפֿט האָט מיט ציין־קריצעניש אָבער מיט דרך ארץ געמוזט אויסהערן זיינע וואָרנונגען אַז ביים פֿאַרטיידיקן די רעכט פֿון יידן אין פּוילן אַלס גלייכע בירגער וועט ער זיך נישט אָפּשטעלן פֿון ווענדן זיך צו דער עפֿנטליכער מיינונג אין גאַר דער וועלט, און פֿאַרשטייט זיך אויך צום וועלט־אידנטום אין אַלע פֿרייע לענדער אויסצואיבן אַ דרוק און באַווירקן אַז אין דער קוים ניי־געבוירענער, מיט דעם חסד פֿון די דעמאָקראַטישע לענדער, פּוילישער רעפּובליק, זאָלן די יידן אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהייט, נישט ווערן באַ׳עוולה׳ט און שיקאַנירט.

ווען דער פּוילישער סעים האָט אין יאָר 1922 אָנגענומען אַ וואַל־געזעץ איינצוטיילן דאָס לאַנד אין פֿאַרשידענע קרייזן ביים וויילן די דעפּוטאַטן מיט דער כוונה קינסטלעך צו פֿאַרקלענערן די פֿאָרשטייערשאַפֿט פֿון די יידן און אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, איז גרינבוים געווען דער אינציאַטאָר צונויפֿצוברענגען צוזאַמען די יידן, דייטשן, אוקראַאינער, ווייסרוסן און ליטווינער און שאַפֿן אַ געמיינזאַם נאַציאָנאַלן מינדערהייטס־בלאָק צו די וואַלן צום סעים, וועלכער האָט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן נצחון אַריינפֿירנדיק אַרום 100 דעפּוטאַטן צום סעים (אויף דער אַלגעמיינער צאָל פֿון 444) ווערנדיק דאָס וואַל־צינגל צווישן די רעכטע און לינקע אין סעים. פֿון יידן זיינען אויסגעוויילט געוואָרן 36 צום סעים און 12 צום סענאַט.

די יידישע פֿאָרשטייערשאַפֿט אין די געזעצגעבערישע קאַמערן האָט זיך אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדערער פּאָליטישער ראַט־פֿאַרבאַנד גערופֿן די ״קאלא״, וועלכע האָט אויסגעאַרבעט אירע אייגענע סטראַטעגישע פּאַליסעס און מעטאָדן ביים פֿאַרטיידיקן די יידישע פּאַסטולאַטן צום סעים און סענאַט. דאָ האָט זיך יצחק גרינבוים צום ערשטן מאָל אָנגעשטויסן אויף אַ שטאַרקער אָפּאָזיציאָנעלער איינשטעלונג קעגן זיין אָפּטמאָל עקסטרעמער אָן פּשרות׳דיגער איינשטעלונג, סיי אין פּרינציפּ, סיי אין טאַקטיק ביים פֿאַרטיידיקן די יידישע רעכט פֿאַר דער גויאישער וועלט.

די יידישע דעפּוטאַטן, די באַקאַנטע ציוניסטישע פֿירער דר. טהאָן און לעאָן רייך קומענדיק פֿון מזרח און מערב גאַליציע, אַדורכמאַכנדיק אַן אַנדערע מער מערב־אייראָפּעאישע אויסשולונג אין פּאָליטישן לעבן, האָבן אינערהאַלב דער ״קאלא״ געפֿרעדיקט פֿאַר אַ מער מעסיקן צוגאַנג, ווי זיי האָבן עס אָנגערופֿן ״דורכקום פּאָליטיק״ מיט דער פּוילישער רעגירונג און אויסגעאַרבעט מיט די

צו יענער צייט הערשנדער גראבסקי רעגירונג אַ פּאַקט באַקאַנט דאַמאָלס אונטערן נאָמען די "אוגאָנדע" (פאַרשטענדיקונג).

יצחק גרינבוים, דער פירער און באַגרינדער פון אַ מער עקסטרעמער און שטייפער פּאָליטישער איינשטעלונג אין פאַרטיידיקונג פון יידישע רעכט, איז דאָס מאָל אפשר צום ערשטן מאָל געבליבן אין דער מינדערהייט. ער האָט מיט כבוד און שטאָלץ געטראָגן די קרוין פון אַ מינדערהייט־פאָרשטייער אין דער יידישער געזעלשאַפט, פונקט ווי ער האָט געהאַט דעם מוט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער צו לאָזן פאַלן דעם באַקאַנטן זאָג, אַז "עס איז פאַראַן אין פוילן אַ מיליאָן יידן צופיל", מיינענדיק דערמיט צו זאָגן אַז יידן דאַרפן זוכן דעם וועג וואָס מער צו פאַרלאָזן פוילן. ער איז דערפאַר זייער שטאַרק קריטיקירט געוואָרן אין דער יידישער פרעסע פון אַלע ריכטונגען, אַפילו אין זיינע אייגענע ציוניסטישע קרייזן, גלויבנדיק אַז דאָס שפּילט אַריין אין די הענט פון די אַנטיסעמיטן וועלכע ווילן פּטור ווערן פון די יידן אין פוילן. פון אַ שפּעטערדיקער היסטאָרישער פּערספּעקטיווע אָבער זעט מען ווי טראַגיש ריכטיק אַפילו פאַראויסזעעריש עס זיינען דאַמאָלס געווען זיינע ווערטער.

זיין זייער אָפט יחידישער און אויך קאָנטראָווערסיאַל צוגאַנג צו פאַרשידענע פּראָבלעמען האָט זיך אויך אויסגעדריקט אין זיין באַציאונג צו רעליגיע.

עס איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען, אַפילו פאַר די טויזנטער רעליגיעזע און חסידישע יידן, וואו אויך דאָרטן האָט ער געהאַט זיינע טרייע אָנהענגער, אַז יצחק גרינבוים איז נישט געווען אַ שומר דת און מצוות, מען האָט עס אָנגענומען פאַר אַ פערזענליכער מיספאַרשטענדניש און אַ גרויסע שוואַכקייט. ס׳ווערן אַפילו דערציילט פאַרשידענע אנעקדאטן אויף דעם חשבון. צווישן זיי: מ׳האָט אַמאָל געטראָפן יצחק גרינבוים אין אַ כשר׳ן רעסטאָראַן. אַ פריינט וואָס האָט אים געוואָלט קיבעצן האָט אים געפרעגט: *היתכן, ר׳ יצחק? ווי קומט איר עפּעס אין אַ כשר׳ן רעסטאָראַן? ניש׳קשה, ניש׳קשה,* האָט אים גרינבוים געענטפערט, איך עס דאָ בלויז מילכיגס...

אָנהענגער ווי קעגנער האָבן אין גרינבוים׳ען געזען דעם פרייען אָבער ערליכן ייד, און ביי רעליגיעזע יידן, ווי אויך ביי פרייע איז ערליכקייט אַ גרויסע מדרגה.

**אויגוסט, 1980**

# דר. בערל פרימער ז״ל

בסך הכל אַ וואָך איידער ער איז אַוועק אויפֿ עולם האמת, האָבן מיר אים נאָך געזען אויף אַ צוזאַמענקונפֿט וואָס איז געווען געווידמעט צו דער צייטשריפֿט "אידישער קעמפער". אמת, זיינע נאָענטסטע פֿריינד ביי דער מסיבה האָבן מיט צער און באַדויערן באַמערקט ווי דר. פרימער האָט מיט זיינע לעצטע פֿיזישע כוחות זיך באַמיט אָנצוהאַלטן דעם דינעם פֿאָדעם פֿון לעבן וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿון זיינע האַלב אויסגעלאָשענע אויגן.

געווען איז דר. פרימער ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג, אַ קאָנטראַסטיקע פּערזענלעכקייט אין שענסטן און אין בעסטן זין פֿון וואָרט. סיי אַ פּראַקטישער טוער און עסקן בצרכי ציבור, וואָס האָט זיך באַמיט אַז די געשטעלטע צילן און אויפֿגאַבן פֿון דער באַוועגונג וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט, זאָלן אויסגעפֿירט ווערן בשלימות, און סיי אַ טרוימער און פּראָפּאַגאַנדיסט פֿאַר מדינת ישראל, אין וועלכע ער האָט געגלויבט, אַז עס קען פֿאַרווירקלעכט ווערן די טרוימערישע קאָנצעפּציע פֿון דעם מענטש וואָס האָט באַזיצט אַ גרויסע וויזיע, דער גרונדלייגער פֿון יידישער שטאַטסמאַנשאַפֿט, דוד בן גוריון ז״ל. ער האָט געגלויבט אַז מדינת ישראל וועט מיט זיך פֿאָרשטעלן צו זיין אַ יידישע מדינה מיט דער בכבודיקער מיסיע צו זיין אַן "אור לגויים".

... דערפֿאַר אויך, שפּעטער, זייענדיק אין די 50'ער יאָרן דער קולטור־דירעקטאָר פֿון דער הסתדרות אין ישראל, האָט דר. פרימער געגלויבט און פּראָפּאַגאַנדירט אַז די ישראלדיקע אַרבעטערשאַפֿט מיט אירע נבואה'שע אידעאַלן פֿון גלייכהייט, פֿרייהייט און צוזאַמענלעבן מיט אַנדערע פֿעלקער, קען די דאָזיקע מיסיע פֿאַרווירקלעכן אין לעבן.

דערפֿאַר אויך, קומענדיק שפּעטער קיין אַמעריקע, האָט דר. פרימער אויך דאָ, אויף דעם היגן אַמעריקאַנער באָדן, געשאַפֿן אַ קרייז מיט דעם נאָמען: "די ליגע פֿון פֿריינט פֿאַרן אַרבעטנדיקן ישראל", וועלכע זעען אין דער ישראלדיקער אַרבעטערשאַפֿט דעם אידעאַלן עלעמענט פֿון אַ שיינע און בעסערע מדינה, וואָס דאַרף זיין אַן "אור לגויים".

דר. פרימער, צוזאַמען מיט זיין אַקטיווע אָנפֿירנדיקע ראָלע אין אַמעריקאַנער ציוניסטישן אַרבעטער־פֿאַרבאַנד, האָט פֿאַרנומען פֿאַרשידענע קולטור־פּאָזיציעס, וואָס דאָס באמת איז געווען זיין באַליבטע טעטיקייט. ממש ביז דער לעצטער מינוט, איז ער געווען אַ חשובער מיטגליד אין אַ ריי אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע, וואָס האָבן מיט זיך פֿאָרגעשטעלט דאָס קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע לעבן אין ניו־יאָרק.

דר. בערל פרימער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ רייע ביכער עסייען אין יידיש און אין ענגליש, און אויך אויסצוגן פֿון זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען,

וועלכע ער האָט געדרוקט אין פאַרשידענע אויסלענדישע צייטשריפטן און צייטונגען. דר. פרימער האָט אויך געדינט אַלס קאָרעספאָנדענט פון אַ ריי העברעאישע צייטשריפטן און צייטונגען אין ישראל, וועלכע האָבן גערן אָנגענומען זיינע אַרטיקלען, ווייל זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט עלאָקווענץ, מיט וויסן און מיט אינפאָרמאַציע.

געווען איז דר. פרימער אַן אינטעלעקטואַל פון אַ הויכער מדרגה און גלייכצייטיק אַ פיינער האַרציקער מענטש און אַ נוח־לבריות. ס׳איז בכלל שווער משיג צו זיין ווי אַזוי איין מענטש קען מיט זיך פערזאָניפיצירן אַזוי פיל מעלות און גוטע מידות. געווען אַ חבר און פריינט, אַ לערער און אַ דערציער, אַן אָראַטאָר צו וועמענס אינטערעסאַנטע לעקציעס און דעפעראַטן עס האָבן זיך צוגעהערט מיט גרויס אינטערעס מענטשן פון פאַרשידענע קרייזן און שיכטן, אינטעליגענטן און פאָלקס־מענטשן אָן אונטערשיד צי דאָס זיינען חברים־לדעה, אָדער מיט קעגנערישע מיינונגען. מענטשן האָבן דאָס אָפּגעשאַצט, און דערפאַר טאַקע איז דר. פרימער געווען באַליבט און געשעצט אין פאַרשידענע קרייזן.

כדאי צו דערמאָנען אַז דר. בערל פרימער איז געווען אַ זעלטענער אוהב יידיש. ער האָט זיך געפרייט מיט יעדע יידישע אויסגאַבע און פובליקאַציע, ממש מיט יעדן יידישן אות. אַפילו אויך דעמאָלט ווען אַ קאָמפּלעקס פון אותיות האָבן נישט געשטימט מיט זיינע וועלטלעכע קולטור־געזעלשאַפטלעכע אָנשויאונגען.

דר. בערל פרימער איז געווען שטאָלץ און צופרידן וואָס זיינע אַרטיקלען זענען געוואָרן געדרוקט אין פאַרשידענע צייטונגען, ווי דער ״אַלגעמיינער זשורנאַל״, דער ״אידישער קעמפער״, ״אונזער וואָרט״, דער ״פאָרווערטס״ און אַנדערע יידישע און העברעאישע צייטונגען.

עס ווערן ליידער שיטערער די רייען פון די שליחי צבור פון דער הויך ווי דר. בערל פרימער ע״ה.

עס האָט אויסגעצאַנקט נאָך אַ ליכטל וואָס האָט אַזוי געטריי און היימיש געדינט צו באַלייכטן און צו פאַרטרייבן די אומעטיקייט פון די אַזוי ווייניק פאַרבליבענע טוער, וועקער און מאָנער פאַר אַ שענערער, גערעכטער און זיכערער וועלט, פאַר יידן אומעטום און בפרט פאַר ישראל.

כבוד זיין אָנדענק!

**״אונזער וואָרט״, פעברואַר, 1991**

# יהודה טיבערג ז״ל

## צו זיינע שלושים

סך הכל אַ 2 וואָכן פאַר זיין אַוועקגיין אויף דעם עולם האמת, האָט ער פון דער טריבונע אין איינעם פון די טעאַטער זאַלן אין ניו־יאָרק, פאַר אַן עולם פון איבער 500 יידן, מיט פאַטאָס און איינדרוקספול געהאַלטן אַ רעדע וועגן די מעשים תעתועים אין אונזער וועלטל, פון אונזער עולם השקר, מיינענדיג דערמיט דעם סאָוועטן פאַרבאַנד, טאַקע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער יאָרצייט פון דעם אומברענגען די יידישע שרייבער דעם 12־טן אויגוסט 1952 אין די קעלערן פון דער לוביאַנקער טורמע.

ס׳איז באמת אַ פאַקט, אַז דעם גרעסטן טייל פון זיין 60 יאָריגן פרוכטבאַר געזעלשאַפטלעך לעבן (ווייל אַוועק אין דער אייביקייט איז יהודה טיבערג ז״ל אין דעם רייפן עלטער פון 84 יאָר), איז ער געווען דער זוכער, וועקער און מאָנער פאַר אַ וועלט פון יושר, גלייכהייט און שיינע ווערטן אומעטום, פאַר אַלע מענטשן אין גאַר דער וועלט און בתוכם פאַר יידן, ווייל אין זייער צושפּרייטקייט אין אַלע וועלט טיילן, נויטיקן זיי זיך ממש ווי אין לופט צום אָטעמען, אַז די שלעכטע איבלען פון דער וועלט זאָלן זיי נישט אַוועק שווענקען פון אונזער אויבערפלאַך.

אַלס קאָנסעקווענץ דערפון איז געווען, טיבערגס באַהעפטונג פון זיין פריעסטער יוגנט מיט די לערעס און פרינציפן פון דעם דאַמאָלס אויפגייענדן שטערן, דעם יונגן פאלטאווער ״גאון״, בער באָראָכאָוו, דער באַגרינדער פון ״באָראָכאָוויזם״ אָדער בעסער געזאָגט, פון דער פועלי־ציוניסטישער קאָנצעפּציע פון צונויפפּאָרן ציוניזם מיט אַ מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם, און דערפון די אויסקריסטאַליזירונג פון אַ שטרעמונג וואָס האָט אין די ערשטע 3 צענדליק יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט, פּרובירט, מיט אַ געוויסן דערפאָלג, אַרויסצורייסן גרויסע טיילן פון יידישע אַרבעטער און פאָלקס מענטשן פון דער ווירקונגס ספערע פון דעם דאַמאָלסדיקן קאָסמאָ־פּאָליטישן ״בונדיזם״, און אָנשטאָט דעם, צו זוכן אַ לייזונג פאַר דעם יידישן אַרבעטער און פאָלקס מענטש צו זיינע רעכטלאָזע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אומשטענדן אין די לענדער פון זייער צושפּרייטקייט אין אַ טעריטאָריאַלער קאָנצענטראַציע אין דעם לאַנד פון ציון, דערפון דער נאָמען ״פועלי־ציון״.

פאַרשידענע פּאָליטישע אומוואַנדלונגען און גלגולים האָט די ״פועלי־ציון״ פּאַרטיי אַדורכגעמאַכט אין משך פון יאָרן. פאַרשידענע אידעאָלאָגישע און פּראַקציאָנעלע שפּאַלטונגען. די האָט אָבער אויף איר זכות דאָס אויפשטעלן די ערשטע קיבוצים און מושבים אין ישראל פון דער צווייטער און דריטער עליה.

דאָ אָבער, אין די גלות לענדער נאָך די שפּאַלטונגען אין די צוואַנציקער יאָרן, האָט די אָפּגעוואָרפן פון זיך די אַלע דעסטרוקטיווע האַלב קאָמוניסטישע שפּליטערן וואָס האָבן איר אין יענע יאָרן געוואָלט אָוועקפירן אויף זיג־זאַגיש־קאָמוניסטישע רעלסן גלייך קיין מאָסקווע.

יהודה טיבערג ווי אַ יונגער שרייבער, זשורנאַליסט און גלענצנדער אַגיטאַטאָר און רעדנער, איז געשטאַנען ביים וויגעלע פון דער "פּועלי־ציון" באַוועגונג, מיטגעמאַכט אַלע פאַזן פון די אידעאָלאָגישע און פּראַקציאָנעלע קאַמפן אינערהאַלב דער פּאַרטיי, מיטגעהאָלפן אויסצורייניקן דאָס ווילד גראָז פון די קאָמוניסטישע מיטלויפער וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער פּאַרטיי, אַריין אין דער קאָמוניסטישער יעווסעקציע און דאָרט מיט דער צייט פאַרשלונגען געוואָרן אין דעם גרויסן קאָמוניסטישן שטראָם.

יהודה טיבערג ווערנדיק דער טאָן געבער אין דער פּועלי־ציון־באַוועגונג, האָט שפּעטער אויך דאָרט מיטגעמאַכט אַ שפּאַלטונג פון "רעכטס" און "לינקס" און כאָטש ער איז געבליבן ביי די אַזוי־גערופענע "לינקע פּועלי־ציון", האָט ער אין שריפט און וואָרט אָפּגעוואָרפן די אַלע ראַדיקאַל לינקיסטישע פּראָזעלאָגיע, וואָס איז נאָך איבערגעבליבן אין דער פּאַרטיי ווי שריים נאָך די פּראַקציאָנעלע קאַמפן, אַגיטירט און גערופן צו אידענטיפיצירן זיך מיט דער חלוציש־ציוניסטישער באַוועגונג, צו באַטייליקן זיך אין די ציוניסטישע קאָנגרעסן, ווי ער איז טאַקע געוואָרן אויסגעוויילט צו אַ רייע קאָנגרעסן אַלס דעלעגאַט, און דאָרט פאַרנומען חשובע פּאָזיציעס אין די אָנפירנדע אינסטאַנצן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

מיט דער אויסמאָרדונג פון אַ דריטל פון אונזער פאָלק, און מיט דער גלייכצייטיקער אויפקום פון דער יידישער מדינה, האָבן זיך די אידעאישע יסודות ביי אַ סך אינטעלעקטואַלן, ווי בכלל ביי מענטשן טראַכטנדיקע, זיך געטאָן אַ וואַקל.

יהודה טיבערג איז אין דעם פאַל ניט געווען קיין אויסנאַם. אין זיין גוט רעדאַקטירטן זשורנאַל "אונזער וועג" וואו ער האָט יאָרן לאַנג געשריבן, און אויך רעדאַקטאָר, פאַרנעמענדיק דאָרט דעם אויבן אָן אַלס אַחריות'דיקער פּובליציסט, סיי אויך אין זיינע עפנטלעכע אַרויסטריטן אַלס גלענצנדער רעדנער־אָראַטאָר, האָט אין די לעצטע יאָרן ביים באַהאַנדלען די פּראָבלעמען וואָס שטייען היינט ברומו של עולם אין אַלגעמיינעם יידישן לעבן, ווי אויך אין דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג, געהאַט דעם מוט צו זיין אַ "חוזר בתשובה" אין די אַלע אָנגענומענע דאָגמען און פּרינציפּן מיט וועלכע די לינקע "פּועלי־ציון" האָבן געשפּייזט דעם עולם.

ער האָט מיט איבערצייגונג און מוט אָפּגעוואָרפֿן פֿון דעם דאָגמאַטיש סעקטאַנטיש־מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם, אַלס אידעאישע באַזע פֿאַר זיינע טיף גלויביקע הומאַניסטישע אידעען פֿון פּאָליטישן, סאָציאַלן און אַלגעמיינעם יושר פֿאַר די מענטשן אין דער וועלט. ער האָט זיך האַסטיק געגעבן אַ קער צו אונזערע אַלטע אור קוואַלן און מקורות פֿון אונזערע נביאים, וואו סאָציאַלער יושר, גערעכטיקייט און גלייכע מעגלעכקייטן פֿאַר מענטשן, זיינען אפשר נישט געשטעלט ווי אַ פּיראַמידע אונטער אַ וויסנשאַפֿטלעכע באַזע, זיי קענען אָבער קיינמאָל ניט גיין געפּאָרט מיט אונטערדריקונג, און אויסראָטונג פֿון מענטשן און פֿעלקער כלומרשט אין נאָמען פֿון "נאָבעלן" סאָציאַליזם אָדער קאָמוניזם.

אַלס רעזולטאַט פֿון זיין געדאַנקען ענדערונג אין באַצוג צו אונזערע אייגענע וועזנטליכע "היימישע" ענינים, איז געווען אויך זיין לעצטע שטעלונג אין דער דיסקוסיע און גערשנגל פֿאַר "שלימות הארץ".

דאָס מאָל איז ער געווען שוין אַ "רעבעל" אין זיינע אייגענע פּאַרטיי קרייזן, וואו ער האָט אויך אין שריפֿט און וואָרט פּאַרטיידיקט, ווי זיין גרויסער פֿאָרגייער, דער פֿירער און גרינדער פֿון דער קיבוצישער באַוועגונג "אחדות עבודה", יוסף טאַבענקין ז"ל. אַז יעדער וויתור אויפֿן געביט פֿון די ערָאבערטע שטחים נאָך דער 6 טאָגיקער מלחמה, איז אַ סכנה פֿאַר דעם עצם עקזיסטענץ פֿון דער מדינה.

כאָטש ווי כמעט אַ יחיד מיט אָט דער מיינונג אין זיינע אייגענע פּאַרטיי קרייזן, האָט מען זיך אָבער מיט כבוד און דרך ארץ צוגעהערט צו זיינע אַרגומענטאַציעס אין אָט דער שטעלונג ביז האַרט פֿון זיין אַוועקגיין אין דער אייביקייט.

יהודה טיבערג איז ממש ביז דער לעצטער מינוט געווען אַ חשובער מיטגליד אין אַלע פֿאַרשידענע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר דאָס קולטור גזעלשאַפֿטלעכע לעבן אין ניו־יאָרק. אויב ס'זענען געקומען צום אויסדרוק אין אַן אָרגאַניזאַציע מיינונגס פֿאַרשידנהייטן, האָט מען מיט אַ זעלטענער אויפֿמערקזאַמקייט זיך תמיד צוגעהערט צו זיין מיינונג, זיינע אָפּאָנענטן האָבן נישט איין מאָל צוגעגעבן, אַז ס'איז פֿאַר זיי אָפֿטמאָל מער פֿאַרגעניגן מיט טיבערגן צו פּאָלעמיזירן ווי מיט זייערע אייגענע חברים צו איינשטימען...

זאָל אויך דערמאָנט ווערן אַז יהודה טיבערג איז געווען אַ זעלטענער אוהב יידיש, געפֿרייט זיך מיט יעדע יידישע אויסגאַבע און פּובליקאַציע, ממש מיט יעדן יידישן אות, אַפֿילו אויך דאַמאָלס ווען אַ קאָמפּלעקס פֿון אותיות האָבן

נישט געשטימט מיט זיינע וועלטלעכע קולטור געזעלשאַפטלעכע אַנשויאונגען.

דערפון זיין פריידיגע אויפנעמען מיט יאָרן צוריק דעם געבורט פון דעם בן זקונים׳ל אין דער יידישער צייטונג וועלט ״דער אַלגעמיינער זשורנאַל״ פון וועלכן ער איז געווען אַ געטרייער געשוואוירענער לייענער ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן. כאָטש נישט געמאַכט קיין סוד, אַז ער קריגט זיך נישט איין מאָל אין געדאַנק, און אַפילו אויפן קול מיט געוויסע שרייבער און אַרטיקלען וואָס ווערן דאָרט געדרוקט. געווען אָבער באַאיינדרוקט און צופרידן אַז דער כלל ישראל מאָטיוו קומט בולט צום אויסדרוק אין דער צייטונג דערמיט, וואָס אויך שרייבער פון וועלטלעכן סעקטאָר ווערן דאָרט איינגעלאַדן צום עמוד, אויב נאָר זיי קענען שיין, אינטערעסאַנט און... ערלעך דאַוונען...

די צייט האָט אויך באַוויזן אַז דער קרייז פון די ״וועלטלעכע״ מתפללים אין דער צייטונג איז אַ גענוג היכער. עס ווערן אָבער ליידער שיטערער די רייען פון די שליחי־ציבור פון דער הויך ווי יהודה טיבערג ע״ה.

עס האָט אויסגעצאַנקט נאָך אַ ליכטל וואָס האָט אַזוי היימיש און געטריי געדינט צו באַלייכטן און פאַרטרייבן די אומעטיקייט פון די אַזוי וויניק פאַרבליבענע טרוימער, וועקער און מאָנער, פאַר אַ שענערער און בעסערער וועלט פאַר אַלע מענטשן בכלל, און פאַר יידן בפרט.

יהי זכרו ברוך.

**אָקטאָבער, 1984**

# 80 יאָר "אידישער קעמפער"

מיט זעלטן ווייניק אויסנאַמען, קען אַ יידישע צייטשריפט זיך גרויסן היינט צו־טאָג, מיט אַזאַ בכבודיק עלטער פון אַכציק יאָר דערשיינען אָן אָפּשטעל, ווי עס האָט עס באַוויזן דער "אידישער קעמפער", וועלכער טיטולירט זיך ווי "דאָס וואָכנבלאַט פאַר די פּראָבלעמען פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג".

ווען דער "אידישער קעמפער" האָט געמאַכט זיין ערשטן דעביוט אויף דער יידישער גאַס אין אַמעריקע, מיט מער ווי 80 יאָר צוריק, איז עס געווען ווי אַ רעוואָלוציאָנערער דורכברוך אין דאַמאָלסדיקע ברויזנדע שטימונגען און איינפלוסן אין דעם געזעלשאַפטלעכן פּאָליטישן גדאַנקענגאַנג פון דעם יידישן לעבן אין אַמעריקע.

ווילדע לאָזונגען און אידעען פון אַנאַרכיזם, קאָמוניזם גדאַנקען פון שלעכט אויסגעקרומטן ליבעראַלן קאָסמאָפּאָליטיזם, זיינען געווען די אידעען און שטימונגען וואָס האָבן פּרובירט אויסשפּרייטן זייער השפעה אויף די יידישע אָנקומענדע עמיגראַנטן מאַסן פון מזרח אייראָפּע, וואָס זיינען געקומען צו די ברעגן פון אַמעריקע, זוכנדיק דאָ אַן אַזיל פון די פאַרפאָלגונגען און פּאָליטישע רעכטלאָזיקייטן, ווי אויך פון די עקאָנאָמישע באַדנלאָזיקייטן אין די לענדער פון זייער אויסוואַנדערונג.

דער סוועט שאַפּ סיסטעם, די אָרעמע טענעמענט־הייזער, איינגלידערן זיך אין דעם עקאָנאָמישן געוועב פון "מאַכן אַ לעבן", קריגן אַ "דזשאַב" וואָס זאָל באַזאָרגן די פאַמיליע מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ און מיט מינימאַלע פּרנסה אויסקומענישן, דאָס זיינען געווען די זאָרגן און אידעען פון די יידן מיט 80־90 יאָר צוריק אין אַמעריקע, פון וועלכע עס האָט זיך שפּעטער אויסגעפורעמט דער קאָמפּאַקטער יידישער ישוב מיט זיינע קולטור און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון אַ פאַרשידנאַרטיקן רעליגיעזן און וועלטלעכן כאַראַקטער.

עס זיינען שוין דאַמאָלס געווען וויכטיקע פּאָליטישע, ליטעראַרישע יידישע צייטשריפטן און טאָג־בלעטער מיט אַ באַדייטנדער צירקולאַציע. דער "פאָרווערטס", מיט אייב קאַהאַן בראש, האָבן אָנגעהויבן געבן "לעקציעס" ווי אַזוי אויסצומענטשלען און אויסגרינען זיינע לייענער וואָס האָבן געברענגט פון "יוראָפּ" (אַ נעגאַטיווער איראָנישער סלענק פון אונזערע אַמאָליקע "אידישע יענקיס"...) זיטן און מנהגים וואָס האָבן לויט זיינע אָנשויאונגען און אָנווייזונגען ניט אַריינגעפּאַסט זיך אין דעם אַמעריקאַנעם שמעלץ־טאָפּ, אין וועלכן מען האָט דאַמאָלס אַזוי הייליק געגלויבט, אַז פון דעם טאָפּ וועט זיך אויסקאָכן אַ מאַכל פון וועלכן אַלע וועלן הנאה האָבן...

מען האָט געדאַרפט צו יענער צייט האָבן אַ סך "ציוניזם מוט", גרויסן אידעאישן באַגאַזש, אַ פעסטן גלויבן אין די פּראָקלאַמירטע פּרינציפּן פאַר וועלכע מען שטעלט זיך איין – אַרויסצוקומען אויף דער ייִדישער גאַס מיט אַ קעמפערישן אָרגאַן וואָס האָט פּראָקלאַמירט דאָס פּאַראייניקן ציוניזם מיט סאָציאַליזם, וואָס האָט געקלונגען ביי אַ סך ווי עפּעס יוצא־דופן'דיק.

שוין דאָס וואָרט ציוניזם, האָט ביי די סאָציאַליסטישע האַלב אַסימילירטע "גענאָסן" געקלונגען ווי שאָוויניזם, רעאַקציאָניזם, נאַציאָנאַליזם און כלל־ישראל, רח"ל. ביז די פּאַטענטירטע שמן־זית'דיקע סאָציאַליסטן, אָנהענגער פון זייער אַפּאָסטאָל קאַרל מאַרקס, איז דאָס צונויפפּאָרן ציוניזם מיט סאָציאַליזם ווי אַריינרייסן זיך מיט ברודיקע בורזשואַזיע שטיוול אין דעם ריינעם גאָרטן פון סאָציאַליסטישן אחרית־הימים...

אַזוי אַז ניט קיין "לייכטן שליט־וועגס" האָבן זיי געהאַט, די ערשטע גרינדער און אַרויסגעבער פון דעם "אידישן קעמפער". אפשר טאַקע פון דעם נעמט זיך דער קעמפערישער נאָמען פון דעם זשורנאַל, וואָס האָט נאָך צו יענער צייט פון פאַר מתן־תורה פון "ייוואָ" אויסלייג, זיך צוגעלייגט אַ פ' צו זיין קעמפערישער געשטאַלט...

דער "אידישער קעמפער" האָט אָבער דאַמאָלס געהאַט און האָט נאָך ביז היינט צו־טאָג מזל צו האָבן רעדאַקטאָרן וואָס זיינען אַלע געווען שרייבער און זשורנאַליסטן פון אַ הויכער מדרגה. דאָס האָט געמאַכט די צייטשריפט פאַר אַ פּרעסטיזשפולע פּובליציסטישע טריבונע, מיט אַ קלאָרן דרייסטן אידעאישן אונטערשלאַג, וועלכן ער טראָגט אויס, טאַקע אין אַ קעמפערישן טאָן, שוין מער ווי 80 יאָר.

צווישן די ערשטע רעדאַקטאָרן פון "קעמפער", וואָס האָבן געלייגט אַ חותם אויף דער ווייטערער געשטאַלטונג פון דער צייטשריפט מיט זיין ערנסטן אידעאָלאָגיש־פּובליציסטישן כאַראַקטער, זיינען געווען אַזעלכע באַקאַנטע שרייבער און זשורנאַליסטן ווי לעאָן כאַזאַנאָוויטש, יואל ענטין, קלמן מרמר, וועלכער האָט אַגב שפּעטער אַדורכגעמאַכט אַ פּאָליטישע טראַנספאָרמאַציע, וואָס איז צו יענער צייט נישט געווען קיין זעלטנהייט אין דעם פּאָליטישן קאָך־קעסל אויף דער ייִדישער גאַס. אויך דער באַקאַנטער שרייבער און דראַמאַטורג, דוד פּינסקי איז אַ צייט געווען רעדאַקטאָר פון "קעמפער". אויך דער באַרימטער פילאָלאָג און פּאָליטישער באַגרינדער פון "פּועלי־ציון", בער באָראָכאָוו, וואָס האָט אין דער צייט פון ערשטן וועלט־קריג געלעבט אין ניו־יאָרק, האָט אַ געווויסע צייט רעדאַקטירט דעם "קעמפער". דאָס זעלבע אויך מיט דעם באַרימטן פּובליציסט שלמה גראָדזענסקי, וועלכער האָט ביז זיין עולה זיין קיין ישראל אין די פופציקער יאָרן רעדאַקטירט דעם "קעמפער".

גאָר אַ קענטיקע השפּעה אויף דעם ניוואָ און געשטאַלטונג פון דעם זשורנאַל, האָט זיכער געהאַט דער באַרימטער זשורנאַליסט און אָראַטאָר בחסד עליון, חיים גרינבערג, וועלכער האָט במשך פון אַרום 20 יאָר רעדאַקטירט דעם ״אידישן קעמפער״.

חיים גרינבערג האָט זיך קונה־שם־געווען סיי בכתב, סיי בעל פּה, מיט זיין עלאָקווענץ אין דער זשורנאַליסטיש פּובליציסטישער וועלט אין זיין צייט, וואָס ווערט נאָך היינט באַוואונדערט פון די וועלכע האָבן געלעבט אין זיין דור, ווי אויך פון די וואָס האָבן אים געלייענט אָדער געהערט.

צווישן אַנדערן איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען זיין שאַרפן ״זשע אַקיוז״ (איך באַשולדיק) קעגן דער מעסיקער איינגעהאַלטנקייט פון דער יידישער פירערשאַפט אין אַמעריקע מיט דר. סטיווען ווייז בראש, אין יענע פינצטערע צייטן פון די נאַצי־שחיטות אויף יידן אין אַלע וועלט־טיילן. חיים גרינבערג איז געווען פון די ווייניקע יידישע גוזעלשאַפטלעכע טוער, זשורנאַליסטן און שרייבער, וואָס האָט אויף די שפּאַלטן פון ״קעמפער״ און אַנדערע טריבונעס, אין די שאַרפסטע ווערטער געטאַדלט די יידישע ״עסטאַבלישמענט״ אין אַמעריקע, פאַר אויספאָלגן די אָנווייזונגען פון רוזוועלטן און די פענטאַגאָן מענטשן אין וואַשינגטאָן, נישט ״איינצורייסן זיך דעם יאַשטשיק״ פאַר די אויסגעבלוטיק־טע יידן אין אייראָפּע דורך היטלערן.

דאָס קען זיין, האָט אפשר אויך באַווירקט זיין נאָכפאָלגער, דעם היינטיקן רעדאַקטאָר פון ״קעמפער״, מרדכי שטריגלער, נאָכצופאָלגן אין זיין אומקאָמפּראָמיסלאָזן קאַמף קעגן דער איבערבעטונגס־פּאָליטיק פון אַ סך יידישע וואָרטזאָגער אין באַצוג צו דער נאָך־מלחמה׳דיקער דייטשלאַנד, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין שטריגלערס האַרטנעקיקן קאַמף קעגן אָננעמען פּערזענלעכע און געזעלשאַפטלעכע ״אויסקויף פאָנדן״, די אַזוי גערופענע ״שילומים״־געלטער פון דער דייטשער רעגירונג. אַ פאַקט, אַז טראָץ די שווערע פינאַנציעלע לאַגע פון דער צייטונג, האָט מרדכי שטריגלער אָפּגעזאָגט דעם אָנבאָט פון דר. נחום גאָלדמאַן אין זיין צייט, אָנצונעמען אַ סובסידיע פון די דייטשע שילומים־געלטער פאַר דעם ״אידישן קעמפער״.

בכלל איז אונטער דער רעדאַקציע פון דעם היינטצייטיקן רעדאַקטאָר פון ״קעמפער״, מרדכי שטריגלער, אַ תלמיד־חכם, באַגאַבטער שרייבער און זשורנאַליסט, די צייטשריפט אַוועקגעשטעלט אויף אַ הויך פּובליציסטיש־אינפאָרמאַטיוון ניוואָ. די פּראָבלעמען וואָס קומען צום אויסדרוק אין זשורנאַל נעמען אַרום די וויכטיקסטע תוך־ענינים מיט וועלכע עס לעבט און אָטעמט די ישראל־געזעלשאַפט, ווי אויך די יידן אין די תפוצות. דאָס וויכטיקסטע איז, אַז די פּראָבלעמען און פראַגן וואָס קומען צום אויסדרוק אין זשורנאַל, גייען אָפּטמאָל ווייט אַרויס פון דעם ענגן קוק־ווינקל פון דער ציוניסטישער

אַרבעטער־באַוועגונג נאָר איז געווען פריי, נאָך קאָנפאָרמיסטיש צו נעמען אַ שטעלונג וואָס קען זיין נישט "פּאָפּולער" אין די שאַבלאָנע ענגע פּאַרטיי־קרייזן, סיי פון אַ רעכטן אָדער לינקן אָנזנויג...

דאָס קומט ספּעציעל צום אויסדרוק אין דער אינטערעסאַנטער רובריק און אינפאָרמאַציע פון ישראל־לעבן, וואו געוויסע זעלבסט קריטיק פון אידעאיש־פּאָליטישן כאַראַקטער, ווערט הויך אָפּגעשאַצט סיי פון "אייגענע" און אויך פון קעגנער.

זאָל צום שבח אויך דערמאָנט ווערן די צוויי יום־טוב׳דיקע אינהאַלטסרייכע זאַמלביכער פון "קעמפער" וואָס דערשיינען יעדעס יאָר לכבוד פסח און ראש השנה, וואָס זיינען אינטערעסאַנט און אייגנאַרטיק מיט דער גרויסער באַטייליקונג פון די בעסטע יידישע שרייבער, דיכטער און עסייאיסטן וואָס מיר פאַרמאָגן נאָך היינט, און שטעלט דערמיט אַוועק דעם זשורנאַל אויף אַ חשובן אָרט פון דער יידיש־ליטעראַריש פּעריאָדישער פּובליציסטיק.

**מאַי 1988**

# 95 יאָר "צוקונפט" אין אַמעריקע

95 יאָר אין לעבן, סיי פון אַ יחיד, סיי פון אַ באַוועגונג אָדער אינסטיטוציע (אויב זי דערלעבט צו דער צייט...), איז אַ גענוג בכבודיקער עלטער זיך אָפּצוגעבן אַ חשבון, מאַכן אַ שטיקל סך־הכל פון אירע טעטיקייטן, האָפענונגען און אַנטוישונגען, דערגרייכונגען און דער עיקר, די פּערספּעקטיוו אויף ווייטער אין ליכט פון די אַוועקגייענדע יאָרן.

ס'איז ביז גאָר אינטערעסאַנט און באַלערנד צו בלעטערן די פאַרגעלטע און שוין צעפאַלענע בלעטער פון די סאַמע ערשטע נומערן פון דעם "צוקונפט" זשורנאַל, וואָס איז דערשינען צום ערשטן מאָל, מיט 95 יאָר צוריק. אַדורכגעגאַנגען, אַ סך וואַסער איז אין האַדסאָן טייך זינט יענער צייט ווען אַ פּאָר יחידים מיט אַן אַלטרואיסטישער וועלט־אַנשויאונג האָבן פאַרטראַכט אַרויסצוגעבן אַ וויסנשאַפטלעכן מאָנאַט־שריפט אויף "זשאַרגאָן", גלויבנדיק אין אידעען און אַקסיאָמען פון "ריינעם און לויטערן וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזמוס־מאַרקסיזמוס" (פון דעם ערשטן פּראָגראַם נומער די "צוקונפט", יאַנואַר 1892).

די ערשטע רעדאַקטאָרן פון דער "צוקונפט" האָבן דורך כלומרשט־וויסנשאַפטלעכע באַווייזן, געקנעלט מיט די לייענער, די נאַר־וואָס געקומענע עמיגראַנטן פון פּוילן, ליטע און רוסלאַנד, די שיטה פון אַטעאיזם, וואָס האָט פאַר זיי אָפּטמאָל געקלונגען פיל האַרטער און שווערער ווי דאָס תרגום־לשון פון מעביר־זיין די סדרה אין די פרייטאָג נאָכמיטאָגס אין די שטעט און שטעטלעך פון יענער זייט ים...

אויך דער קאָסמאָפּאָליטיזם מיט זיין אידעאישן "גלויבנס־געגנאָסע", דער אַנאַרכיזם, וואָס האָט צו יענער צייט באַוויזן צו פאַרכאַפּן דעם געדאַנקענגאַנג פון גרויסע טיילן פון דער יידישער אינטעליגענץ און אָנשטעקן דערמיט אויך געוויסע קרייזן פון דער יידישער האָרעפּאַשנער אָרעמקייט, וואָס האָט שווער און ביטער געהאָרעוועט און געלעבט אין די טענעמענט־הייזער פון דער איסטסייד אין ניו־יאָרק, האָט אויך באַוויזן צו לייגן זיין שטעמפּל און גענוג "פּובליסיטי" אין די נאָר־וואָס דערשינענע העפטן פון דער "צוקונפט".

צום גליק האָט אָט די ג־טלאָזיקייט און דער אידעאישער מיש־מאַש ניט אָנגעהאַלטן לאַנג. זיי זיינען זיך צעשאָטן און פונאַנדערגעפאַלן אין די האַרטע גראַניט־שטיינער פון די היסטאָרישע אַנטוויקלונגען און ווידערשפּרוכן, וואָס האָט אָט די אויפגעפּאַסונגען און פילאָזאָפישע געזעץ ווי זיי וואַלגערן זיך אויף די צעשטויבטע וועגן פון אונזער גרויער און האַרטער ווירקלעכקייט.

ווי פון אַ ווייטן און אומבאַקאַנטן פּלאַנעט, רעדן צו אונז די פאַרגעלטע צעשאָטענע בלעטער פון די ערשטע "צוקונפט"־נומערן, וואו אַפילו די

הימלען (געשריבן אַגב לויט דעם אַלטן אויסלייג מיט 2 מעמ׳ס, היממלען) האָבן ווייט ניט ״קאָאָרדינירט״ מיט דער פילאָזאָפישער איינשטעלונג פון די דאַמאָלסדיקע רעדאַקטאָרן, די פייגנבוימס און קראַנץ, וועלכע זיינען פאראַפראַזירנדיק אַן אויסדרוק פון הלל צייטלין ע״ה, אין אַ דעבאַטע מיט אַ גרויסן יידישן שרייבער (יצחק לייבוש פרץ) ״ער האָט הימלען, אָבער קיין ג־ט איז אין זיינע הימלען רחמנא ליצלן נישטאָ״... (הלל צייטלין האָט אַגב שפּעטער פולשטענדיק רעווידירט זיינע אימפּולסיווע אָרויסזאָגונגען וועגן פרץ׳עס כלומרשטער ג־טלאָזיקייט).

ווי געזאָגט, האָט דער דאָזיקער אָטעאיסטישער צוגאַנג פון די רעדאַקטאָרן און אַרויסגעבער פון דער ״צוקונפט״ ניט אָנגעהאַלטן לאַנג. די ווייטערע רעדאַקטאָרן און ספּעציעל דער פּאָלקסטימלעכער און נאַציאָנאַלער דיכטער אַברהם ליעסין, האָבן ווי אויפגעמאַכט די פענצטער און אַריינגעלאָזט פרישע לופט אין די טוכלע אַפּיקורסישע רעדאַקציאָנעלע צימערן פון דער ״צוקונפט״.

אונטער אַברהם ליעסינס רעדאַקציע, איז די ״צוקונפט״ געוואָרן ניט נאָר די וויכטיקע, נאָר טאַקע דער סאַמע וויכטיקסטער יידישער חודש־זשורנאַל אין אַמעריקע, און דערמיט אויך אין דער ליטעראַרישער און קולטור־וועלט בכלל. נישט געווען קיין שרייבער אין אייראָפּע און אַמעריקע, וואָס זאָל זיך ניט באַמיען אַז זיינע שאַפונגען זאָלן ווערן געדרוקט אין דעם ״צוקונפט״ זשורנאַל אין אַמעריקע.

געווען צייטן ווען דער זשורנאַל איז געוואָרן רעדאַגירט אונטער אַ קאָלעגיום פון שרייבער און דיכטער, וואָס אַלע צוזאַמען און יעדער באַזונדער האָט זיך געהאַט זיין פאַרדינטן זכות הקיום אין דער ליטעראַרישער און דיכטערישער וועלט, אָבער קיינמאָל האָט די ״צוקונפט״ ניט געהאַט זיין הויך־קינסטלערישן און ליטעראַרישן ניוואָ, ווי אונטער דער רעדאַקציע פון דעם פיין־פילנדן נאַציאָנאַלן דיכטער און זשורנאַליסט בחסד עליון אברהם ליעסין.

עס הייבן־אָן דערשיינען אויף די שפּאַלטן פון דער ״צוקונפט״ מאמרים און אַרטיקלען וואָס רעאַגירן אויף דערשיינונגען פון יידישן און אַמעריקאַנער לעבן, ניט דווקא פון זיין ליטעראַריש־קינסטלערישן קוק־ווינקל. טאַקע אונטער דער רעדאַקציע פון אברהם ליעסין, ווערט די ״צוקונפט״ אַן אָרגאַן וואָס נעמט אַ שטעלונג צו אַלץ וואָס קומט פאָר אין אַלגעמיינעם און אין יידישן לעבן אין אַמעריקע.

עס איז די צייט ווען עס שטאַרקן זיך די נאַציאָנאַלע שטימונגען ביי יידן אין גאָר דער וועלט, מיטן ווילן און דראַנג צו בויען אַ יידיש היימלאַנד אין ארץ ישראל. עס האָבן זיך שוין דאָרט געהאַט אויפגעבויט פאַרשידענע מושבים און

קיבוצים, וואָס דורך שילדערונגען פון חלוצישן און אַלגעמיינעם לעבן אין דער אַמאָליקער פּאַלעסטינע, קומען בולט צום אויסדרוק אין דער "צוקונפט" אינטערעסאַנטע רעפּאָרטאַזשן און קינסטלערישע נאָוועלן און דערציילונגען פון דאָרטיקע און אַמעריקאַנער יידישע שרייבער, וואָס קומען אויף אַ קורצן אָדער לענגערן באַזוך אין לאַנד אַריין.

די שוואַרצע נאַכט וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דעם אייראָפּעאישן אידנטום מיט דער מורא'דיקער אויסראָטונג אין די מלחמה־יאָרן – און דער ליכטיקער אויפקום, נאָך קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר, פון אַ יידישן זעלבסטשטענדיקן שטאַט ־ האָט פאַרשטענדלעך געפונען זיין אויסדרוק אויף די שפּאַלטן פון דער "צוקונפט", געשריבן פון פאַרשידענע שרייבער.

דאָס קינסטלערישע בעלעטריסטיש־ליטעראַריש וואָרט האָט שטענדיק דאָמינירט אין אַלע שילדערונגען און אַספּעקטן אין דעם זשורנאַל, די פריידיקע ווי די טרויעריקע, סיי דער חורבן, סיי די ווידער־באַנייאונג פון אַ יידיש לעבן אין אַ וועלכן עס איז יידישן קיבוץ אין דער וועלט. אָבער אין דער ערשטער פּריאָריטעט, אין אויסגעבענקטן און אויסגעקעמפטן יידישן היימלאַנד, ישראל.

מיט דער צייט האָבן וואָגיקע פּובליציסטישע או דרייסט נאַציאָנאַל קעמפערישע אַרויסזאָגונגען בנוגע אַלע ענינים וואָס שטייען ברומו של עולם, פאַרנומען אַ גאָר חשובן פּלאַץ איף די פאָדערשטע עמודים פון דעם "צוקונפט" זשורנאַל.

אין די לעצטע 50 יאָר, האָט די וועלט, און מיר יידן, אַדורכגעמאַכט געוואַלדיקע אויפטרייסלונגען, ענדערונגען, דורכפאַלן, דערגרייכונגען, וואָס האָבן נישט קיין גלייכן אין דער געשיכטע. אָט דער גאַנצער קאַליידאָסקאָפּ פון די גורלדיקע צייטן איז געקומען צום אויסדרוק סיי אין פּאָזיטיוון, סיי יאין נעגאַטיוון, אויף די אַמאָל ברייטערע, אָבער לעצטנס ליידער מאָגערע זייטלעך פון דער "צוקונפט".

עס איז אַ ווייטער מהלך פון יענער ערשטער "זשאַרגאָנישער" אויסגאַבע פון דער "צוקונפט" פון די אַמאָליקע אידעאישע קאָנצעפּציעס פון "רעוואָלוצמוס" און "סאָציאַליזמוס" פון די ערשטע נומערן ביז צום היינטיקן שעפערישן, ליטעראַרישן וואָרט, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אויף די עמודים פון דער "צוקונפט", אין אַלע זשאַנערן און וואַריאַציעס, ווי פּראָזע, פּאָעזיע, עסייאיסטיק, ליטעראַטור־קריטיק מיט דער פולער אחריות פאַר דעם בעסערן יידישן וואָרט.

אַוודאי גיבן מיר זיך אָפּ אַ חשבון וועגן די אָביעקטיווע און סוביעקטיווע סיבות פון דער מאָגערער און דער שמאָלער און בצמצום'דיקער קאָנסומציע

אין קרייז פון געטרייע ליבהאָבער פון אַלץ וואָס איז יידיש־שעפעריש, וואָס ווירקט זיך טאַקע אויס, אַז דער קיום און המשך פון די נאָך פאַרבליבענע פּעריאָדישע צייטשריפטן און זשורנאַלן ראַנגלען זיך פאַר זייער עקזיסטענץ און קיום.

די "צוקונפט" איז אויך אַ רינגעלע אין דער גרויסער קייט פון די קריזיס־פּאָזיציעס וואָס דער יידיש־יידישער וועלטלעכער סעקטאָר איז באַדראָט פון די אַנגליזאַציע און אַסימילאַציע טענדענצן וואָס האָבן באַהערשט און זיך איינגעבירגערט אויף דער יידישער גאַס.

אויב עס באַמערקן זיך לעצטנס שוואַכע אָבער דאָך באַמערקבאַרע סימנים פון אַ געוויסער ענדערונג און אינטערעס אויף דעם געביט פון אידענטיפיקאַציע און נאָסטאַלגישע זוכונגען ביי אונזער יוגנט, נישט בלויז צו פרומער יידישקייט, נאָר בכלל צו דעם עבר פון זייערע טאַטעס און זיידעס, טראָגט־צו אויך די "צוקונפט" איר באַשיידענעם באַשטייער צו אָט דער פּאָזיטיווער, און לאָמיר האָפן, צו אַ מער איינגעפונדעוועטער און פערמאַנענטער דערשיינונג.

די "צוקונפט", וואָס איז אַלעמאָל געווען די פּאַראייניקטע טריבונע פון אַלע שעפערישע כוחות אין דער יידישער געזעלשאַפט, דאַרף זיין היינט נאָך מער ווי אַלע מאָל, אַ פּאַראייניקטע דערמוטיקונג פון אַלע פאַרבליבענע יידישע קולטור און ליטעראַטור־כוחות אין אַמעריקע, צו פאַרזיכערן אַז די "צוקונפט" זאָל אויך אויף ווייטער זיין אַ באַשטאַנד־טייל פון דער יידישער קולטור אין די צוקונפט יאָרן פון יידישן לעבן.

**אויגוסט 1987**

## געשטאַלטן פון שטעטל

# מיין זיידע ר׳ בונם שו״ב ז״ל

געווען איז מיין זיידע איינער פון די פיר עלטסטע שוחטים פון שטאָט. די פונקציע זיינע ווי אַ שוחט, האָט ער אויסגעפירט ביז זיין טיפן עלטער. ווען ער האָט אָנגעהויבן פילן אַז די הענט ציטערן אים, האָט ער געבעטן מען זאָל אים באַפרייען פון דער פאַראַנטוואָרטלעכער עבודה צו זיין אַ שוחט, און קהל האָט אים לויט יענע מעגלעכקייטן באַשטימט אַ בכבוד׳יקע פענסיע.

ער האָט אָבער געהאַט נאָך אַ פונקציע, פון וועלכער ער האָט נישט געוואָלט און נישט געקענט זיך באַפרייען ביז גאָר אין טיפן עלטער אַריין – דאָס איז געווען זיין חזקה, צו זיין בעל־שחרית אין די ימים־נוראים אין דער גרויסער שול, ווי אויך אין די שבתים פון שבת־מברכים. די וואָס געדענקען יענע צייטן, וואָס זענען געבליבן לעבן נאָך דעם חורבן, ריידן נאָך ביז היינט וועגן דעם איינדרוק וואָס דער דאָזיקער דאַווענען האָט אויף זיי איבערגעלאָזט.

דער זיידע האָט נישט געהאַט קיין ספּעציעל הויכע און אויסגעשולטע שטימע ווי אַ חזן אָדער אַ זינגער – זיין דאַווענען האָט אָבער געהאַט אין זיך עפּעס אַזוינס וואָס האָט ״צענומען״; זיין ״זאָגן״ האָט דערפירט צו השתפכות־הנפש ממש, מ׳האָט געפילט אַז פאַרן עמוד שטייט טאַקע דער ריכטיקער שליח־ציבור, וואָס מאָנט ביים רבונו־של־עולם פאַר זיין עדה, פאַר זיי קהילה, פאַר דעם גאַנצן כלל־ישראל. מען פלעגט הערן ווי די פרויען, אַרויסגייענדיק פון דאַווענען פלעגן ביים איבערגעבן זייערע איינדרוקן פון די תפילות, צוגעבן מיט אַ שטילן קרעכץ: ״איי, האָט ר׳ בונם היינט געדאַוונט, אַז נאָר ישועות און נחמות דאַרפן קומען אויף יידן״.

אין שבתים ווען ער האָט נישט געדאַוונט און שול האָט ער געדאַוונט אין גערער שטיבל, וואו ער האָט געהאַט זיין פלאַץ אויפן סאַמע אויבן־אָן, לעבן די בכבודיקסטע באַלעבאַטים פון שטיבל.

צו יענער צייט, ווען איך בין שוין געווען אַפילו טעטיק אין דער יוגנט אָרגאַניזאַציע ״דרור״ (רעכטע ״פועלי־ציון״), האָב איך פון דעסטוועגן יעדן טאָג נישט פאַרפעלט דאָס לערנען דעם שיעור ביים זיידן. דעם עיקר פון לערנען איז געווען אויסגעפילט מיט לערנען מוסר. ער האָט זיך באַמיט מיט אַלע מעגלעכע אַרגומענטאַציעס אויסצוגלייכן און אָפּשלאָגן אַלע דורכרייסן און אָפּנייגן פון דעם טראַדיציאָנעלן יידישן לעבנס־שטייגער.

דאַרף דאָ באַמערקט ווערן אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג, דער זיידע, זייענדיק ערליך פרום און אַ גאָר שטרענג אָפגעהיטענער ייד, האָט דאָך באַוויזן אויפצוכאַפן די נייע ווינטן וואָס האָבן אָנגעהויבן בלאָזן און זיי זיך קעגנשטעלן נישט מיט עקסטרעמע נטורי־קרתא׳דיקע מיטלען ווי ס׳איז געווען דער שטייגער אין געוויסע אָרטאָדאָקסישע קרייזן. פאַרקערט, ער האָט אָנגענומען אַן אַנדערע סטראַטעגיע, ער האָט געפרואווט מיט קליינע קאָנצעסיעס אָפגעבנדיק געוויסע ״לייכטע״ פאָזיציעס, איינצוהאַלטן די גאַנצקייט פון דעם אַלגעמיינעם בנין.

עס דערמאָנט זיך מיר דער ווייטערדיקער עפיזאָד: אויף אַ געוויסן שבת איז געקומען צו פאָרן אַ גאַסט פון וואַרשע קיין זשיראַרדאָוו, געווען איז עס אַ ייד וואָס פלעגט זיך האַלטן פאַר אַ גערער חסיד און געדאַוונט אין גערער שטיבל. ער איז אָבער מיט דער צייט ״קאַליע־געוואָרן״ – אָנגעהויבן זיך קליידן אייראָפעאיש און געוואָרן אַן אַקטיווער טוער אין צענטראַל קאָמיטעט פון ״מזרחי״ אין פוילן. דאָס איז געווען ר׳ לייב שטשעראַנסקי, וואָס איז שפעטער געווען באַקאַנט ווי דער ״מזרחי״ דאזאר אין דער וואַרשעווער קהילה און אויך דער אינסטרוקטאָר פון דעם ״קרן־היסוד״ אין פוילן.

געקומען איז ער צו גאַסט אין זיין היימשטעטל און עס האָט זיך אים פאַרגלוסט צו גיין דאַוונען אין ״זיין״ גערער שטיבל, וואו ער האָט טאַקע געדאַוונט פריער אַ סך יאָרן. פאַר די גבאים פון שטיבל האָט זיך געשטעלט אַ שווער פראָבלעם. פון איין זייט איז ער דאָך אַ גאַסט, און אַן אורח דאַרף מען מכבד זיין מיט אַן עליה, אָבער פון דער צווייטער זייט האָט זיין אייראָפעאישע קליידונג און זיין צוגעפוצט געשוירן בערדל, נישט האַרמאָנירט מיט דער גאַנצער סביבה פון גערער שטיבל און נישט אַריינגעפאַסט זיך אין דעם נאָרמאַלן סדר פון שטיבל.

דער גבאי פון שטיבל איז דאַן געווען דער חשובער חסיד ר׳ ראובן בראָמבערג, דער בעל־קורא איז געווען מיין זיידע, איך בין דאַן געשטאַנען נישט ווייט פון זיידן, וואו עס זיינען פאָרגעקומען די ״פאַרהאַנדלונגען״ צווישן אים און דעם זיידן, וועגן דער געשאַפענער סיטואַציע און ווי צו לייזן דעם פראָבלעם״ מיט דער עליה? צו מיין צופרידנהייט (מיין סימפאַטיע איז שוין צו יענער צייט געווען אויף דער זייט פון די קורצערע קליידער און אַרומגעשוירענע בערדלעך...) האָט דער זיידע אַנטשידן צו געבן דעם גאַסט אַן עליה.

שבת פאַרנאַכט, צו שלוש־סעודות, אין דער אָפוועזנהייט פון גאַסט, האָט זיך אין שטיבל אָנגעהויבן אַ שטורעם – היתכן, הלמאי האָט מען דעם מזרחיסטישן מנהיג מכבד געווען מיט אַן עליה אין גערער שטיבל... געדענק איך, ווי דער זיידע האָט מיט זיין שטילן געלאַסענעם טאָן באַוויזן צו

פאַרטיידיקן זיין שטאַנדפּונקט און איינשטילן די צעהיצטע געמיטער מיט דער אַרגומענטאַציע, אַז מיטן געבן די עליה האָט מען אויסגעמיטן פון עובר זיין אויף דער זינד פון המלבין פני חבירו ברבים. וואָלט דער גאַסט נישט געקריגן קיין עליה וואָלט ער זיך זיכער פאַרשעמט. אויך דאָס וואָס דער גאַסט אַרבעט פאַרן ישוב ארץ־ישראל, הגם מיט די פרייע צוזאַמען, דאַרף מען עס צורעכענען פאַר אַ זכות.

אויך אַ צווייטער עפּיזאָד דערמאַנט זיך: געווען איז עס ביי דער דערעפענונג פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים. וואָס איז געפייערט געוואָרן מיט גרויס באַגייסטערונג פון דעם יידישן ישוב אין פוילן. אויך אין זשיראַרדאָוו איז אַזאַ פייערונג דורכגעפירט געוואָרן. עס זענען געווען רעדעס און באַגריסונגען פון אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט. צווישן די באַגריסערס איז אויך געווען ר' יעקב פּייוול גרינבוים, אַ גערער חסיד און אַ דאזאר אין דער קהילה.

דעם נאָענטן שבת האָט די האַנדלונג פון דעם אָרטאָדאָקסישן דאזאר אַרויסגערופן אַ שטורעם אין גערער שטיבל. ס'האָבן זיך געפונען אַזעלכע וואָס האָבן זיך שטאַרק געהיצט און פשוט פאַרלאַנגט אַז פאַר אַזאַ "עבירה" פון באַגריסן אַזאַ טריפה'נע זאַך ווי אַן אוניווערזיטעט, דאַרף מען יעקב פּייוולען אַרויסוואַרפן פון שטיבל.

אויך דאָ איז דער זיידע געווען אויף דער זייט פון די "מקילים". ער האָט גע'טענה'ט: "די אוניווערזיטעט איז דאָך געשאַפן געוואָרן אַרויסצוגעבן יידישע דאָקטוירים, און קיינער וועט דאָך נישט אָפּפרעגן אַז אַ יידישער דאָקטאָר איז זייער אַ נוצלעכער ענין סיי פאַר די יידן אין ארץ ישראל און סיי פאַר די יידן אומעטום, איז עס דעריבער גאָרנישט אַזאַ עבירה אויב מען באַגריסט די שאַפונג פון אַן אוניווערזיטעט".

דער זיידער פלעגט צו אונז אַריינקומען יעדן טאָג און לייענען די יידישע טאָג־צייטונגען. דעם "היינט", אָדער "מאָמענט", וואָס די "אויפגעקלערטע" איניקלעך פלעגן ברענגען אין שטוב אַריין. ער איז געווען אַלזייטיק אינפאָרמירט וואָס עס טוט זיך אין יידישן לעבן. איך פלעג האָבן אַ ספּעציעלע סאַטיספאַקציע זעענדיק ווי דער זיידע לייענט אַ מאמר פון נחום סאָקאָלאָוו אין אַ פרייטיק'דיקן "היינט", האָבנדיק דערביי הנאה פון סאָקאָלאָווס פרעכטיקן און שאַרפזיניקן סטיל. ער האָט געהאַט פאַרגעניגן פון לייענען אים, הגם ער איז מיט די מיינונגען און געדאַנקען פון מחבר ניט שטענדיק געווען איינשטימיק.

ביז די גאָר שפּעטע יאָרן, ווען ער איז שוין געווען שוואַך אין געזונט, פלעגט ער דאָך נישט וועלן אויפגעבן זיין שבת נאָכמיטאָג־שיעור אין דער

שוהל, וואו ער האָט מיט דעם עולם געלערנט "עין־יעקב". ווען ער האָט ניט געקענט אַרויסגיין איז ער געזעסן אין זיין חדר־מיוחד און עוסק געווען אין לערנען. די שטוב איז אָבער שטענדיק געווען פול מיט מענטשן, וועלכע פלעגן קומען צו אים וועגן פאַרשידענע שטאָטישע ענינים און גאָר אָפט טאַקע זיך אָן עצה האַלטן וועגן ריין פריוואַטע ענינים. זיין גראָדליניקער שכל־הישר האָט אים נישט פאַרלאָזט ביז זיינע לעצטע טעג.

אין דעם לעצטן ראש־השנה פאַר זיין פטירה, ווען ער האָט צוליב זיין גאָר שוואַכן געזונט שוין נישט געקענט מער קומען צום דאַוונען, האָט די לאַנגע רייע מענטשן וועלכע זענען געקומען צו אים אין הויז ווינטשן אַ לשנה־טובה, אַרויסגערופן די אויפמערקזאַמקייט פון די פאָר נישט־יידישע שכנים אין הויז. ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, זענען זיי אויך געקומען צום זיידן און געבעטן אַז ער זאָל זיי אויך בענטשן צום יידישן ניי־יאָר...

געשטאָרבן איז ער אַ קנאַפּע יאָר פאַר דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אַרומגערינגלט מיט כבוד און פאַרערונג פון זיינע קינדער, אייניקלעך און משפחה. דער יידישער קיבוץ אין זשיראַרדאָוו האָט אויפריכטיק געטרויערט אויף דעם אַוועקגיין פון איינעם פון יענער צייט שיינע געבליבענע געשטאַלטן, וואָס האָבן דערמאָנט די צייטן ווען דאָס טראַדיציאָנעלע יידישע לעבן האָט כאַראַקטעריזירט און פערזאָניפיצירט דאָס פוילישע יידנטום.

# הרב ר׳ יוסף קופיעץ ז״ל

מיט זיין אויסערליכן אויסזען און זיין הלבשה, האָט ער זיך נישט אונטערשיידט פון קיין שום ייד ביי אונז אין שטאָט. נישט געקוקט וואָס ער האָט אין משך פון פערציק יאָר אָנגעהאַלטן דעם בכבודיקן אַמט פון מורה־הוראה אין זשיראַרדאָוו, האָט ער די גאַנצע צייט נישט געוואָלט אָנטאָן דעם רבנישן ״קאלפאק״ און די ברייטע רבנישע קאַפּאָטע. די איינציקע ״קאָנצעסיע״ וואָס ער האָט זיך דערלויבט צו מאַכן כדי צו אונטערשיידן די חשיבות פון זיין רבנישער פונקציע איז געווען, וואָס ער האָט נישט בלויז שבת, נאָר אויך אין יעדן פראָסטן וואָכן־טאָג, געטראָגן אַ סאַמעטן היטל ווי עס פלעגן דאָס טראָגן אַ סך יידן נאָר לכבוד שבת.

מיט אַ לאַנגע שוואַרצע קאַפּאָטע, די הענט אַריינגעשטעקט אין גאַרטל, סיי ביים דאַוונען און סיי נאָכן דאַוונען, אַ צעשויבערטע ווייסע באָרד מיט שוואַרצע געדיכטע אויגן־ברעמען, פלעגט מען אים אָפט זען אין גאַס, האַלטנדיק זיך וואָס נענטער צו דער וואַנט; די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, היטנדיק זיך אַזוי אַרום, חלילה נישט צו קומען צו נאָענט צו וועלכער נישט איז פאַרבייגייענדיקער אשה. טאָמער איז אָבער דאָך אַנטקעגנגעקומען, אומגערן, אַ פרוי אויפן וועג, פלעגט ער איר ״ריטערליך״ אָפּטרעטן דעם וועג, אַפילו ווען ער האָט צוליב דעם געמוזט אַרויפגיין אויפן מיטן גאַס וואו די פורן זענען געפאָרן און האָבן מיט זייער רעש אים זיכער מבלבל געווען זיינע געדאַנקען, וואָס זיינען שטענדיק געווענדעט געווען צום הימל.

אויף וויפל ס׳איז אים נישט אָנגעגאַנגען די גאַנצע וועלט, וועלכע ער האָט פשוט איגנאָרירט, האָט ער אָבער אַרויסגעוויזן אַ געוואַלטיקע עקשנות, עקסטרעמקייט און שטאַרקן ווילן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט צו פאַרטיידיקן די פרינציפּן פון פרומען יידישקייט מיט אַלע אירע צוימען און סייגים, אָן וועלכע עס איז קאָמפּראָמיסן וואָס האָבן זיך באַוויזן אין דער נייער צייט.

אַליין אַ גערער חסיד, פלעגט ער אין גערער שטיבל נישט איין מאָל מעכב־הקריאה זיין, ניט לאָזן לייענען, און גערופן די חסידים צו קעמפן קעגן דער פאַרשפּרייטונג פון די פרייע אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט.

דערמאָנט זיך מיר, איין מאָל יום־כיפור נאָך שחרית איז ער אַריינגעלאָפן געוואַלטיק אויפגערעגט און אויפגעבראַכט מיט אַלאַרם, אַז בכן נישט ווייט פון גערער שטיבל, אין דעם יידישן פראָפעסיאָנעלן פאַראיין, עסן יונגען מיט מיידן בפרהסיא אַ מיטאָג אין דעם הייליקן יום־כיפור תענית.

פאַרשטייט זיך אַז דאָס האָט אַרויסגערופן אין שטיבל אַ רעש. עס האָבן זיך באַלד געפונען אַ פּאָר פרייוויליקע וועלכע זענען מיטן מורה־הוראה אַוועק צו

דעם פּראָפעסיאָנעלן פּאַראַיין זען וואָס עס קומט דאָרט פאָר. צוגעקומען צום לאָקאַל זענען זיי דורך די אויפגעפּראַלטע פענצטער אין דער נידער צום הויף, ווי אינעווייניק שטייט אַ יונגערמאַן ביי אַ טיש און רעדט פאַר אַ שיטערן עולם, אפשר אַ צוויי צענדליק בחורים און מיידלעך, וועלכע זענען ביים אָנקומען פון די חסידים געוואָרן דערשטוינט, נישט ווייסנדיק מיט וואָס אויסצוטייטשן דעם וויזיט פון די אומגעריכטע געסט.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די אינפאָרמאַציע פון מורה־הוראה איז געווען אַ ביסל נישט פּונקטלעך. אַנשטאָט אַ מיטאָג, איז גאָר אין לאָקאַל פאָרגעקומען אַ מיטינג וועגן דער באַדייטונג פון די רעליגיעזע ימים־טובים.

אַגב איז דער דאָזיקער מיטינג נישט גאָר שטאַרק געווען באַזוכט, ווייל אויך דער פרייער עולם האָט אַנשטאָט צו קומען אויף דעם אַנטי־רעליגיעזן מיטינג אויסגעזוכט אַנדערע ערטער וואו צו פאַרברענגען דעם יום־כיפור טאָג...

איינע פון די מצוות פאַר וועלכע דער מורה־הוראה האָט געקעמפט מיט ברען און אייפער איז געווען, אַז די יידן פון זיין שטאָט זאָלן נישט מחלל־שבת זיין. יעדן פרייטיק פאַרנאַכט פלעגט מען אים זען אַרומגיין איבער די יידישע קראָמען און בעטן די סוחרים זיי זאָלן צומאַכן די געוועלבן צו דער צייט פאַר ליכט־בענטשן. אָפטמאָל האָבן די קרעמער מקריב געווען דעם בעסטן פדיון פון דער וואָך, אַבי נישט מצער צו זיין און קומען אין קאָנפליקט מיט ר׳ יוסף.

וועגן נאָך אַן עפּיזאָד וואָס האָט אויף מיר איבערגעלאָזט אויף לאַנגע יאָרן אַ טיפן איינדרוק, ווילט זיך דאָ פאַרציילן.

געווען איז עס אין איינעם פון די שבתים פון סוף זומער. אויף די מויערן אין די יידישע קוואַרטאַלן איז דורך גרויסע פּלאַקאַטן אַנאָנסירט געוואָרן, אַז אויף שבת וועט אָפּקומען פון וואַרשע דער באַקאַנטער און פּאָפּולערער געזעלשאַפטלעכער פירער פון די לינקע ״פועלי־ציון״, יוסף זרובבל, וועלכער וועט האַלטן אַ רעפעראַט אין אַ גרויסן עפנטלעכן זאַל.

ר׳ יוסף האָט אין דעם געזען אַ חילול שבת בפרהסיא, בפרט נאָך אַז דאָס איז געווען שבת־תשובה. דער מורה־הוראה האָט דאַן באַשלאָסן זיך אַוועקצושטעלן אַליין, האַרט ביים אַריינגאַנג פון זאַל און אויף אַ גאָר מאָדערנעם אופן ״פּיקעטירן״ די פאַרלעזונג. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז מיט זיין ״שטיין אויף דער וואַך״ וועט ער אָפּהאַלטן די יונגוואַרג פון די רעליגיעזע און חסידישע היימען צו באַזוכן די פאַרלעזונג.

אין אָנהויב האָט זיך טאַקע אויסגעדאַכט אַז דער מורה־הוראה האָט געזיגט; זייער פיל מענטשן און באַזונדערס די יוגנט פון די אָרטאָדאָקסישע היימען, האָבן זיך טאַקע געוואַקלט צו קומען אין קאָנפליקט מיט זייערע עלטערן. אין גרופּן האָבן זיי שפּאַצירט אויף דער צווייטער זייט גאַס,

אָנעמענדיק דערוויל ״אָן אָפּוואַרטנדיקע״ שטעלונג, צוקוקנדיק זיך צום רעזולטאַט פון דעם מורה־הוראה׳ס אינטערווענץ. ביסלעכווייז אָבער האָבן זיך געפונען יחידים פון אָט די קרייזן וועלכע האָבן געבראָכן די ״בלאָקאַדע״ און האַלב שעמעוודיק זיך אַריינגעשלייכט אין זאַל. דאָס איז געווען ווי אַ דערמוטיקנדיקער ביישפיל פאַר אַ סך אַנדערע, שוואַכערע, וועלכע זענען שוין איצט מיט מער דרייסטקייט און פריי אַריינגעשטראָמט אין זאַל אויף דער פארלעזונג.

אַ געוואַלטיקער צער און אומעט האָט זיך אָפּגעשפיגלט אין די אויגן פון דעם אַלטן מורה־הוראה, ווען ער האָט געזען ווי די יוגנט, זיין יוגנט, קינדער פון באַלעבאַטישע און רעליגיעזע היימען וועלכע האָבן זיך ביז איצט געוואַקלט, האָבן איצט דרייסט און אָפן, שנעל און האַסטיק, ווי וועלנדיק אַדורכברעכן אַלע שטערונגען און שטרויכלונגען אַריבערגעשפרייזט די שוועל פון דעם גרויסן פארלעזונגס־זאַל.

ווי אַ פעלז וואָס ווערט פאַרשווענקט פון אַ שטראָמיקן טייך, איז ער געשטאַנען דער מורה־הוראה, איינער אַליין, אויפן מיטן טראָטואַר, ווען די שטורעמדיקע לעבעדיקע ״כוואַליעס״ זענען איצט פראַנק און פריי געפלאָסן פון אַלע זייטן און ווי געזוכט אַ וועג מיטצושלעפן אַלץ מיט זיך.

איך בין געווען איינער פון די לעצטע אַריין צו גיין אין זאַל. אויף אַ קורצע רגע האָבן זיך אונזערע בליקן באַגעגנט. אויף אַ סעקונדע האָבן זיך אין זיינע אויגן אָפּגעשפיגלט פאַרוואונדערונג און שטוינונג, צער און ווייטאָג, ווען ער האָט אַרויסגעשעפּטשעט די ווערטער וועלכע איך האָב באַוויזן אויפצוכאַפּן; אויך דו, בונם שוחט׳ס אייניקל?!...

ווען איך האָב אַ סעקונדע שפּעטער געכאַפּט אַ בליק אין דער זייט, האָב איך ר׳ יוסף געזען פאַמעלעך אַוועקשפּאַנען אין דער ריכטונג צו זיך אַהיים, איין האַנט פאַרשטעקט אין גאַרטל, די צווייטע אין לינקן בוזעם, און דער קאָפּ אַריינגעצויגן, אַריינגעצויגן אין די אַקסלען, נאָך נידעריקער נידעריקער, ווי אַלע מאָל, אַראָפּ...

איך האָב דעם צערפולן בליק פון דעם אַלטן מורה־הוראה, מיטגענומען מיט זיך אויף דער פארלעזונג... איך טראָג אים מיט זיך יאָרן יאָרן לאַנג, אַפילו ביז היינט צו טאָג...

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, נאָך שבת־תשובה, איז ר׳ יוסף נפטר געוואָרן.

# ביים דריטן סדר פון אַרבעטער-רינג

## חול המועד פסח, 1992

דער אַרבעטער רינג, וועלכער האָט שוין אַריבערגעשפּרייזט 9 צענדליק יאָר פון זיין עקזיסטענץ, האָט שוין אַ טראַדיציע פון 60 יאָר, איינצואָרדענען יאָר איין יאָר אויס אין דער וואָך פון פסח, אין צוגאָב צו די צוויי סדרים וואָס יעדער איינער פראַוועט ביי זיך אינדערהיים, אויך אַ דריטן קאָלעקטיוון סדר אין איינעם פון די שענסטע האָטעלן אין ניו־יאָרק, וואָס ציען צו יעדעס יאָר ביז אַ טויזנט מענטשן, יונג און אַלט, מיט אַן אינטערעסאַנטן פּראָגראַם, וואָס נעמט אַריין גרויסע טיילן פון אונזער טראַדיציאָנעלער הגדה, מיט אַ צוגאָב פון אויסצוגן פון אונזערע בעסטע דיכטער און שרייבער, וואָס דערציילן און באַזינגען אין דיכטונג און פּראָזע די באַדייטונג פון אונזער שיינעם יום־טוב פסח, דער יום־טוב פון פרייהייט און אויסלייזונג, וואָס שוין דור דורות ווערט אונז אָנגעזאָגט דורך דער הגדה "בכל דור ודור, חייב אדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא ממצרים".

דורך אָט דעם קורצן אָנזאָג, ווערט פון אונזערע בעלי הגדה אָנגעוואונקען, צו וואַרפן אַ בריק און פאַרבינדן די גרויסע עפּאָכע פון יציאת־מצרים, מיט אונזערע היינטיקע און געשיכטלעכע געשעענישן און ראַנגלענישן פאַר אונזער קיום און אויסלייזונג פון אונזער מאַטעריעלן און גייסטיקן גלות, מיט וועלכן דורות פאַר אונז און דורות שפּעטער, ביז היינט, זיינען נאָך אַלץ פאַרוויקלט אויפצוהאַלטן אונזער יידישער אידענטיטעט אין אַ ים פון שנאה, אַנטיסעמיטיזם און אומרעכט, וואָס שפּרייט זיך נאָך ליידער אויס, איבער פעלקער, לענדער און קאָנטינענטן.

דער היינטיקער דריטער סדר פון אַרבעטער רינג, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 4טן טאָג חול־המועד פסח אין הילטאָן האָטעל, ביי קיין עין־הרע אַ גרויסן עולם פון יונג און אַלט, האָט נאָך געהאַט אָפּצוצייכענען דריי וויכטיקע דאַטעס, וואָס יעדער איינער פון זיי האָט זיך זיין געשיכטלעכע חשיבות, וואָס טאָר נישט פאַרזען ווערן אין אונזער געזעלשאַפטלעכן אַרום.

1) ס'איז געוואָרן 60 יאָר זינט דער אַרבעטער־רינג האָט אָנגעהויבן פּראַווען דעם דריטן סדר. 2) 75 יאָר זינט עס זיינען ענטשטאַנען די אַרבעטער־רינג יידישע שולן. די דריטע דאַטע איז געווידמעט אָפּצוצייכענען דעם 75טן געבורין טאָג פון דעם פאַרדינסטפולן מנהיג פון אַרבעטער־רינג, יוסף מלאָטעק.

60 יאָר איז די דאַטע, ווען דער אַרבעטער רינג האָט אין איינעם פון די עפנטליכע זאַלן אין ניו־יאָרק, איינגעאָרדנט אויך אין די חול־המועד טעג פון פסח, אַן עפנטליכן צונויפקום פון מיטגלידער און פריינד וואו מען האָט

אימפּראָוויזירט דאָס לייענען אויסצוגן פֿון דער טראַדיציאָנעלער הגדה, צוזאַמען אויך מיט די טאָג־טעגליכע פֿראַגן פֿון פּראָבלעמען און ספֿקות מיט וועלכע דאָס ייִדישע לעבן איז שטענדיק „רייך" אין יעדן צײַט אָפּשניט פֿון יאָר. מען באַמיט זיך צו געבן אַן ענטפֿער, ווי אויף די פֿיר קשיות פֿון דער הגדה, כאָטש נישט אַלע מאָל קען מען געפֿינען דעם געהעריקן ענטפֿער...

ווי עס זאָל נישט זײַן, האָבן שוין די „וועלטלעכע" אַרבעטער רינג מיטגלידער נאָך אין יענע יאָרן, מיט 60 יאָר צוריק, בײַם פּראַווען צום דריטן מאָל דעם סדר, אָפּגעהיטן דעם אָנזאָג פֿון „כל המרבה לספר ביציאת מצרים, הרי זה משובח"...

נאָכמער קומט עס צום אויסדרוק אין די ווײַטערע יאָרן ביז הײַנט צו טאָג, ווען די אַרבעטער רינג סדרים שטעלן מיט זיך פֿאָר אַ סינטעז פֿון טראַדיציע; פֿון לייענען די שענסטע קאַפּיטלען פֿון דער הגדה, אויסגעשפּילט און אויסגעזונגען פֿון אונזערע בעסטע אַרטיסטן און מוזיקער, מיט דער באַטייליקונג אויך פֿון דעם פֿײַנעם אַרבעטער רינג כאָר, פֿון איבער 50 כאָריסטן און סאָליסטן, און דאָס צונויפֿקניטלען דעם „סדר" מיט אונזערע הײַנט־וועלטיקע געשעענישן און פּאַרקומענישן פֿון אונזער צײַט, פֿריידיקע, ווי טרויעריקע, ווי אַ שטייגער: דער אויפֿקום און ענטשטייען פֿון מדינת ישראל, דער באַגײַסטערטער טאַנץ פֿון די באַרוועסע חלוצישע פּיאָנערן בײַם עראָבערן די וויסטענישן פֿון לאַנד ישראל, וואָס האָבן געלייגט די גרונד פֿונדאַמענטן פֿון דער שפּעטערידיקער מדינה, געשפּילט, געזונגען, און אויסגעטאַנצט פֿון אַ גרופּע יונגע אַרטיסטן און מוזיקער, וואָס האָט אַרויסגערופֿן שטאָלץ און פֿרייד בײַ אַלעמען.

און פֿון דעם צווייטן עקסטרעם: די רירנדע דערמאָנונג און אָפּשאַץ צום 50סטן יאָרטאָג פֿון אויפֿשטאַנד און אומקום פֿון די ייִדן אין וואַרשעווער געטאָ, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין אַ אײַנדרוקספֿולן מאָנטאַזש פֿון געזאַנג, רעציטאַציע און לירישע מוזיק.

נישט איין אויג איז געווען פֿײַכט בײַם הערן די טרויעריק לירישע קלאַנגען פֿון דעם טראַדיציאָנעלן ליד אני מאמין: „אני מאמין באמונה שלמה בביאת המשיח, ואף על פי שיתמהמה עם כל זה אחכה לו בכל יום שיבוא". אָדער בײַם הערן רעציטירן דאָס קלאַסיש־פּאָעטיש געטאָ ליד פֿון בינעם העלער: „אין וואַרשעווער געטאָ איז איצט חודש ניסן". כדאי צו ציטירן כאָטש אַ טייל פֿון דעם ליד וואָס וועט אַרײַן אין דעם פּאָנטעאָן פֿון אונזער טרויעריקער שואה ליריק:

